# דער דרך פֿון שלום עליכם אינסטיטוט

## אַ היסטאָרישער איבערבליק

## (1913 — 1971)

שאול גוטמאַן
רעדאַקטאָר

אַרויסגעגעבן פֿון
שלום עליכם פֿאָלק אינסטיטוט

ניו־יאָרק, 1972 תשל"ב

# אינהאַלט



I

## צו דער געשיכטע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט



II

## טעאָריע און פּראַקטיק



III

## דאָקומענטן, מאַטעריאַלן און בילדער

## IV

## אָפּקלאַנגען אין דער פּרעסע



## V

## לערער און טוער אין שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# פאָרוואָרט

מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן די דאָזיקע געשיכטע אין דער צייט ווען מיר האָבן געפייערט דעם פופציקסטן יאָרטאָג פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט (אין 1968). אָבער ווי ס׳געשעט אַ סך מאָל, האָבן מיר געהאַט אַ ריי פּראַקטישע שוועריקייטן, און דאָס בוך איז ערשט פאַרטיק געוואָרן איצט צום 59סטן יאָר, זייט אונדזער ערשטע שול איז געגרינדעט געוואָרן, אויפן 54סטן יאָר זייט עס איז עטאַבלירט געוואָרן דער שלום עליכם פאָלק אינסטי־טוט, און 50 יאָר זייט קעמפּ בויבעריק איז דערעפנט געוואָרן.

די דאָזיקע געשיכטע איז, אין אַ סך פּרטים, אומגעוויינטלעך — פּונקט אַזוי ווי ס׳איז אומגעוויינטלעך די אַנטוויקלונג פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. דער קוואַנטיטאַטיווער סאָציאָלאָג, דער וואָס גריבלט זיך אין סטאַטיסטיקעס, וועט דאָ געפינען ווייניק שפּייז פון דעם מין. אָבער יענע וואָס זיינען פאַר־אינטערעסירט אין דעם ווי אַזוי גרופּעס קענען פאַרשטאַרקן און פאַרמערן די פעאיקייטן פון זייערע יחידים־מיטגלידער; יענע וואָס אָנערקענען אַז אין מענטשלעכע באַמיאונגען קען דער טאָטאַלער רעזולטאַט זיין אַ סך גרעסער ווי די סומע פון די באַזונדערע טיילן — יענע וועלן אין דעם בוך געפינען אַ רייכן מאָלצייט.

עס איז דאָ אַ טיפער באַדייט אין דעם פאַקט וואָס דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט איז געבוירן געוואָרן פינף יאָר שפּעטער ווי די ערשטע שול איז געגרינדעט געוואָרן. די אָרגאַניזאַציע איז אַרויסגעוואַקסן פון דער פּראַקטישער נויט, פּונקט ווי די באַזונדערע שולן וואָס זיינען געבוירן געוואָרן פריער. די דרינגענדיקע נויט איז, נאַטירלעך, געקומען פריער, און ערשט דערנאָך איז געקומען די פילאָסאָפישע און פעדאַגאָגישע באַרעכטיקונג.

הגם אַ סך אינטעלעקטואַלן און לערער האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזערע שולן, און אין אונדזער אָרגאַניזאַציע — פונ־דעסטוועגן זיינען עס געווען פאָלקסמענטשן — די עלטערן פון די קינדער וואָס האָבן באַזוכט די שולן — וואָס האָבן געגעבן די שטויס־קראַפט אין דעם פּראָצעס. מער: די דאָזיקע פאָלקסמענטשן — בעל־מלאכות, סוחרים, אַרבע־טער פון אַלערליי פּאָליטישע איינשטעלונגען — זיי האָבן געהאַט דאָס לעצטע וואָרט צי מ׳זאָל אָננעמען, אָפּוואַרפן, אָדער מאָדיפיצירן די רעקאָמענדאַציעס פון די פּראָפעסיאָנאַלן און עקספּערטן. ווייל אין לעצטן סך־הכל האָט עס זיך געווענדט אין דער פאַרוואַלטונג פון יעדער אינדיווידועלער שול, אָדער פון קעמפּ, אָדער פון אינסטיטוט גופא — אַ פאַרוואַלטונג וואָס איז באַשטאַנען פון די דאָזיקע איבערגעגעבענע פאָלקסמענטשן — וואָס עס זאָל זיין דער אַנט־גילטיקער באַשלוס בנוגע אַ נייער אידעע, אַ טעטיקייט אָדער פונקציע.

די בעסטע לעקציע וואָס איך האָב אַמאָל געלערנט בנוגע אָנטיילנעמענ־דיקער דעמאָקראַטיע, איז געווען מיין דערפאַרונג ווי אַ נייער מיטגליד אין דער בויבעריק־קאָמיסיע פון אינסטיטוט, מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק. איך בין געווען לייבוש לעהרערס אַ תלמיד אין מיטלשול און אַ קעמפער אין בויבעריק במשך אַ סך יאָרן, און איך האָב געקראָגן אַ טיפן דרך־ארץ פאַר אים ווי אַן אידעאָלאָג, ווי אַ לערער און אינאָוואַטאָר. איצט, ווי אַ פאַראינטערעסירטער מענטש, און אַ טאַטע פון קעמפּערס, האָט מען מיך פאַרבעטן זיך אָנצושליסן אין דער קעמפּ־קאָמיסיע. ביי דער ערשטער זיצונג וואָס איך האָב באַזוכט, האָט לייבוש לעהרער שטורעמדיק פאַרטיידיקט אַן ענדערונג אין פּראָגראַם וואָס ער האָט געהאַט איינגעפירט אין קעמפּ מיט איין סעזאָן פריער — און ער איז געוואָרן געצוואונגען דורך דער קאָמיסיע צוריקצוציען, טיילווייז, צו דער פריערדיקער פּראַקטיק.

וואָס עס האָט מיך אַזוי באַאיינדרוקט אויף דער זיצונג איז נישט געווען בלויז דאָס וואָס דער פּראָפעסיאָנאַל האָט זיך געדאַרפט צוהערן צום הדיוט, נאָר דער עיקר דאָס וואָס די דאָזיקע אַרבעטער און קרעמער האָט מיט זייער וויסן און אינטעלעקטועלער פעאיקייט איבערצייגט דעם פּראָפעסיאָנאַל, אַז זיי זיינען וואַרשיינלעך גערעכט. וואָרעם זיי זיינען נישט געווען, בשום־אופן נישט, קיין געוויינטלעכע מענטשן. במשך די יאָרן האָב איך אויסגעפונען אַז דער פאַרזיכערונגס־אַגענט איז אויך געווען אַ פּאָעט און אַ נאָוועליסט, אָדער קענער פון פאָלקס־מוזיק, אָדער חזנות; אַז דער דענטיסט איז געווען אַ תלמודיסט; דער הייזער־בויער — אַ ליטעראַטור־קריטיקער; דער שטריקער — אַ פּעדאַ־גאָג; דער אָפּטייקער — אַ פּאָעט; דער מאַטריצן־מאַכער — אַ דראַמאַטורג; די הויזפרוי — אַ קאָמפּאָזיטאָר אָדער אַן אַקטריסע, אָדער אַ קינסטלערין, אאַז״וו.

דער עבר איז געשיכטע, אָבער ער איז אויך דער יסוד אויף וועלכן ס'בויט זיך די צוקונפט. דעריבער זעען מיר אַז איצט ווען ס'הייבן זיך אָן באַווייזן אין אונדזערע שולן און אין קעמפּ די אייניקלעך פון אונדזערע ערשטע תלמידים, — איצט גייט אָן אַ פּראָצעס פון ענדערונגען. דער רוב פון אונדזערע תלמידים, אין די ערשטע יאָרן, וואָס זיינען געקומען אין די שולן, האָבן געקענט רעדן יידיש. אַפילו אין די 30ער יאָרן זיינען נאָך אַ סך קינדער געקומען אין די שולן מיט אַ שטיקל באַקאַנטשאַפט מיט דער שפּראַך. און אַפילו אין די 40ער יאָרן זיינען מערסטע היימען פון וואַנען אונדזערע תלמידים זיינען געקומען נאָך געווען יידישלעך.

אין די לעצטע יאָרן אָבער קוקט עס אויס אַז די עלטערן נייטיקן זיך נאָך מער ווי די קינדער אין אַ יידישער דערציאונג. און אָט צו דער דאָזיקער אויפגאַבע מוזן מיר איצט ווידמען אונדזערע כוחות און רעסורסן. אַן אָנהייב אין דער ריכטונג איז שוין געמאַכט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון

אונדזער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר שואל גוטמאַן, וועלכער רעדאַגירט אונדזער צווייַ־חדשימדיקן זשורנאַל „דרך״. נאָך באַמיאונגען אויף דעם שטח ווערן פּלאַנירט.

אין נאָמען פון שלום עליכם פֿאָלק אינסטיטוט וויל איך אויסדריקן מיין אָפּשאַצונג און דאַנקבאַרקייט צו אַלע — צי זייערע נעמען זיינען פאַראַן אויף די בלעטער פון בוך אָדער נישט — וואָס האָבן אַזוי ברייטהאַרציק זיך געווידמעט אונדזערע שולן און אונדזער באַוועגונג; צו די שרייבער און איבערזעצער וואָס האָבן מיטגעהאָלפן ביים צוגרייטן דאָס בוך; צו די אַלע ביישטייערער וואָס האָבן באַזאָרגט די פינאַנציעלע מיטלען כדי צוצוגרייטן די דאָזיקע געשיכטע; צו שואל גוטמאַן — מער פאַר אַלץ — וועלכער האָט אַזוי אָפט געאַרבעט איבער זיינע פּראָפעסיאָנעלע התחייבותן לטובת דעם אינסטיטוט און זיינע שולן.

עדי סאָלאָמאָן, פּרעזידענט
שלום עליכם פֿאָלק אינסטיטוט

# פון רעדאַקטאָר

במשך די לעצטע יאָרן, ווי באַקאַנט, שטייט אין דער אָנפֿי־רערשאַפט פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט דער צווייטער דור — וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין אַמעריקע. אַ סך פון די יונגע שול־טוער און לערער זיינען נישט באַקאַנט מיט דער אידעאישער און פּראָגראַמאַטישער עוואָלוציע וואָס די שלום עליכם שולן האָבן — זייט זייער גרינדונג אין 1913 — דורכגעמאַכט, און אויך נישט מיט די סיבות וואָס האָבן גורם געווען די דאָזיקע ענדערונגען. אין 1968, ווען מען האָט געפייערט דעם 50־יאָריקן יובל פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט (דער אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן אין 1918), האָט די אַדמיניסטראַציע באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ גע־שיכטע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די דערציאונגס־פילאָסאָפיע, די עוואָלוציע פון קוריקולום, די ראָלע און אויפטוען פון די שלום עליכם שולן אין דער געשיכטע פון יידיש־וועלטלעכער דערציאונג אין אַמעריקע. די 41סטע ש״ע שול־קאָנפערענץ וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מאַי 1969, אין ניו־יאָרק, האָט באַשטעטיקט און באַגריסט דעם דאָזיקן באַשלוס.

ס׳האָט אָבער גענומען אַ סך לענגער ווי מיר האָבן געוואָלט, דעם באַשלוס צו רעאַליזירן. עס זיינען במשך די לעצטע דריי יאָר אַוועק אין דער אייביקייט עטלעכע אַקטיווע וועטעראַנען־לערער און טוער, און דערצו האָבן מיר אויך נישט געהאַט די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן אַרויסצוגעבן דאָס בוך. דערפֿאַר דערשיינט דאָס בוך ערשט איצט.

דאָס בוך באַשטייט פון פינף טיילן וואָס שפּיגלען אָפּ די פאַר־שיידענע אַספּעקטן און עטאַפּן אין דער געשיכטע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. אַ סך יידישע פּובליציסטן און דיכטער האָבן געשריבן וועגן די שלום עליכם פאָלקשולן. ביי פאַרשיידענע געלעגנ־הייטן האָבן געשריבן אפרים אויערבאַך, ש. ניגער, יעקב גלאַטשטיין, ד״ר שלמה ביקל, ד״ר ש. מאַרגאָשעס, א. גלאַנץ־לעיעלעס, ה. לייוויק, ב. שעפנער, צביון, און אַ סך אַנדערע. מיר האָבן זיך אָבער באַגרענעצט — אין דער 5טער אָפּטיילונג פון בוך — בלויז צו עטלעכע אָפּקלאַנגען וועגן די שלום עליכם שולן אין דער יידישער פּרעסע — בלויז צו אַרטיקלען וואָס זיינען דערשינען צום 50סטן יובל פון די שולן, און צום יובל פון אינסטיטוט.

* * *

מיר האַלטן עס פאַר אונדזער חוב צו באַדאַנקען אַ ריי מענטשן וואָס האָבן מיטגעהאָלפן ביים צוגרייטן דאָס בוך. מיר דאַנקען

האַרציק די חברים עדי סאָלאָמאָן, פּרעזידענט, לייבל קעניגסבערג און סידני פּערלאָוו — וויצע־פּרעזידענטן פון אינסטיטוט, און חבר נח זינגמאַן, פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג „מתנות", פאַר זייערע סוגעסטיעס, עצות און אָנווייזונגען. אַ דאַנק קומט די חברים בוירט לעווי, אייב לאַנדאַו און ריטשאַרד העראָו, וואָס האָבן זיך באַמיט צו העלפן שאַפן די מאַטעריעלע מיטלען.

מיר דאַנקען פרוי שולמית טשאַרני, יוסף זינגער און מיין פרוי שרהקע גלאַזמאַן־גוטמאַן וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן ביים איבערזעצן אַ ריי אַרבעטן. אַ באַזונדער דאַנק דעם חבר יחזקאל ליפשיץ, אַרכיוויסט פון ייוואָ, פאַר זיין מיטהילף אין שייכות צום אָנהייב פון די שלום עליכם שולן.

ואחרון אחרון — מיין אָנערקענונג און האַרציקן דאַנק דעם פריינד יודל מאַרק פאַר זיין דערמונטערן מיך און פאַר זיינע וויכ־טיקע עצות און מיטהילף ביים פּלאַנירן דאָס בוך.

שואל גוטמאַן

ניו־יאָרק, יוני, 1972

# דער ערשטער פערטל יאָרהונדערט אין דער געשיכטע פון די שלום עליכם שולן

פון אשר פען

שלום עליכם שולן, געבוירן אין יאָר 1913, הויבן־אויף הויך די פאָן פון יידיש און יידישע שאַפונגען אויף יידיש. — בויער פון שלום עליכם שולן און פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט טוען זייער אַרבעט פאַר וועלטלעכער יידישקייט מיט איבערצייגונג און עקשנות פון פרומע יידן.

עס איז געשען אַזוי ווי עס האָט באַדאַרפט געשען! און איצט, אַז איר גיט אַ טראַכט, אַז עס זיינען פאַריבער באַלד זעכציק יאָר, זינט עס איז אין 1913 געגרינדעט געוואָרן די ערשטע שלום עליכם שול אין ניו־יאָרק, כאַפּט איר זיך, אַז עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין!

ווייל די שלום עליכם שולן, אָדער ווי זיי האָבן זיך צוערשט גערופן אומפּאַרטייאישע יידישע פאָלקשולן, האָבן געמוזט געבוירן ווערן אַרום יענער צייט, ווען עס האָט זיך אין דעם אַמעריקאַנער יידנטום אָנגעהויבן שטאַרק צו רודערן מיט דעם פּראָבלעם פון געבן יידישע קינדער אַ מאָדערנע יידישע דערציאונג. און אַ גרופּע אָנהענגער פון דער יידישער קולטור אויף יידיש, אַ גרופּע יונגע סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן, חסידים פון יידיש־וועלטלעכן אידעאָלאָג, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, האָבן דאַן אויפגעהויבן — גראָד שטיל און באַשיידן — די פאָן פון אַ יידישער שול אויף יידיש. אַ שול פאַר קינדער, וואו די יידישע שפּראַך, די יידישע ליטעראַטור און די געשיכטע פון יידישן פאָלק זאָלן געלערנט ווערן.

געשען איז דאָס אַלץ אין דער צייט, ווען עס איז נאָך געווען פריש אין זכרון פון די יידן אין אַמעריקע דער שווערער איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט דער פּאָליציי־קאָמישאָנער פון ניו־יאָרק, גענעראַל טעאָדאָר בינג־האַם, מיט זיין דערקלערונג, אַז פופציק פּראָצענט פון אַלע יוגנטלעכע פאַר־ברעכער אין ניו־יאָרק, זיינען יידישע קינדער.

די דאָזיקע דערקלערונג, וואָס גענעראַל בינגהאַם האָט געמאַכט אין אָקטאָבער, 1908, האָט שטאַרק אויפגערודערט די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט ניט בלויז אין דעם זעלביקן יאָר 1908, נאָר אויף יאָרנלאַנג שפּעטער. יידן

האָבן אָבער ניט בלויז פּראָטעסטירט קעגן דער דאָזיקער דערנידערנדיקער באַשולדיקונג, נאָר זיי האָבן זיך גאָר אַקטיוו אַ נעם געטאָן צו גאָר ממשות־דיקער אַרבעט. אין יאָר 1909 איז אָרגאַניזירט געוואָרן די צענטראַלע יידישע קהילה אין ניו־יאָרק אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ד״ר יהודה לייב מאַגנעס. עס איז גלייך אויך געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע ביוראָ פאַר יידישער דער־ציאונג און עס איז צום ערשטן מאָל אויך דורכגעפירט געוואָרן אַן אויס־פאָרשונג וועגן דעם, וואו עס האַלט ערגעץ מיט דער יידישער דערציאונג פון די יידישע קינדער אין אַמעריקע.

די דאָזיקע שטודיע איז געווען באמת אַ פּיאָנערישע. גרופּעס יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער און רבנים זיינען בוכשטעבלעך אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר, אין די יידישע געגנטן אויף דער איסט־סאַיד, און אויך אין אַנדערע געגנטן, וואו יידן האָבן געוואוינט, און אָנגעפרעגט ביי די עלטערן, וואו זייערע קינדער לערנען יידישקייט. צו יענער צייט האָבן אין ניו־יאָרק עקזיסטירט איבער 1500 חדרים, וואו די מערהייט מלמדים זיינען געווען יידן, וועלכע האָבן זיך גענומען צו מלמדות, ווייל זיי האָבן זיך צו קיין אַנדער זאַך ניט אויסגעטויגט. פיל פון די דאָזיקע יידן זיינען אינ־דערפרי געווען פּעדלער מכל המינים און ביי טאָג זיינען זיי געוואָרן „היברו טיטשערס״, קריגנדיק צען סענט פאַר „אַ לעסאָן״ (אַ לעקציע). געווען אויך גאָר אַ סך „היברו טיטשערס״, וועלכע פלעגן אין די פּאַרנאַכטיקע שעהן אַרומלויפן איבער די הייזער און „געבן לעסאָנס״. די חדרים האָבן זיך גאָר אָפט געפונען אין די סאַמע ערגסטע פּלעצער. איבער אַ שענק, איבער אַ „סאַלון״, אָדער בשכנות מיט אַ שטאַל און אַז״וו. נאַטירלעך, עס זיינען אויך געווען אַ צאָל בעסערע יידישע לערער, אָבער זייער צאָל איז געווען באַ־גרענעצט ביז גאָר.

אָט דאָס זיינען געווען די אומשטענדן, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען דאָס אַזוי־גערופענע „יידישע דערציאונגס־וועזן״ אין אַמעריקע, סיי אין ניו־יאָרק, סיי אין אַ ריי אַנדערע גרעסערע שטעט, די ערשטע פופצן, צוואַנציק יאָר פון היינטיקן יאָרהונדערט, לויט ווי עס באַשרייבט עס אַלעקסאַנדער מ. דושקין, פּיאָנער פון יידישן חינוך אין אַמעריקע, אין זיין בוך „דזשואיש עדיוקעישאָן אין ניו יאָרק סיטי״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1918.

יידישע עלטערן זיינען אין די ערשטע עטלעכע צענדליק יאָר פון 20סטן יאָרהונדערט „געווען ביזי״ מיטן צופּאַסן זיך צו אַמעריקע און דער עיקר טאַקע זיינען זיי געווען אַריינגעטאָן אין דער שטרעבונג צו זען, אַז זייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, דענטיסטן און אַז״וו. גאָר ווינציק עלטערן האָבן צו יענער צייט געטראַכט וועגן איינוואָרצלען יידישקייט ביי זייערע קינדער אין האַרצן.

דאָך אָבער זיינען געווען דאָ און דאָרטן גרופּעס אידעאַליסטן, וועלכע

האָבן געטאָן אַלץ, אַז עס זאָלן געשאַפן ווערן בעסערע רעליגיעזע נאָכמיטאָג־שולן, בעסערע תלמוד־תורהס, בעסערע, העכערע לערער־ און רבנים־סעמינאַרן.

נאַטירלעך, ניט אַלץ פּאַסירט איבערנאַכט. עס האָט גענומען שיינע עטלעכע יאָר, און עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן רודערן אין די מאָדערנע יידישע קולטור־קרייזן. און אַזוי איז עס אויך געשען, אַז אַ גרופּע יידישע אידעאַליסטן אין די בראָנקס; אַ גרופּע, וואָס האָט מיטן גאַנצן האַרצן געגלייבט אין די אויפטועון און דערגרייכונגען פון דער נייער יידישער קולטור אויף יידיש, זאָל זיך אַריינוואַרפן אין דער פּיאָנערישער אַרבעט פון אויפבויען יידישע קינדער־שולן, וואָס זאָלן הויפּטזעכלעך זיין באַזירט אויף דער יידישער שפּראַך.

די דאָזיקע יידן זיינען ניט געווען קיין טייל פון קיין בירגערלעכן אָדער אַרבעטער אָרדן. זיי זיינען ניט געווען קיין טייל פון קיין שום פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־קערפּערשאַפט. זיי זיינען בלויז געווען חסידים פון מאָדערנעם יידישן שעפערישן וואָרט, און זיי האָבן געפילט און געוואוסט, אַז זיי האָבן מיט זיך אַ גרויסע גייסטיקע אידייע. זיי האָבן געטראָגן אין זיך אין דער מאָדערנער צייט דעם דראַנג פון יידישן פאָלק, אין וועלכן עס האָט זיך געריסן צום אויסדרוק דער געבורט און אַנטוויקלונג פון אַ נייער וועלטלעכער יידישקייט. און וויסן און גדענקען דאַרף מען, אַז די קולטור אויף יידיש איז דאַן געווען אין איר סאַמע בליאונגס־פּעריאָד. עס האָבן צו יענער צייט נאָך געלעבט און געווירקט די סאַמע ערשטע און גרויסע שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור אויף יידיש, ווי מענדעלע מוכר־ספרים, יצחק לייבוש פּרץ און שלום עליכם. און אויך אין אַמעריקע האָט צו יענער צייט זיך שוין שטאַרק גערודערט אויף דער יידישער ליטעראַרישער גאַס. פאַרשיידענע גרופּעס האָבן אָנגעהויבן אויפצוקומען, צווישן זיי אויך די גרופּע „יונגע", און שפּעטער אויך די „אינזיכיסטן" אאַז"וו. יידישע צייטונגען האָבן געבליט. די צאָל זשורנאַלן האָט זיך געמערט. און יידיש טעאַטער איז געוואַקסן. עס איז געווען אַ צייט, ווען עס האָבן אין ניו־יאָרק געשפּילט מיט איין מאָל מער ווי צען טעאַטערס אין איין לאַנגן סעזאָן. דער ענגלישער טעאַטער פון בראָדוויי איז געקומען צום יידישן טעאַטער אויף סעקאָנד עוועניו זיך לערנען ווי צו שפּילן. עס איז געווען אַ רייכע, אַ בליענדיקע, אַ וואַקסנדיקע יידישע וועלט אויף יידיש, און עס האָט זיך טאַקע ממש ווי געבעטן, אַז אַן אידעאַליסטישע באַוועגונג, אַ געוואַגטע גרופּע, זאָל קומען און זאָגן: „מיר ווילן שאַפן יידישע שולן אויף יידיש!" יידישע שולן, ווייל זיי זיינען שולן אויף יידיש, ווייל זיי זיינען יידישע שולן, וואָס קומען צום אויסדרוק ווי אַ רעזולטאַט פון דער גאַנצער יידישער שעפערישקייט אויף יידיש! און דער רעזולטאַט איז טאַקע געווען, אַז אַזאַ אידעאַליסטישע גרופּע איז געקומען און, ניט וויסנדיק אפשר צוערשט וועגן איר גרויסער היסטאָרישער שליחות, פאַרווירקלעכט דעם חלום, געשאַפן

אויף צענדליקער און צענדליקער יאָרן שפּעטער מאָדערנע יידישע שולן, באַגרינדעט אויף דער יידישער שפּראַך און יידישער ליטעראַטור!

עס רעדט זיך אָבער פיל לייכטער ווי עס טוט זיך. די שעפער פון דער ערשטער שול אויף יידיש אין אַמעריקע, און מעגלעך טאַקע אין דער גאַנצער וועלט, זיינען צוערשט ניט געווען אַזוי זיכער ביי זיך, און זיי האָבן זייער פּלאַן דורכגעפירט בהדרגה. וועגן דער גרינדונג פון דער ערשטער שול אויף יידיש דערציילט זייער אינטערעסאַנטע פאַקטן ד״ר יחיאל קלינג, וועל־כער איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער גרופּע צו גרינדן די ערשטע שול פון דעם דאָזיקן מין. ד״ר קלינג האָט זיינע דעראינערונגען פאַרעפנט־לעכט אין דעם „שולבלאַט״, מאַנאַט־שריפט פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין סעפּטעמבער, 1937. אין מאַי־נומער, 1938, דערציילט ד״ר קלינג, ווי אַזוי עס איז „אין אַ שטוב אין די בראָנקס, אויף בעטגעיט עווענױ״, זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע יידישע פאָלקס־מענטשן, כדי צו לייגן דעם גרונטשטיין פאַר דער ערשטער „נאַציאָנאַל־ראַדי־קאַלער שול״ אין די בראָנקס. „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן״, אַזוי האָבן זיך נאָך צו יענער צייט גערופן די שולן, וואָס זיינען אין 1910 געגרינדעט געוואָרן פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פון די פּועלי ציון. דער ערשטער מיטינג — דערציילט ד״ר קלינג — איז פאַררופן געוואָרן דורך יואל ענטין, וועלכער איז געוואָרן דער דירעקטאָר אָדער פּרינציפּאַל פון דער דאָזיקער שול; פון שרייבער און קולטור־טוער י. קאַמינסקי און פון קאַמינסקיס שוואָגער, חיים ליבערמאַן, וועלכער איז דאַן געווען אַ יידישער לערער און איז שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער פּובליציסט.

ד״ר יחיאל קלינג דערציילט, ווי גלייך ביים אָנהייב פון דער גרינדונג פון דער ערשטער שול, האָבן אַ צאָל חברים גערעדט אין דער שטיל, אַז די שול זאָל זיך דער עיקר אָפּגעבן מיט יידיש. אָבער די גרופּע איז געווען יונג און ניט דערפאַרן, האָט מען באַשלאָסן צו גיין לאַנגזאַם, ביז זיי וועלן זיך דערפילן שטאַרקער און דאַן אַנטוויקלען די שול אַזוי, אַז די יידישע שפּראַך און די יידישע ליטעראַטור זאָלן פאַרנעמען דעם סאַמע ערשטן פּלאַץ. ד״ר קלינג דערציילט ווייטער, ווי „בייע ווינטן האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן אויף דער יידישער גאַס. די פּיאָנער־ און אויפקלערונג־אַרבעט, אָנגעפירט פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, זיינען ניט געגאַנגען לאיבוד. דער געדאַנק פון פּראָגרע־סיוון יידישן נאַציאָנאַליזם האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען טיפער״. און די ערשטע שול איז טאַקע גאָר אין גיכן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומפּאַר־טייאישער יידישער פאָלקס־שול, ווען זי איז פון איר ערשטער ענגער דירה אויף בעטגעיט עווענױ אַריבער אין דעם גרויסן הויז אויף וואַשינגטאָן עווענױ, לעבן דער 170סטער גאַס. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביז גאָר שעפערישער פּעריאָד פאַר דער נייער באַוועגונג, וואָס האָט אין יאָר 1916 געקראָגן אָפיציעל דעם נאָמען פון שלום עליכם.

„נישטאָ קיין גלאַט צופאַלן אין לעבן, אַלץ איז געקנופּט און געבונדן!" אַזוי שרייבט ווייטער יחיאל קלינג אין זיינע מעמוארן. און אַזוי האָט עס טאַקע אויך פּאַסירט, אַז באַלד נאָך שלום־עליכמס טויט, אין יאָר 1916, האָט איינער פון די לערער אין די נייע יידישע פאָלקס־שולן, דער שרייבער לעאָן עלבע, און אַ רייע אַנדערע, פאַרגעשלאָגן ביי אַ פאַרזאַמלונג, אַז מען זאָל די נייע יידישע שול אָנרופן אויפן נאָמען פון שלום עליכם. עס איז דאַן געווען ערשט נאָך דער לוויה פון שלום־עליכמען, אַ לוויה, וואָס האָט צו יענער צייט געמאַכט דעם טיפסטן איינדרוק סיי אויף דער יידישער, סיי אויף דער אַלגעמיינער אַמעריקע. איבער הונדערט טויזנט יידישע מענער, פרויען און קינדער האָבן אַרויסבאַגלייט דעם אומשטערבלעכן יידיש־שעפער צו זיין אייביקער רו. און דער נאָמען שלום עליכם איז גאַנץ שנעל געוואָרן ווי אַ מין נאַטירלעכע קרוין פאַר דער נייער וואַקסנדיקער שול־באַוועגונג. און מיט דער צייט (דאָס איז געווען אין יאָר 1918) איז טאַקע אויך געשאַפן געוואָרן די ברייט־פאַרצווייגטע נאַציאָנאַלע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז באַרימט געוואָרן אין דער ברייטער יידישער וועלט ווי דער „שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט".

איידער אָבער מען האָט די שולן אַ נאָמען געגעבן נאָך דעם אומשטערב־לעכן שלום עליכם, האָבן די אָנפירער פון די שולן אָנגעפרעגט ביי דער שלום עליכם משפחה און געקראָגן זייער צושטימונג דערצו. ווען עס איז געקויפט געוואָרן דאָס גרויסע הויז אויף וואַשינגטאָן עווענ׳ו, איז אָלגאַ ראַבינאָוויטש, שלום־עליכמס אלמנה, פאַרשריבן געוואָרן לפנים ווי איינע פון די אייגנטימער פון דעם בנין. עס איז געווען אויך אַ צייט, ווען פיל דרויסנדיקע מענטשן האָבן געמיינט, אַז די שלום עליכם שולן און דער שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט זיינען דאָס אייגנטום פון דער שלום עליכם משפחה.

אַ צאָל פון די אָנגעזעענסטע שרייבער, פּראָזאַאיקער, דיכטער און דראַ־מאַטורגן, שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור אויף יידיש, זיינען פון סאַמע אָנהייב געשטאַנען גאָר נאָענט צו די שלום עליכם שולן. צווישן זיי: שלום אַש, אברהם רייזען, פּרץ הירשביין, מנחם, און שפּעטער אויך ה. לייוויק, מאַני לייב, יעקב גלאַטשטיין, אפרים אויערבאַך, וועלכער איז אַ צייט לאַנג געווען לערער אין די דאָזיקע שולן. ה. לייוויק איז עטלעכע יאָר אויך געווען טעטיק ווי סעקרעטאַר פון דער שלום עליכם שול, אין וועלכער זיינע קינדער האָבן זיך געלערנט. גאָר אינטערעסאַנט איז אויך צו דערמאָנען, אַז יצחק בן־צבי, וועלכער איז מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן איינער פון די פּרעזידענטן פון מדינת ישראל, איז געווען אַ העברעאישער לערער אין די שלום עליכם שולן. בן־צבי איז, ווי באַוואוסט, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען צוזאַמען מיט דוד בן־גוריונען אין אַמעריקע.

באַלד, נאָך דעם אויפקום פון דער ערשטער שול, זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן די שולן נומער צוויי און נומער דריי. עס נעמט אויך גאָר ניט לאַנג,

און מען הייבט אָן רעדן, אַז מען זאָל פאַרוואַנדלען די שולן אין לערן־אינסטי־טוציעס, וואו אַנשטאָט לערנען איין מאָל אָדער צוויי מאָל אַ וואָך, זאָל מען לערנען פינף מאָל אַ וואָך. אייניקע רופן אַפילו אָן אַזעלכע שולן „טאָג־שולן״, ווייל מען לערנט אין זיי פינף נאָכמיטאָגס אַ וואָך.

אַ גאַר וויכטיקע אַנטוויקלונג אין דער געשיכטע פון די שלום עליכם שולן איז דער פאַקט, וואָס אַ צאָל פון אירע וויכטיקסטע פירער האָבן זיך באַוויזן אויף דער אַרענע פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע צוזאַמען מיט די שולן, אַזוי, למשל, איז איינער פון די הויפּט־פירער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט אַרויסגעקומען צוזאַמען מיט דער שול דריי. דער דאָזיקער פירער איז ניט קיין אַנדערער, ווי לייבוש לעהרער, וועלכער איז ביזן סוף פון זיין פרוכטבאַרן לעבן געווען פאַרבונדן מיט דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

לייבוש לעהרער, וועלכער איז אין יאָר 1918 געוואָרן אַ לערער אין דער שלום עליכם שול דריי, און איז אין יאָר 1922 אַריבער אין דער שול נומער זעקס, איז געווען איינער פון די הויפּט־אַרכיטעקטן פון דעם גאַנצן שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט און איינער פון די גרינדער פון קעמפּ „בויבעריק״.

אַ יינגערער ברודער פון לייבוש לעהרער, ליפּע לעהרער, איז געוואָרן אַקטיוו אין די שלום עליכם שולן אין יאָר 1921. אין 1922 איז ליפּע לעהרער געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון „קינדער זשורנאַל״, וואָס דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן. דער אומדערמידלעכער בויער און טוער פון די שלום עליכם שולן, י. קאַמינסקי, האָט געגרינדעט, אין יאָר 1925, דעם פאַרלאַג „מתנות״, וואָס האָט אין משך פון די קומענדיקע עטלעכע צענדליק יאָר אַרויסגעגעבן אַ באַדייטנדיקע צאָל ביכער סיי פאַר קינדער, סיי פאַר דערוואַקסענע. אויך ליפּע לעהרער איז, פּונקט ווי זיין ברודער, לייבוש לעהרער, פאַרבליבן טעטיק מיט דעם שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט און מיט די שלום עליכם שולן, ביז דעם סוף פון זיין לעבן.

די שלום עליכם שולן זיינען כסדר געוואַקסן אין צאָל, און אין דעם בלי־פּעריאָד זייערן, אין יאָר 1938, ווען עס איז געוואָרן 25 יאָר זינט די ערשטע שלום עליכם שול איז געגרינדעט געוואָרן, האָבן עקזיסטירט 25 שלום עליכם שולן. און כאָטש די דאָזיקע שולן זיינען צוערשט געגרינדעט געוואָרן אין די בראָנקס, און מ׳האָט זיך אַפילו געוויצלט, אַז די שלום עליכם שולן־באַוועגונג איז אַ „בראָנקסער פּראָדוקט״, איז די צאָל שולן אין 1938 געווען גרעסער אין ברוקלין ווי אין די בראָנקס. אין די בראָנקס האָבן דאַן עקזיסטירט שלום עליכם שולן לויט זייערע נומערן, ווי פאָלגט: שולן 1, 2, 4, 5, 10, 20, 21, 26 און 45. אין ברוקלין: שולן 6, 9, 11, 12, 13, 14, 15, 16, 17, 19 און 34. אין מאַנהעטען האָבן זיך געפונען די שולן 24 און 29. צוויי שלום עליכם שולן האָבן צו יענער צייט זיך געפונען אויסער ניו־יאָרק: איינע אין פּערט עמבאָי, ניו־דזשוירזי, און די צווייטע אין האַיטסטאַון, אויך אין ניו־דזשוירזי־סטייט.

די מיטלשול האָט זיך געפונען אויף נומער זיבן איסט 15טע גאַס, אין מאַנהעטען.

אַ צאָל פון די סאַמע וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע טוער און פירער פון די שלום עליכם שולן זיינען געקומען פון צווישן די עלטערן, וועמענס קינדער האָבן געלערנט אין די דאָזיקע שולן. און דערפאַר איז ממש אָטעם־פאַרכאַפּנדיק די אויפדעקונג, ווען איר לייענט אין די אַמאָליקע באַריכטן פון די דאָזיקן שולן אַזאַ מין סאָרט נאָטיץ:

„שלום עליכם פאָלקשול 15, 844 יוטיקאַ עוועניו, ברוקלין, האָט זיך געעפנט אין יאָר 1928. די גרינדער פון דער שול זיינען געווען די חברים בעלאָווס, באַסיק, גאָלדשמיט, יעבץ, יורמאַן, מאַנדעל, ניגער, סיימאָן, סאַקס, פיש און אַ ריי אַנדערע".

איבעריק צו זאָגן, אַז מיט דעם נאָמען „ניגער" מיינט מען דאָ צו זאָגן ש. ניגער, דעם גרויסן קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, וועלכער האָט זיך נאָך מער און נאָך שטאַרקער פאַראינטערעסירט אין די שלום עליכם שולן צוליב זיינע אייגענע קינדער.

און אויב דאָס אַלץ איז נאָך ניט גענוג, איז אויך גאָר אינטערעסאַנט אַ וויכטערדיקע אייגצלהייט אין דער זעלבער נאָטיץ אין „שולבלאַט" פון מאַי, 1938, אויף זייט 14:

„די ערשטע לערערין פון שול 15 איז געווען חברה ב. טשאַרני (פרוי ניגער). זי האָט געלערנט אין דער שול דריי יאָר. די שול איז אין יענער צייט געווען זייער טעטיק און אַקטיוו. אין שול 'האָט געזונגען' דער באַקאַנטער כאָר־דיריגענט לעאָ ליאָוו".

פון דער זעלבער נאָטיץ דערוויסן מיר זיך אויך (אויב איר האָט דאָס פריער ניט באַמערקט), אַז פון צווישן די עלטערן אין דער זעלבער שול 15, איז אַרויסגעקומען נאָך איינער פון די וויכטיקסטע פירער און וואָרטזאָגער פון דער שלום עליכם שול־באַוועגונג, ד"ר ש. סיימאָן. אַן אַנדער נאָטיץ וועגן דער זעלבער שול 15 אין ברוקלין, דערציילט, אַז:

„אין יאָר 1931 איז דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג, י. וואָל, געוואָרן דער לערער פון דער שול. אונטער וואָלס פירערשאַפט האָט שול 15 גע־פייערט אַ יום־טוב לכבוד דער דערשיינונג פון ש. סיימאָנס קינדער־בוך 'שמערל נאַר'."

נאָך אַ ביז גאָר וויכטיקער טוער און פירער פון די שלום עליכם שולן איז אַרויסגעקומען פון צווישן די עלטערן, און דאָס איז י. ד. בערג, וועלכער איז יאָרן־לאַנג געווען אַ ביז גאָר אויפטועריש ער פּרעזידענט פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

י. ד. בערג איז געווען איינער פון די גרינדער פון שלום עליכם שול נומער 13 אין ברוקלין. די ערשטע זיצונג וועגן דער גרינדונג פון דער דאָזיקער שלום עליכם שול איז פאָרגעקומען טאַקע ביי בערגן אין הויז.

אין דער מעיפּלטאָון פּאַרק געגנט, אין ברוקלין. דאָס איז געווען אין סעפּ־טעמבער, 1923. צווישן די עלטערן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער גרינדונגס־זיצונג, איז אויך געווען ש. דינגאָל, איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע פּובליציסטן, וועלכער איז עטלעכע יאָר צייט געווען דער רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער יידישער צייטונג אין ניו־יאָרק, „דער טאָג״.

אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן דער שלום עליכם שול־באַוועגונג און וועגן די פאַרשיידענע כאַראַקטער־שטריכן אירע, דערוויסן מיר זיך פון אַ באַשריי־בונג וועגן דער שול אין פערט עמבאָי, ניו־ידזשוירזי, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם „שולבלאַט״ פון די שלום עליכם שולן, אין 1938. אין דעם דאָזיקן געשיכטע־קאַפּיטל ווערט דערציילט, אַז אין פערט עמבאָי איז נאָך אין יאָר 1914 געווען אַ יידישע קינדער־שול, אָנגעפירט פון דעם לאָקאַלן צווייג פון אַרבעטער־רינג. מען האָט אין דער דאָזיקער שול געלערנט שבת און זונטיק. דער לערער איז געווען מלך עפּשטיין, וועלכער איז יאָרן שפּעטער געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט״. די דאָזיק שול האָט אָבער עקזיסטירט ניט מער ווי אַכט חדשים און זי האָט זיך פאַרמאַכט. דער קאָרעספּאָנדענט גיט־אָן וויטערדיקע איינצלהייטן און באַריכ־טעט, אַז אין אָקטאָבער, 1920, האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג צו גרינדן אַ שלום עליכם שול אין פערט עמבאָי, ניו־דזשוירזי, ווייל „מיר האָבן איינ־געזען, אַז אין אונדזער שטעטל קען ניט לעבן קיין שול, וואָס זאָל זיין אָנגע־שלאָסן אין אַ געוויסער פּאָליטישער גרופּע. איז אפשר גאָר ביי אונדז אין שטעטל געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון אַ פּאַראייניקטן יידישן קולטור־פראָנט ?! מיר האָבן באַשלאָסן, אַז די שול מוז זיין אַן אומפּאַרטייאישע, אַז אַרום דער שול מוזן זיך גרופּירן אַלע לעבעדיקע און אַקטיווע עלעמענטן. דערפאַר טאָקע האָבן מיר זיך אָנגעשלאָסן אין שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט״.

מען דאַרף אָבער אַלץ ניט מיינען, אַז דער וועג, אויף וועלכן עס זיינען געגאַנגען די שלום עליכם שולן און דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, איז געווען אַזאַ לייכטער. ערשטנס, איז די אַרבעט כסדר געווען באַגלייט מיט זאָרג וועגן די מינימאַלסטע אויסגאַבן, ווייל דירה־געלט און שכירות דעם לערער האָט מען אַלעמאָל געמוזט צאָלן. און קיין גרייטע געלטער אָדער סוב־סידיעס פון דרויסן זיינען קיינמאָל ניט געווען. מען האָט באַדאַרפט גיין אויף דעם אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג פון זאַמלען בייסטייערונגען און אויף איינמאָנען שכר־לימוד, צי פון די קינדער, צי פון די עלטערן. דערפאַר האָט ביי יעדער שול געמוזט עקזיסטירן „אַ פאַרוואַלטונג״, וועלכע האָט אַלעמאָל, טאָקע אין פולן זינען פון וואָרט, „געמוזט זאָרגן״, אַז זאָל זיין גענוג מזומן אויפצוהאַלטן די שול.

עס זיינען געווען אָבער נאָך גאָר אַנדערע זאָרגן; און איינע פון זיי איז געווען גאָר אַ שטאַרקע זאָרג, וואָס אויף דער אַלגעמיינער גאַס איז דער ברייטער עולם נאָך ניט געווען צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז אַ יידישע שול,

אַפּילו אַ מאָדערנע, זאָל זיין אַזאַ מין סאָרט שולע, וואו מען לערנט יידישקייט מיט הוילע קעפּ און וואו מען לערנט אינגאַנצן ניט די קינדער צו ווערן בר־מצווה און אַפילו ניט ווי אַזוי צו זאָגן קדיש. אַ היפשער טייל פון דעם ברייטן עולם איז צווישן די יאָרן פון 1913 ביז 1920, און אַפילו פון 1920 ביז 1930, נאָך ניט געווען באַהאַוונט אין דעם ענין פון וועלטלעכקייט און פון דער מאָדערנער יידישער קולטור. דערפאַר האָבן מאָדערנע יידישע שולן מכל המינים אָנגעטראָפן אויף בייזע שטימונגען פון צייט צו צייט און עס זיינען געווען פאַלן, ווען מאָדערנע יידישע שולן זיינען באַלעסטיקט געוואָרן פון די אַרומיקע פרומע יידן, וועלכע האָבן אַפילו געסטראַשעט די לערער און די שול־פאַרוואַלטער. אין דער געשיכטע פון דעם מאָדערנעם יידישן שול־וועזן אין אַמעריקע און קאַנאַדע זיינען געווען פאַלן, ווען מ׳האָט די פירער פון די דאָזיקע שולן געוואָלט אַריינלייגן אין חרם.

די אַלע דראַמאַטישע פאַקטן זיינען גוט באַוואוסט. עס איז אָבער געווען נאָך אַ פּראָבלעם, וואָס האָט פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט ביי די פירער פון די שלום עליכם שולן כמעט פון סאַמע אָנהייב־אָן. די דאָזיקע פּראָבלעם האָט געהאַט צו טאָן מיט העברעאיש, — מיט יאָ אָדער ניט לערנען די העברעאישע שפּראַך אין די שלום עליכם שולן.

אַז איר קוקט דורך די פאַרשיידענע שריפטן פון דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, און לייענט די פאַרשיידענע פּראָטאָקאָלן פון די גרעסערע און קלענערע פאַרזאַמלונגען, געפינט איר שנעל אויס, אַז דער לימוד פון דער העברעאישער שפּראַך איז כמעט אַלעמאָל געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדע־נונג. אין די זשורנאַלן, וואָס דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט אַרויס־געגעבן פון צייט צו צייט, און דעם „שולבלאַט״ איז אַפילו איינגעפירט גע־וואָרן אַ שטענדיקע אָפּטיילונג, טיטולירט „יידיש און העברעאיש״.

„פאַרוואָס לערנט מען ניט קיין העברעאיש אין אונדזערע פאָלק שולן? העברעאיש איז דאָך דער שליסל צו אונדזער אַלטער קולטור. אָן העברעאיש קען מען ניט זיין קיין יידישער אינטעליגענט!״

אַזוי פרעגט איינער אַ שול־טוער, וועמענס איניציאַלן זיינען י. ח., פון שול 15, אין ברוקלין.

און עס ווערט טאַקע דערביי אויך אָנגעגעבן דער ענטפער, וועלכן מיר גיבן דאָ איבער ווערטערלעך, ווי פאָלגט: „אפשר זענט איר גערעכט, אַז העברעאיש איז דער שליסל צו אונדזער אַלטער קולטור און אַז אָן העברעאיש קען מען ניט זיין קיין יידישער אינטעליגענט. איר פאַרגעסט אָבער, אַז עס איז ניט די פונקציע פון אַ פאָלקשול צו דערציען אינטעליגענטן. אַ פאָלק־שול באַנוגנט זיך מיט אַ מינימאַלער פּראָגראַם. אין די שלום עליכם שולן לערנען מיר מיט די קינדער יידיש, יידישע געשיכטע, יידישע ליטעראַטור, העברעאישע עלעמענטן אין יידיש. מיר דערציילן וועגן יידישע יום־טובים, יידישע מנהגים״.

אָט דאָס איז אַ טייל פון דעם לענגערן ענטפער, אין וועלכן די שול־פאַרוואַלטונג דערמאָנט אויך דעם אָנפרעגער, אַז: „פאַרגעסט ניט, אַז די קינדער פאַרברענגען אין דער יידישער שול ניט מער ווי אַ שעה אַ טאָג, נאָכמיטאָג, אָדער אין אָוונט. די קינדער זיינען דאָן שוין מיד פון דער ׳פּאָבליק־סקול׳. צוצוגעבן צו די דערמאָנטע לימודים נאָך העברעאיש אויך, איז דאָך אַפילו פיזיש אוממעגלעך". און די פאַרוואַלטער אָדער די פירער־שאַפט פון די שלום עליכם שולן גיבן דערביי צו נאָך פאָלגנדיקע אינפאָר־מאַציע: „אין אונדזערע מיטלשולן לערנען מיר מיט די קינדער העברעאיש, תנ"ך, אויסצוגן פון תלמוד. פון דער מיטלשול ווילן מיר שוין אַרויסגעבן אַן אינטעליגענטע יוגנט. אָבער פאַר דער פאָלקשול, פאַר דער עלעמענטאַרער־שול איז דאָס אַ צו הויכע פאָדערונג. אירע צילן זיינען אַ סך באַשיידענערע".

ווי סע זעט אויס, זיינען די פירער פון די שלום עליכם פאָלק שולן אויך געווען שוין היפש באַזאָרגט וועגן דעם בר־מצווה עניך. עס הייסט, יינגלעך גייען אין „אַ יידישער שולע", און וועגן בר־מצווה איז אַפילו קיין רייד ניטאָ.

און דער ענטפער איז אין אָקטאָבער, 1937, געווען ווי פאָלגט: „איר פרעגט, פאַרוואָס גרייטן מיר ניט צו די קינדער צו בר־מצווה? דער בר־מצווה לימוד וואָלט אונדז אַריינגעבראַכט אַ סך קינדער אין די שולן". און דער ענטפער איז ווי פאָלגט: „וואָס עפּעס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט אויף בר־מצווה? פאַרוואָס עפּעס ניט לערנען זאָגן קדיש און טאָקע דאַווענען? דער יידישער עולם וויל עס זייער שטאַרק. אַ סימן האָט איר, אַז מער קינדער באַזוכן די תלמוד־תורה, ווי די וועלטלעכע שולן. אָבער מיר זיינען דאָך וועלטלעכע שולן, ניט קיין רעליגיעזע. און מיר דאַרפן דאָך אייך ניט דער־קלערן דעם אַלף־בית פון אונדזער יידיש־וועלטלעכער פּראָגראַם".

אַז די דאָזיקע פראַגן און ענטפערס זיינען ניט געווען קיין צופעליקע געשעעניש קען געדרונגען ווערן דערפון, וואָס אין דער אויסגאַבע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט איז געשאַפן געוואָרן אַ שטענדיקע אָפּטיילונג פון די דאָזיקע שאלות ותשובות. „שולבלאַט", די מאָנאַט־שריפט, איז פון סעפּ־טעמבער, 1937 ביז יוני, 1938 דערשינען אין גרויסן פאָרמאַט, ענלעך צו דער „פרייע אַרבעטער שטימע". די רעדאַקציע פון זשורנאַל איז באַשטאַנען פון דעם לערער יוסף וואָל, פון דיכטער ג. ב. מינקאָוו און פון שלמה סיימאָן. שפּעטער, ווען די אויסגאַבע האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין דעם רעגלמעסיקן פאָרמאַט פון אַ זשורנאַל, איז דער רעדאַקטאָר שוין געווען ד"ר שלמה סיימאָן און דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר — מ. בזשאָזע, וועלכער האָט פאַר עטלעכע יאָר צייט פאַרנומען דעם אַמט פון עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר. בזשאָזע האָט אויך אָנגעפירט מיט די פראַגן און ענטפערס אַרום די שלום עליכם שולן. צווישן די כסדרדיקע מיטאַרבעטער פון „שולבלאַט" האָבן זיך געפונען: שמואל ניגער, אברהם רייזען, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, א. גלאַנץ־לעיעלעס, לייבוש לעהרער, ד"ר שלמה סיימאָן, מרדכי יאָפע און אַ ריי אַנדערע.

צווישן די שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט ווי לערער אין די שלום עליכם שולן, האָבן זיך אויך געפונען: י. גויכבערג, ל. כאַנוקאָוו, י. ל. ראַבינער, ל. שפּיטאַלניק, און אַנדערע.

אין אַלגעמיין מוז אָנגעוויזן ווערן, אַז אַרום די שלום עליכם שולן האָט זיך גלייך פון סאַמע אָנהייב אַנטוויקלט אַ שטאַרקע אַקטיוויטעט ניט בלויז צום לערנען יידישקייט מיט די קינדער, נאָר עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ גאַנצע באַוועגונג פון דערציאונג פאַר דערוואַקסענע. פאַרשיידענע קורסן זיינען איינגעפירט געוואָרן, לייען־קרייזן און דיסקוסיע־גרופּעס. עס זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן ביבליאָטעקן און עס איז מיט דער צייט אַנטוויקלט געוואָרן אַ גאַנץ נייע אידייע: ניט די שולן זיינען געווען אַ טייל פון דער באַוועגונג, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די אַרבעטער־רינג־שולן און מיט די פאַרבאַנד־שולן, נאָר פּונקט פאַרקערט: עס האָט זיך געשאַפן אַ גאַנץ־באַדייטנדיקע באַוועגונג אַרום די שולן און מיט די שולן.

שרה ליבערט, באַוואוסטע יידישע קינדער־שרייבערין, איז געווען צווישן די אַקטיוווסטע פרויען אין דער געשיכטע פון דער שלום עליכם שול־באַוועגונג. זי איז עטלעכע יאָר כסדר געווען די פּרעזידענטין פון דער ש״ע פרויען־אָרגאַניזאַציע און איז עטלעכע יאָר אויך געווען אַ לערערין אין די שולן.

אַ סך, גאָר אַ סך, איז פּראָפּאָרציאָנעל צו די אַנדערע טיפּן שולן, געשריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע אויסגאַבן וועגן די שלום עליכם שולן. און וויפל מ׳האָט ניט געשריבן, שטעלן מיר זיך פאָר, אַז אין דער צוקונפט וועט נאָך מער געשריבן ווערן. און דאָס איז אָן שום ספק דערפאַר, ווייל די שלום עליכם שולן שטעלן מיט זיך פאָר אַ טיפּן און שטאַרקן אויסדרוק פון די געפילן און איבערצייגונגען פון אַ היפּשן טייל יידישע פאָלקס־מענטשן, און גאָר באַזונדערס פון דער מאָדערנער יידישער אינטעליגענץ אויף יידיש. די אָנהענגער פון דער יידישער קולטור אויף יידיש האָבן מיט אַ מין רעליגיעז־יידישן ברען זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו פאַרווירקלעכן זייערע אידעאַלן. ווייל אין דער אמתן האָבן די מאַסן יידן, ביי וועמען יידיש און די יידישע קולטור זיינען דער העכסטער אויסדרוק פון זייערע רוחניותדיקע, פון זייערע גייסטיקע חלומות — זיי האָבן קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז זיי זיינען מיט זייער וועלטלעכער יידישקייט געוואָרן שוואַכערע יידן ווי זייערע פרומע טאַטעס. פּונקט פאַרקערט! די דאָזיקן יידן האָבן זיך געפילט ווי הייסע יידן, אָבער אויף אַ מאָדערנעם שטייגער. און מיר אַלע געדענקען נאָך, אַז ווען מיר האָבן געקעמפט פאַר יידיש, פאַרן יידישן געדרוקטן וואָרט, פאַר דער יידישער דערציאונג אויף יידיש, האָבן מיר געפילט אַז מיטן יידישן לשון פאַרקניפּן מיר אויף אייביק אונדזערע קינדער מיטן יידישן פאָלק.

לייענענדיק וועגן דער געשיכטע פון די ערשטע 25 יאָר, אַ פערטל יאָר־הונדערט פון דער עקזיסטענץ, וואוקס און אַנטוויקלונג פון די שלום עליכם שולן, פון דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט — די מוטער־אָרגאַניזאַציע

פון אַלע שולן — געפינט איר אויס ווי גרויס עס איז געווען דער פאַרנעם פון די פּלענער פון דער דאָזיקער שול־באַוועגונג. איר לייענט דעם באַריכט, וואָס עס האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם גרויסן „שול אַלמאַנאַך" אין יאָר 1935 ליפע לעהרער, און איר געפינט אויס פיל נייע וויכטיקע אייגנצלהייטן. איר דערוויסט זיך, למשל, אַז די שלום עליכם שולן זיינען געווען די ערשטע איינצופירן לימודים פון טאַנץ, געזאַנג, קלעפּן און מאָלן. דער ערשטער אימפּאַזאַנטער יידישער קינדער־כאָר אין ניו־יאָרק איז געווען דער כאָר פון די שלום עליכם פאָלק שולן, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם מוזי־קער י. פּיראָזשניקאָוו. דער כאָר פלעגט אויפטרעטן אויף די אַמאָליקע פייערלעכע שלום עליכם־יאָרצייטן, אָרגאַניזירט פון דער געוועזענער „שנאָ־רער"־אָרגאַניזאַציע.

די באַוועגונג אַרום די שלום עליכם שולן האָט אַזוי אויסגענומען, אַז דער פאָלקס־אוניווערזיטעט, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אַרום יענער צייט פון אַ גרופּע קולטור־טוער, איז אין יאָר 1918 געוואָרן אַ טייל פון דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. איבער הונדערט יונגע יידישע מענער און פרויען, מערסטנס אַרבעטער אין פאַרשיידענע פאַבריקן, שעפּער, האָבן רעגל־מעסיק באַזוכט די לעקציעס, וואָס מען האָט געהערט אין איוניווערזיטעט. און געלערנט האָט מען ניט בלויז די יידישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע פון יידישן פאָלק, נאָר אויך פילאָלאָגיע, ביאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע, וועלט־ליטעראַטור אאַז"וו. צווישן די לערער פון פאָלקס־אוניווערזיטעט האָבן זיך געפונען: ד"ר י. א. מעריסאָן, ד"ר יקותיאל גינזבורג, ש. ניגער, לייבוש לעהרער, מ. אָלגין, ב. צ. גאָלדבערג, שכנא עפּשטיין, ש. זאַקס, יודאַ יאָפע, קלמן מרמר, חיים שויס און אַ ריי אַנדערע.

דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, וועלכער האָט געטאָן אַ סך פּיאָנערן־אַרבעט ניט בלויז אויף דעם אויסשליסלעך יידיש־יידישן, נאָר אויך אויף דעם אַלגעמיין־פּעדאַגאָגישן געביט, האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פּיאָנער אויף דעם געביט פון יידישע קינדער־קעמפּס. דעם שלום עליכם פאָלק אינ־סטיטוט איז געווען דער סאַמע ערשטער צו גרינדן אַ קינדער־קאָלאָניע אין דער יידישער קולטור־וועלט אין אַמעריקע. עס איז געווען אין יאָר 1919, ווען עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע קינדער־קאָלאָניע אויף אַ פאַרם אין ניו־דזשוירזי. שפּעטער ווערט די דאָזיקע קינדער־קאָלאָניע פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן קינדער־קעמפּ, וועלכן די קינדער אַליין האָבן געקרוינט מיט דעם נאָמען „בויבעריק". בויבעריק, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון לייבוש לעהרער ביזן סוף פון זיין לעבן, איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אויך אין אַ זומער־פּלאַץ פאַר דערוואַקסענע. יידישע שרייבער, דיכטער און יידישע קולטור־טוער אין אַלגעמיין, האָבן עס געהאַלטן פאַר זייערן אַ חוב און אויך פּריווילעגיע צו באַזוכן פון צייט־צו־צייט דעם זומער־קעמפּ פון דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, וואו עס האָט זיך אַנטוויקלט אַן אמתע

יידישע קולטור־אַטמאָספערע. קעמפּ „בויבעריק״ איז אַן־און־פאַר־זיך אויך געוואָרן אַ מין זומערדיקע הויכשול, פון וואַנען די געוועזענע קעמפּ־אויפ־פּאַסער זיינען מיט דער צייט אויסגעוואַקסן ווי אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן.

קעמפּ „בויבעריק״ איז מיט דער צייט געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז מ׳האָט געמוזט עפענען אַ צווייטן קעמפּ, וועלכן מען האָט אָנגערופן „ניי־בויבעריק״. מ׳האָט אָבער נאָך עטלעכע יאָר עקספּערימענטירן, באַשלאָסן צו פאַרגרעסערן דעם ערשטן אָריגינעלן „בויבעריק״־קעמפּ און „ניי־בויבעריק״ איז אויפ־געגעבן געוואָרן.

איצט, אַז מען לייענט ווייטער די געשיכטע פון די שלום עליכם שולן און פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, טרעפט איר אָן אויף פאַקטן, וואָס איר גלייבט זיך קוים, אַז מענטשן האָבן געקענט חלומען און אַפילו פּרובירן פאַרווירקלעכן זייערע חלומות פון דער יידישער קולטור אויף יידיש. אָבער אַ פאַקט איז אַ פאַקט, און די געשיכטע דערציילט אונדז, אַז דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט געהאַט אַפילו דעם כוח און דעם ווילן צו גרינדן אַ יידישע „באָרדינג סקול״ אויף יידיש אין אַמעריקע. אַזאַ פּריוואַטע טאָגשול, וואָס האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּענסיאָנאַט, וואו די קינדער האָבן געוואוינט און געלערנט, איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט אין דער קאָלאָניע „האַרמאָניע״, אין ניו־דזשוירזי. די קינדער האָבן דאָרט געלערנט אי די אַלגעמיינע וועלטלעכע לימודים, אי די יידישע לימודים אויף יידיש.

און אויב דאָס אַלץ איז נאָך ניט גענוג, האָט דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט אויך געהאַט דעם גלויבן און די געוואַגטקייט צו גרינדן „אַ נאָר־מאַלע שול״, דאָס מיינט אַ פּריוואַטע פול־טאָגיקע שול, אין די בראָנקס. אָבער פּונקט ווי מיט דעם פּענסיאָנאַט אין ניו־דזשוירזי, האָט אויך די פּריוואַטע טאָגשול אין די בראָנקס געמוזט אויפגעגעבן ווערן צוליב פינאַנציעלע סיבות, ווייל די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן פאַרערגערן.

די שלום עליכם שול־באַוועגונג, בעסער געזאָגט: די אידייע פון די שלום עליכם שולן, האָט זיך אָבער באַוויזן אויסצושפּרייטן פון ניו־יאָרק און שלאָגן וואָרצלען אין אַזעלכע גרעסערע יידישע צענטערן, ווי שיקאַגאָ, דעט־ראָיט און אויך, ווי שוין פריער דערמאָנט, אין אייניקע פּונקטן ווי ניו־דזשוירזי. זיכער וואָלט די דאָזיקע שול־באַוועגונג געווען אָרומגעכאַפּט פיל ווייטערע פּונקטן, ווען עס וואָלט געווען געשאַפן געוואָרן אַן אַל־אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע מיט צוגעגרייטע פּלענער פאַר אויסשפּרייטונג.

די שלום עליכם שולן האָבן אָבער באַוויזן אויסצושפּרייטן די אידייע, דעם געדאַנק פון אַ יידישער וועלטלעכער שול אויף יידיש איבער גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע. און ניט בלויז אידייאיש, נאָר טאַקע אויך אין ממשות־דיקע מעשים. אַזוי האָט, למשל, דער „קינדער זשורנאַל״, וואָס איז געגריב־

דעט געוואָרן ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט אין יאָר 1920, זיך אַרויס־געוויזן צו זיין אין משך פון איבער פיר צענדליק יאָר דער בעסטער זשורנאַל פאַר קינדער אין דער יידישער שפּראַך. ש. ניגער, דער באַרימטער קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, איז איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין דער רעדאַק־טאָר פון „קינדער זשורנאַל" גלייך פון סאַמע אָנהייב און ער האָט רעדאַקטירט דעם דאָזיקן זשורנאַל ביזן סוף פון זיין לעבן.

אויך דער פאַרלאַג „מתנות", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925 ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, האָט באַווירקט די אַלגעמיינע יידישע גאַס אויף יידיש מיט די פּרעכטיקע ביכער, וואָס ער האָט אַרויס־געגעבן. אין די ערשטע צען יאָר פון זיין עקזיסטענץ, האָט דער פאַרלאַג „מתנות" אַרויסגעגעבן 21 ביכער פאַר קינדער און צוויי פאַר דערוואַקסענע.

וויפל קינדער האָבן געלערנט אין די שלום עליכם שולן? קיינער ווייסט ניט גענוי. אָבער ווי עס שרייבט דער „פּנקס־הקהילה", וואָס איז אַרויסגע־געבן געוואָרן אין יאָר 1918, דורך דער אָרגאַניזירטער יידישער געמיינדע אין ניו־יאָרק, האָבן אין די דריי שלום עליכם שולן וואָס האָבן עקזיסטירט צו יענער צייט, געלערנט 105 יינגלעך און 70 מיידלעך. די ערשטע שלום עליכם שול האָט זיך געפונען אויף 1387 וואַשינגטאָן עווענו, די צווייטע שול — אויף 173 איסט 180סטער סטריט, די דריטע שול — אויף 500 איסט 150סטער גאַס. אַלע דריי אין די בראָנקס.

די צאָל שולן איז געוואַקסן און אַרום יאָר 1938 האָבן אין די 25 שולן, וואָס האָבן צו יענער צייט עקזיסטירט, געלערנט אַרום עלף הונדערט קינדער. קיין גענויע סטאַטיסטיק האָבן מיר נישט, אָבער לויט אַלע אָפּשאַצונגען, האָבן אין די איבער פופציק יאָר פון זייער עקזיסטענץ, געלערנט אַרום פערציק טויזנט יידישע קינדער אין די שלום עליכם שולן.

וויפל יידיש־קענער האָבן זיך געפונען צווישן די דאָזיקע צענדליקער טויזנטער? קיינער קען ניט וויסן. זיכער איז ניט גרויס די צאָל פון אַזעלכע, וואָס קענען לייענען פריי און רעדן פריי די יידישע שפּראַך, אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן געלערנט עטלעכע יאָר אין די שלום עליכם שולן. איין זאַך איז אָבער זיכער די פולע הונדערט פּראָצענט: פון די שלום עליכם שולן זיינען אַרויסגעקומען צענדליקער טויזנטער יידישע מענער און פרויען, וועלכע האָבן אַנטוויקלט אין זיך אַ ליבשאַפט צו יידישקייט, צו יידיש, צו דער יידישער שפּראַך און צו דער יידישער ליטעראַטור. פיל פון די דאָזיקע יידיש־דער־צויגענע אַמעריקאַנער־געבוירענע יידן זיינען געוואָרן בעסערע יידן און במילא אויך בעסערע מענטשן, אַ דאַנק די שלום עליכם שולן, אַ דאַנק דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט! און דאָס איז זיכער אַ גרויסער היסטאָרישער אויפטו!

# צו דער געשיכטע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

פון יודל מאַרק

די אויפגאַבע האָט געזאָלט זיין אָנצושרייבן אַ קאַפּיטל געשיכטע פון דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, ספּעציעל פון די שלום עליכם שולן, און דאָס קאַפּיטל זאָל אַרומנעמען די יאָרן, ווען איך בין געווען דער קאָנסול־טאַנט פון די שולן ביים יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק, דאָס הייסט זינט 1941 ביז 1967. אָבער אַזאַ שווערע אויפגאַבע האָט בשום־אופן זיך ניט געלאָזט דורכפירן אין דעם לעצטן יאָר פון מיין ניו־יאָרקער תקופה. מוז מען לית־ברירה זיך באַנוגענען מיט אַ צאָל אָנווייזונגען, באַמערקונגען און זכרונות וואָס וועלן — האָפן מיר — קענען ברענגען נוצן דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. אַגב, וואָלט אַזאַ געשיכטע געווען זייער אַ וויכטיקע טעמע פאַר אַ דאָקטאָראַט־דיסערטאַציע.

אין ליטע, לאַטוויע און מסתמא אויך אין פּוילן האָבן די לערער און די טוער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן געהאַט אין אַלגעמיין אַ גאַנץ געהויבענע מיינונג וועגן די יידישע שול־סיסטעמען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע. די געסט, יידישע שרייבער און אַמאָל אויך וויכטיקע טוער, האָבן געהאַט אַ טבע אָפּצוגעבן באַגייסטערטע באַריכטן וועגן דעם וואוקס פון די שולן און זייער השפּעה. מיט אַמתער התפּעלות פאַר די שלום עליכם שולן האָט וועגן זיי גערעדט ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, ווען ער איז אין 1925 געווען אויף אַ לעקציע־טור אין ליטע. אין 1927, אין ריגע, האָבן מיר געהערט אַ מער רעאַליסטישן באַריכט וועגן די שולן, ווען לייבוש לעהרער איז געקומען צו גאַסט. דעמאָלט איז אויך קלאָר געוואָרן, אַז עס איז דאָ אַן אידייאישע נאָענטשאַפט צווישן מיר און דעם פירער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, הגם ער האָט געהאַט געשריבן ניט קיין גינציקע רעצענזיע אויף מיין גרעסע־רער בראָשור פון 1922 די אײנהייטלעכע פאָלקשול. ער האָט אין יענער רע־צענזיע גאַנץ שאַרף קריטיקירט מיין שטענדיקע גרייטקייט אויף אַ פּשרה־שול.

ווען עס איז דערגאַנגען קיין ריגע לייבוש לעהרערס בוך די מאָדערנע אידישע שול און עס איז געווען אַ געלעגנהייט ניט נאָר דורכצולייענען, נאָר אויך זיך אַריינטראַכטן אינעם אינהאַלט און אין דער טענדענץ, אין דער כוונה אויפצושטעלן אַן אידעאָלאָגישן באַזיס פאַר די שלום עליכם שולן —

זײַנען זײ, אָט די שולן, באמת געוואָרן נאָענט. אָט זײַנען שולן וואָס זײַנען ניט אונטערגעוואָרפֿן קײן שום פּאַרטײ און קײן שום פֿון דער זײט אַרויפֿגע־צוואונגענער אידעאָלאָגיע. אָט זײַנען שולן וואָס דער עיקר בײ זײ איז דאָס קינד און ניט די אָרגאַניזאַציע וואָס שאַפֿט זײ און האַלט זײ אויף.

די דערפֿאַרונגען פֿון 1935, בײם ערשטן באַזוך אין אַמעריקע, האָבן אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפּל קאַלט וואַסער. עס איז אַזוי בולט און אַזוי ווײטיקדיק קלאָר געוואָרן דער ווײַטער מהלך צווישן דער נאַטירלעכער, פּולער און גאַנ־צער יידישער שול אין מזרח־אײראָפּע און דער דערגאַנצונג־שול אויף דעם קאָנטינענט. צי קענען אַזעלכע שולן אויפֿהיטן בײ די תּלמידים יידיש ווי זײער ריידשפּראַך? וועלן זײ אויפֿהאָדעווען כאָטש לײענער פֿון דער יידישער פּרעסע און דער יידישער ליטעראַטור? און דאָך, בײם באַזעצן זיך אין ניו־יאָרק אַ יאָר שפּעטער, איז געקומען דער פֿעסטער באַשלוס זיך צו פֿאַרבינדן מיט די היגע שולן — אַזוי ווי זײ זײַנען און טאָן וואָס עס לאָזט זיך. די אָרגאַניזאַציאָ־נעלע פֿאַרבינדונג מיט די אַרבעטער־רינג־שולן איז געקומען גלײך נאָכן קומען אַהער און מיט די שלום עליכם שולן זינט איך בין געוואָרן זײער קאָנסולטאַנט. אָבער שוין פֿריער איז אויסגעקומען זיך אַרײַנצומישן אין די אַלע פּראָבלעמען וואָס זײַנען געשטאַנען פֿאַר די שולן דורך פּריוואַטע שמועסן און דורכן אָפּטן באַטײליקן זיך אין די זיצונגען פֿון ש״ע לערער־ראַט.

די צווײטע העלפֿט דרײסיקער יאָרן זײַנען געווען יאָרן פֿון אומרואיקײט און פֿון שפּאַנונג אין אונדזער ראַדיקאַלער געזעלשאַפֿטלעכקײט (אַגב, ווען זײַנען אַזעלכע יאָרן ניט געווען?). מען האָט גענומען געפֿינען דאָס יידישע פֿאָלק, מען האָט גענומען זיך פֿילן ווי אַן אָרגאַנישער טײל פֿון יידישן פֿאָלק און שאַרפֿער שפּירן די פֿאַרבונדנקײט מיט זײַן גורל. דאָס זײַנען דאָך געווען שוין די היטלער־יאָרן אין דײטשלאַנד; עס איז דאָך שוין אָנגעגאַנגען די אָרגאַניזירטע מלחמה קעגן יידישן פֿאָלק, הגם פֿאַר קײנעם איז נאָך ניט געשטאַנען דער שפּעטערדיקער קאָשמאַר פֿון אויסראָטונג. אַזוי אַרום האָט די לופֿט גופֿא געשטויסן זיך אַרומצוקוקן און צו דערפֿילן אַז אין דעם יידיש־וועלטלעכן חינוך איז דאָ אַן אומפֿאַרגעבלעכער בלויז, אָט דאָס וואָס מען רופֿט מיט דעם אומקלאָרן וואָרט יידישקײט. ביסלעכווײז האָט מען גענומען ווערן וואַרעמערע יידן. אין דער זעלביקער צײַט האָט מען אויך גענומען געפֿינען אַמעריקע. אין 1936 האָבן דאָס רוב יידישע סאָציאַליסטן געשטימט פֿאַר אַ פּרעזידענט וואָס איז טאַקע אויסגעקליבן געוואָרן, פֿאַר אַ בורזשואַזן פּרעזידענט, פֿאַר רוזוועלטן. עס דאַכט זיך, אַז מען האָט נאָך ניט געהעריק אָפּגעשאַצט אָט דאָס גלײכצײַטיקע טאָפּלטע „געפֿינען״: דאָס אײגענע פֿאָלק און אַמעריקע. איז מען אויך געווען פּסיכאָלאָגיש גרײט אַרײַנצוברענגען שינויים אין דער לערן־פּראָגראַם פֿון די שולן, אין באַציאונג צו יום־טובים און — דאָס וויכטיקסטע! — אין באַציאונג צו טראַדיציעס. ס׳איז געווען אַן

אייגנאַרטיקע רעוואָלוציע אין דערפילן דורותדיקייט, אין אָננעמען אַ סך מער פון דער אַלטער ירושה.

אַט דער פּראָצעס פון אינעווייניקסטער פאַריידישונג פון די שולן מיט דער יידישער לימודים־שפּראַך האָט זיך אָנגעהויבן הן אין די אַרבעטער־רינג־שולן הן אין די שלום עליכם שולן. אָבער דאָ זעען מיר דעם גרויסן חילוק צווישן די ביידע טיפּן שולן. אין אַרבעטער־רינג איז עס געגאַנגען זייער פּאַמעלעך, טריט נאָך טריט, און אַפילו מיט צוריקטריט. אויפן זיבעטן „פּלאַר״ פון 175 איסט בראָדוויי, וואו עס איז געווען און איז איצט דער בילדונג־דעפּאַרטמענט, האָט מען מורא געהאַט פאַרן אַכטן „פּלאַר״, וואו עס איז געווען און איז אויך איצט די צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער־רינג; אויף שול־צוזאַמענפאָרן האָט מען מורא געהאַט פאַר דער קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג, וואו מען ברענגט די רעזאָלוציעס וואָס דער שול־צוזאַמענפאָר נעמט אָן. די לערער און די טוער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָבן פאַר קיינעם ניט געדאַרפט מורא האָבן, קיינעם ניט געדאַרפט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון אַז מען האָט אין עפּעס „געזינדיקט״. האָט מען מיט איין קער און ווענד געקענט ראַדיקאַל בייטן. האָט מען עס טאַקע אַזוי געטאָן אויף דער קאָנפערענץ אין בויבעריק אין יאָר 1938. האָט מען גלייכצייטיק באַשלאָסן איינצופירן דעם לימוד חומש אין דער פאָלקשול, לייגן אַ סך אַכט אויף פייערן אַלע יידישע יום־טובים און בכלל איינגעשטעלט אַ פּרינציפּיעל־פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידישע לעבנס־פאָרמען.

ביים שרייבן די געשיכטע פון די שלום עליכם שולן קומט אויס איינ־צוטיילן זי אין צוויי תקופות: ביז 1938 און זינט 1938. אין די פּערציקער און פופציקער יאָרן האָבן לערער מיט שטימונגען פון בעלי־תשובה ניט זעלטן איבערגעכאַפּט די מאָס ביים איינשטעלן געוויסע צערעמאָניעס, ביים לערנען סידור און בכלל ביים גיין לפנים משורת־הדין פון די באַשלוסן פון קאָנפע־רענצן און לערער־ראַטן. זיי האָבן עס געטאָן אויף דער אייגענער אַחריות, ניט לויט די דירעקטיוון פון קאָלעקטיוו.

עס איז אינטערעסאַנט אַז אין 1938 האָט מען פאַרשוויגן דעם ענין העב־רעאיש. די טעריטאָריאַליסטן וואָס האָבן געשאַפן די ערשטע שולן, וואָס האָבן שפּעטער זיך גערופן שלום עליכם שולן, האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די נאַציאָ־נאַל־ראַדיקאַלע שולן טאַקע איבער העברעאיש. דאָך האָט מען אין טייל שלום עליכם שולן יאָ געלערנט העברעאיש. ערשט אין די צוואַנציקער יאָרן, אין פּעריאָד פון ווערן גאַנץ ראַדיקאַל, האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פון דעם לימוד העברעאיש. סוף 1939 און אָנהייב 1940 האָט מען די פראַגע באַטראַכט אויף עטלעכע זיצונגען פון לערער־ראַט. גראַד לייבוש לעהרער איז געווען קעגן איינפירן העברעאיש אין דער פאָלקשול (אין דער מיטלשול האָט מען אַלעמאָל געלערנט דעם לימוד) איבער רייך־פּעדאַגאָגישע מאָטיוון. די טענה אַז „העב־רעאיש מוז מען לערנען, אַפילו ווען מען לערנט ניט אויס״ — האָט קנאַפּ

געהאָלפֿן. ערשט דער מאָטיוו אַז מען טאָר דאָך ניט צונעמען פֿון די תּלמידים די מעגלעכקייט צו דאַווענען פֿון סידור האָט געווירקט, און זינט האַרבסט 1940 האָט מען אומעטום (מיטן אויסנאַם פֿון איין אָדער צוויי שולן) איינגעפֿירט דעם לימוד העברעאיש. אַ פּאָר יאָר שפּעטער זיינען שוין געווען אויך עקזאַמענס אויף העברעאיש. וועגן עקזאַמענס אַ ביסל ווייטער.

עס איז איינער פֿון די קוריאָזן, אַז אין דער יידיש־וועלטלעכער שול אויף דעם קאָנטינענט איז דער וויכטיקסטער יום־טובֿ פֿון יאָר געווען פּורים, וואָס לויטן שפּריכוואָרט האָט ער די ווערט פֿון אַ ציג („פּורים איז ניט קיין יום־טובֿ און אַ ציג איז ניט קיין בהמה"). אויפֿן צווייטן אָרט איז געקומען חנוכּה, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אים גרויס געמאַכט (און נאָך גרעסער איז ער דאָ געוואָרן צוליב קאָנקורענץ מיט ניטל). די שלום עליכם שולן האָבן נאָך 1938 געיום־טובֿט אַלע יידישע יום־טובֿים און ממש מיט יעדן יאָר איז צוגעקומען מער פּלאַנמעסיקייט און אויך אינהייטלעכקייט אין דעם אופֿן פֿייערן. דערביי האָט בלי־ספֿק מיטגעהאָלפֿן דער פּעדאַגאָגישער בולעטען פֿון יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט געבראַכט כּלערליי יום־טובֿ־מאַטעריאַלן (אָט די נומערן פֿלעגן צעכאַפּט ווערן, אַזוי אַז פֿון אַ טייל איז אַפֿילו ניט געבליבן קיין איין עקזעמפּלאַר אין אַרכיוו). דער אינסטיטוט גופֿא האָט דאָ געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, ספּעציעל מיטן איינשטעלן אַן אייגענע הגדה הן פֿאַר די קינדערשע סדרים, הן פֿאַר דערוואַקסענע. אין דעם גאַנצן דראַנג צו געפֿינען וועלטלעכע פֿאָרמען פֿאַר די יום־טובֿים האָט דער אינסטיטוט אַרויסגעוויזן איניציאַטיוו און איז געווען אַ שטויס־קראַפֿט אַריינצוברענגען יום־טובֿ אויך אין די היימען.

שווערער איז אָנגעקומען מיטן עונג־שבת אָדער מיט אַ ספּעציעלער פֿאָרעם פֿון קבלת־שבת. ניט אין אַלע אַזוי־גערופֿענע האַלבע שולן האָט מען געקענט איינפֿירן דעם עונג־שבת. וואָס האָט מען דאָ געקענט טאָן אין די שולן וואָס האָבן פֿרייטיק בכלל ניט געלערנט? און אויך אין יענע שולן, וואו מען האָט יאָ געלערנט פֿרייטיק, איז דאָך אָט דער טאָג געווען אַ דריטל פֿון דער גאַרער לערנצייט, און מען האָט געמוזט מצמצם זיין די צערעמאָניע און די פּראָגראַם פֿון עונג־שבת. דאָ האָבן זיך באַזונדער אויסגעצייכנט די שולן 21 און 45 און עטלעכע יאָר אויך די שול 15. דער ענין פֿאַרדינט אַ באַזונדערן אַרטיקל.

דאָס צוגרייטן די יינגלעך צו בר־מצווה איז ביסלעכווייז געוואָרן אַ וויכטיקער, אַ טראַדיציאָנעלער. טייל לערער האָבן די גאַנצע אַרבעט גענומען אויף זיך, אין אַנדערע שולן ווידער איז געווען אַ ספּעציעלער לערער מן הצד. דער אינסטיטוט האָט דערביי ניט געהאַט קיין קאָמפּלעקסן און האָט אָפֿן גענומען אויף זיך די הכבדה פֿון בר־מצווה־גרייטן. דאָס האָט זיך אָפּגערופֿן אין די פֿערציקער יאָרן, ווען עס איז געוואָרן קאָנטיק אַז אין די שלום עליכם

שולן איז די פּראָפּאָרציע צווישן ייִנגלעך און מיידלעך אַ גרעסערע ווי אין אַרבעטער־רינג־שולן.

דאָס איינפירן דעם לימוד חומש האָט געפירט דערצו, אַז שלמה סיימאָן זאָל צוגרייטן דעם חומש פאַר קינדער, אויפן יסוד פון תרגום יהואָש. דער חומש איז עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און אויך פאַרגרינגערט געוואָרן.

די שלום עליכם שולן האָבן געהאַט גענומען די איניציאַטיוו ניט בלויז אויפן שטח פון ייִדישקייט (אין פאַרגלייך מיט די אַרבעטער־רינג־שולן). זינט זיי זיינען אויפגעקומען זיינען זיי געווען איניציאַטאָריש. טאַקע דערפאַר וואָס זיי זיינען ניט געווען פאַרבונדן מיט אַ פּאַרטיי אָדער מיט אַ גרויסער געזעל־שאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, זיינען זיי געווען פרייער זיך אָפּצוגעבן מיט די דירעקטע פּראָבלעמען פון דערציאונג. דאָ האָט מען מער גערעדט און מער געהערט וועגן די אָנגענומענע פּרינציפּן פון דער פּראָגרעסיווער דערציאונג, וועגן זייער פאַרבינדונג און שייכות מיט ייִדישן חינוך. דאָ האָבן די לערער זיך מער אינטערעסירט מיט מעטאָדישע און דידאַקטישע פּראַגעס. איז כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר דער געשיכטע פון אונדזערע שולן אויף דעם קאָנטינענט, אַז גראָד די ש״ע שולן זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבן איינגעפירט געזאַנג, אויך טאַנצן און מאָלן. האָבן זיי די ערשטע אין ניו־יאָרק געהאַט אַ קינדער־כאָר און אפשר אויך די ערשטע געהאַט קינדער־קלובן ביי די שולן. די לערער די ראשונים זיינען געווען אויפטועריש און אונטערנעמעריש. זיינען זיי געווען פּיאָנערן אויך אויפן שטח פון מיטלשול, קינדער־קעמפּ, טאָגשול (שוין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן), היימשול. ניט אַלץ האָט זיך איינגעגעבן, ניט אַלץ האָט געהאַט אַריכת־ימים. מען האָט ניט מורא געהאַט צו פּרוואוון, צו עקספּערימענטירן. אַ דורכפאַל האָט ניט אַלעמאָל אָפּגעהאַלטן פון מאַכן באַנייטע באַמיאונגען. אַ היפּשער חלק פּיאָנערישקייט איז פאַרבליבן אויך שפּעטער, אויך אין די פערציקער און אַפילו אין די פופציקער יאָרן, ווען אין געוויסע פּרטים איז שוין געווען קאָנטיק דער אַלגעמיינער באַרג־אַראָפּ פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול.

דאָ האָט מען זיך עקשנותדיקער געראַנגלט, אַז די לימודים־פּראָגראַם פון די פאָלקשולן זאָלן בלייבן פולער, אינהאַלט־רייכער. דאָ איז מען ניט אַזוי לייכט איבערגעגאַנגען פון גאַנצע שולן, ווען די צאָל קינדער איז געוואָרן קלענער, צו האַלבע שולן. כמעט ביזן סוף פון די פופציקער יאָרן איז די צאָל גאַנצע שולן געווען כמעט גלייך צו דער צאָל האַלבע שולן. באַזונדער וויכטיק איז געווען דאָס איינהאַלטן די פינף־יאָריקייט פון דער פאָלקשול, אַפילו דאָרטן וואו עס איז געווען נאָר איין לערער. מען האָט קאָמבינירט די עלטערע קלאַסן, אויב עס איז קיין אַנדער ברירה ניט געווען. מען האָט געלערנט לענגער, לענגערע שעהן.

אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן אַלע ריכטונגען, אַלע טיפּן שולן פאַר

יידישער דערציאונג, די פּראָבלעם ניט בלויז פון אַריינקריגן קינדער, נאָר פון איינהאַלטן זיי ביזן גראַדויִרן. אין אונדזערע שולן איז אָט די אויפגאַבע געווען נאָך האַרבער ווי אין די רעליגיעזע, וואו עס איז ניט געווען אַזוי שווער איינצוהאַלטן אין דער שול די ייִנגלעך ביז אויף מאָרגן נאָך דער בר־מצווה. איז ביים פירן די סטאַטיסטיק פון דער צאָל קינדער אין די שולן נייטיק געווען אויך צו פאַרגלייכן יאָר־איין יאָר־אויס די צאָל נייע תלמידים וואָס קומען אָן אין ערשטן קלאַס מיט דער צאָל קינדער וואָס גראַדויִרן. דערנאָך האָט מען געדאַרפט פאַרגלייכן די צאָל גראַדואַנטן פון די פאָלקשולן מיט דער צאָל תלמידים וואָס זיינען אָנגעקומען אין דער מיטלשול. אָט די פאַרגלייכונגען האָבן קיינמאָל קיין באַזונדערע פרייד ניט פאַרשאַפט. און דאָך זיינען געווען שולן וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער פעאיקייט אויפצו־האַלטן די קינדער ביזן פאַרענדיקן דעם פולן קורס פון פינף יאָר און אויך משפיע זיין אויף זיי, זיי זאָלן ממשיך זיין זייער לערנען אין מיטלשול. פאַר־שטייט זיך, אַז מיטגעשפּילט האָבן דאָ אי דער לערער, אי די היים, אי אַנדערע גורמים (למשל, חברשאַפט אין לעצטן קלאַס). אין די פערציקער יאָרן האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין צופרידן מיט דער רעלאַטיוו גרויסער צאָל גראַדואַנטן פון די ש״ע שולן און נאָך מער מיט דער צאָל תלמידים אין דער ש״ע מיטלשול. זי האָט אין 1942 געהאַט 197 תלמידים און אין 1949 נאָך אַ בכבודיקע צאָל — 99. אין די פופציקער יאָרן ווערט דער מצב ערגער. די געשיכטע פון דער ש״ע מיטלשול, מיט איר לערן־פּראָגראַם, מיט אירע חידושים און עקספּערימענטן, פאַרדינט זיכער אַ באַזונדערע אַרבעט. אַגב האָט פאַר די באַדערפעניש פון דער ש״ע מיטלשול ד״ר שלמה ביקל צונויפגעשטעלט די אַנטאָלאָגיע די יידישע עסיי און אויך אַ קאָנספּעקט פון דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

* * *

נאָך איידער איך בין געוואָרן זייער אָפיציעלער קאָנסולטאַנט האָב איך פּאַקטיש מיטגעאַרבעט מיטן לערער־ראַט און מיט דער פּעדאַגאָגישער קאָמי־סיע. דער לערער־ראַט ביים אינסטיטוט איז געווען זייער אַ לעבעדיקע אינסטיטוציע. כמעט שטענדיק זיינען אויפן סדר־היום געשטאַנען קאָנקרעטע פּראַגעס וועגן פּרטים פון דער לערן־פּראָגראַם, וועגן מעטאָדישע שוועריקייטן און חידושים, וועגן אויפטוען פון די חברים פון איין זייט און די דערגרייכונגען פון די תלמידים פון דער צווייטער זייט. דאָ זיינען קיין אידייאישע צדדים ניט געווען און אויך ניט קיין אָמפּערנישן גלאַט אין דער וועלט אַריין. פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען געווען די נאַטירלעכע גרופּעס — מחמירים און מקילים. די חברים־לערער האָט מען ניט געדאַרפט צווינגען צו קומען צו די זיצונגען און די באַשלוסן האָט מען גענומען זייער ערנסט. דאָ איז געווען קאָנטיק די השפעה פון די געניטערע און עלטערע חברים אויף די ייִנגערע און לאָמיר זאָגן צייטווייליקע לערער, וואָס פאַר זיי איז דער לערער־ראַט

געווען אַ שטענדיקער דערגאַנצונג־קורס פאַר זייער פּראָפעסיע. עס איז באמת געווען אַ לערער־קאָלעקטיוו, אַפילו מיט די אומאויסמיידלעכע רייבונגען צווישן געוויסע יחידים. חוץ די רעגולערע זיצונגען פון לערער־ראַט זיינען פאַרגעקומען יאָר־איין יאָר־אויס פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן, ווען מען האָט גרינדלעך באַטראַכט אַ צוויי־דריי פּראָגעס. אָט די קאָנפערענצן פלעגן זיך ציען אַ גאַנצן טאָג און עטלעכע מאָל צוויי טעג. דאָ איז מען געקומען מיט צוגעגרייטע רעפעראַטן אָדער לענגערע אַריינפיר־ווערטער און עס פלעגט זיך אַנטוויקלען אַן אויספירלעכע דעבאַטע, דאָס רוב אַ באַלערנדיקע, אַ ניצלעכע.

די פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע האָט געהאַט, קען מען זאָגן, די פונקציע אויפ־צוהיטן דעם סטאַנדאַרד אין די לימודים און ביי די דערגרייכונגען. זי איז געווען באַרעכטיקט דורכצופירן די אָפטע עקזאַמענס — צום סוף יעדן סעמעסטער און די אַרויסלאָז־עקזאַמענס. אין דער פּראַקטיק פלעגט מען אויס־קלייבן פאַר דעם אַ ספּעציעלע קאָמיסיע. שינויים און פאַרפינקטלעכונג פון דער לערן־פּראָגראַם האָבן ניט געקענט איינגעפירט ווערן אָן דער צושטימונג פון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע. זי איז אויך געוויינטלעך געווען די איניציאַ־טאָרין ביים בייטן עפּעס. מען האָט ניט צוגענומען קיין נייעם לערער אָן איר צושטימונג. נייע לערן־מאַטעריאַלן האָט מען על־פּי דין ניט געקענט אַריינ־ברענגען אין די קלאַס־צימערן אָן איר הסכמה. זי איז אויך געווען דער שופט וועמען צו געבן אַן אויסצייכענונג, אַ פּרעמיע, אַ באַלוינונג, וואָרעם אָט די סיסטעם פון געבן פּריזן פאַר יחידישע תלמידים און אַפילו פאַר שולן איז פון לאַנג־אַן געווען איינגעפירט אין די ש״ע שולן.

ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן דער ענין עקזאַמענס. דאַכט זיך, אַז אין ערגעץ זיינען אַזוי אָפט ניט געווען עקזאַמענס ווי אין די ש״ע שולן. די פינף לערניאָרן זיינען געווען איינגעטיילט אין צען סעמעסטערס, און נאָך יעדן סעמעסטער איז געווען אַן עקזאַמען, און זיי זיינען געווען ניט אין רשות פון דעם יחידישן לערער, נאָר דורכגעפירט פון דעם גאַנצן קאָלעקטיוו. אַזוי אַרום האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט אַ קאָנטראָל פון אַלעמען אויף יעדן איינעם פון לערער־קאָלעקטיוו. דער עקזאַמען גופא איז פאַר אַלע שולן געווען אַ גלייכער. געבן דעם עקזאַמען, דורכקוקן די עקזאַמען־פּאַפּירן פלעגט ניט דער לערער, נאָר אַ מיטגליד פון דער עקזאַמען־קאָמיסיע. כאַראַקטעריזירן די רעזולטאַטן פלעגט מען פאַר דעם גאַנצן לערער־ראַט. ביים געבן די צייכנס, ספּעציעל פון די אַרויסלאָז־עקזאַמענס, זיינען ניט איין מאָל אַרויסגעקומען סכסוכים צווישן דעם לערער וואָס האָט זיך געפילט געקריוודעט און דער קאָמיסיע, ווייל דורכפאַלן אָדער צו־שטרענגע צייכנס פאַר די תלמידים האָבן געוואָרפן אַ שאָטן אויך אויפן לערער. דער קאָנסולטאַנט האָט געהאַט איינ־ווענדונגען קעגן דער „עקזאַמענס־וואַקכאַנאַליע“, ווי ער האָט עס געהאַט אָנגערופן, און ביסלעכווייז האָט זיך איינגעשטעלט אַז עס מוזן ניט זיין קיין עקזאַמענס אויף אַלע לימודים נאָך יעדן סעמעסטער, נאָר בלויז אויף עטלעכע

און פֿאַרשיידנדיקע נאָך די סעמעסטערס. למשל: אויב עס איז געווען אַן עקזאַמען אויף געשיכטע נאָכן זיבעטן סעמעסטער, איז שוין ניט געווען אַזאַ עקזאַמען נאָכן אַכטן, און אויב עס איז געווען אַן עקזאַמען אויף חומש נאָכן אַכטן סעמעסטער, איז שוין ניט געווען אַזאַ עקזאַמען נאָכן ניינטן סעמעסטער. עס איז אויך געוואָרן שווער אין די זעכציקער יאָרן דורכצופֿירן, אַז לערער זאָלן זיך בייטן מיט די שולן ביים דורכפֿירן אַלע עקזאַמענס. דאָס דורכקוקן די פּאַפּירן איז צום טייל אַריבער אין די הענט פֿון קאָנסולטאַנט און זיין געהילף. נאָך איין פּרט: ביים אָפּשאַצן אַ קאָמפּאָזיציע און אַן איבערדערציילונג איז געווען איינגעפֿירט זייער אַ קאָמפּליצירטע סיסטעם מיט אַ באַזונדערן פּראָצענט פֿאַרן אינהאַלט, פֿאַר דער גראַמאַטיק, דעם אויסלייג, פֿאַר דער אידיאָמאַטיק פֿון דער שפּראַך — דאָס אַלץ כדי דער אָפּשאַצער זאָל מוזן זיין אָביעקטיוו און כדי דאָס פֿאַרגלייכן די רעזולטאַטן פֿון די אויפֿטועון אין די פֿאַרשיידענע שולן זאָל זיין יושרדיק. דער קאָנסולטאַנט האָט געהאַט ספֿקות צי מען קען בכלל דורכפֿירן אַזאַ „אָביעקטיוויקייט", און מיטן אַראָפּזינקען פֿון די קענטענישן אין יידיש האָט עס אויך פֿאַרלאָרן דעם זינען. אָבער די גאַנצע סיסטעם פֿון די אָפּטע עקזאַמענס און דאָס אַרויסנעמען זיי פֿון די הענט פֿון די באַזונדערע לערער האָט געהאָלפֿן איינהאַלטן איינהייטלעכקייט אין דעם לערנען פֿון אַלע שולן, האָט געשטאַרקט די קאָלעקטיוויקייט און פֿאַרגרעסערט די השפּעה פֿון די געניטערע לערער.

אייגנטלעך וואָלט איצט געפּאַסט אויסצורעכענען די נעמען פֿון אַלע לערער וואָס זיינען אַ לענגערע צייט געווען פֿאַרבונדן מיטן ש״ע אינסטיטוט. דאָס ווערט ניט געטאָן איבער דער מורא דורכצולאָזן נעמען פֿון לערער וואָס האָבן פֿאַרדינט דאָ דערמאָנט צו ווערן. פֿון דער צווייטער זייט וואָלט געווען מאָדנע צו בלייבן ביי אַ מין פּולער אַנאָנימקייט. ווערן ווייטער דערמאָנט נאָר דריי נעמען פֿון אויסגעצייכנטע לערער, וואָס עס איז געווען אַ פֿאַרגעניגן בייצוזיין אין זייערע קלאַסן: מ. קורמאַן, י. גויכבערג ע״ה און מ. גאָלדשטיין. אַוודאי איז אַזאַ אַרויסהייבן בלויז דריי ביז גאָר סוביעקטיוו, ווייל עס זיינען געווען נאָך אַ צאָל שעפֿערישע און אויפֿטועריש לערער. לאָמיר בלויז פֿאַרזיכערן, אַז דער אַלגעמיינער ניוואָ פֿון דער לערערשאַפֿט אין די ש״ע שולן איז געווען זייער אַ לייטישער, הלוואי אין ערגעץ ניט ערגער.

נאָך איין כאַראַקטעריסטישער און סימפּאַטישער שטריך פֿון די אָנפֿירנדיקע ש״ע לערער: זיי האָבן כמעט כסדר געשאַפֿן נייע לערן־מאַטעריאַלן און כלערליי אַרבעט־בויגנס. אין די דרייסיקער יאָרן האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ לערער־בולעטין מיט אַרטיקלען וועגן מעטאָדישע און דידאַקטישע ענינים, מיט אינסצעניררונגען פֿאַר די שול־יום־טובים, מיט לידער און מעשיות פֿאַר יום־טובים, מיט פֿאָלקלאָר־ברעקלעך, מיט פֿאַרשיידנדיקער אינפֿאָרמאַציע פֿאַר לערער און מיט אַרבעט־בויגנס. דאָס פֿאַרפֿעסטיקן זיך פֿון דעם פּעדאַגאָגישן בולעטען פֿון יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק האָט איבער־

ריק געמאַכט אַט די אויסגאַבע, וואָס איר פאַרדינסט איז אַז זי איז געווען די פאַרגייערין פון פעד׳ בולעטען. אַ צאָל ש״ע לערער זיינען אַגב יאָרן־לאַנג געווען מיטאַרבעטער פון פעד׳ בולעטען.

די גאָרע מענטשלעכע טעטיקייט וואָס הייסט דערציאונג איז גוואַלדיק קאָנסערוואַטיוו. פּראָגראַמען און אַפילו מעטאָדן אין אַ שול־סיסטעם האַלטן זיך אויף אַפילו נאָך דעם ווי עס האָבן זיך געביטן די לעבנס־באַדינגונגען צו וועלכע זיי זיינען אין אַ פריערדיקער עפּאָכע געווען צוגעפּאַסט. מען דאַרף — ביים געפינען ראיות פאַר אַט דעם טעזיס — ניט אַוועק צו די אומות־העולם. עס איז גענוג זיך אַרומצוקוקן וואָס עס טוט זיך אין די פאַרשיידענע טיפּן שולן אויפן שטח פון יידישן חינוך. די קאָנסערוואַטיקייט ווייזט זיך אַרויס אין גרויסע זאַכן און אפשר נאָך מער אין קליינע זאַכן, אין שטריכן פון דער מעטאָדיק, אין אופן לערנען אַ פּרט. דאָ האָט מען יאָרן־לאַנג געלערנט לייענען לויטן מעטאָד פון באַזונדערע אותיות, לויטן קלאַנגען־מעטאָד ווי מען האָט עס גערופן. און אייגנטלעך איז עס געווען אַ חידוש, ווייל די אַלגעמיינע שול האָט דאָ איינגעשטעלט דאָס לערנען לייענען לויטן מעטאָד פון גאַנצע ווערטער. היפּשע עטלעכע יאָר איז אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן אַט דעם אַמעריקאַנער מעטאָד, ביז דוד ברידזשער האָט געהאָלפן דורכפירן דעם געדאַנק מן הכוח אל הפועל, ווען ער האָט צונויפגעשטעלט און דער פאַרלאַג „מתנות״ האָט אַרויסגעגעבן זיין אַנהייבער, וואָס איז געוואָרן אַ „בעסטסעלער״.

אַ וויכטיקער אויפטו פון אינסטיטוט איז געווען דער קינדער זשורנאַל, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געדינט ניט בלויז די ש״ע שולן, נאָר יידישע שולן ממש איבער דער גאָרער וועלט. אַדאַנק אַט דעם זשורנאַל איז באַרייכערט געוואָרן די קינדער־ליטעראַטור אויף יידיש מיט נייע טעמעס און נייע נעמען. מיטן קינדער זשורנאַל בינדט זיך ראשית־כל דער נאָמען ליפע לעהרער, דער טעכנישער רעדאַקטאָר און אַ צאָל יאָרן אויך דער פולער רעדאַקטאָר פון קינדער זשורנאַל. ער איז אויך געווען דער פירער פון פאַרלאַג „מתנות״, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ביכער פאַר קינדער און אויך אַלגעמיינע ווערק פון חשובע שרייבער.

פון 1941 ביז 1967, 26 יאָר בין איך געווען דער קאָנסולטאַנט פון די ש״ע שולן. אין די אַלע יאָרן בין איך בלויז עטלעכע מאָל געווען אויף זיצונגען פון דער אַדמיניסטראַציע פון אינסטיטוט. צי דאָס איז געווען גוט אַזוי — ווייס איך ניט. בכל־אופן איז דאָס ניט געווען מיין שולד. די פאַרבינדונג מיט דער אַדמיניסטראַציע איז געווען דורכן סעקרעטאַר אָדער דירעקטאָר און אויך דורך שמועסן מיט איינצלנע מיטגלידער פון דער אַדמיניסטראַציע. דער שלום עליכם אינסטיטוט האָט געהאַט אַ צאָל אויסגעצייכנטע, בלב־ונפש־איבערגעגעבענע טוער, וואָס זיי האָבן באמת געלעבט מיט די אינטערעסן און מיט די טעטיקייטן פון אינסטיטוט. די זיצונגען פלעגן פאַרקומען זייער אָפט, יעדע וואָך, און די לעצטע יאָרן איין מאָל אין צוויי וואָכן. מען האָט זיך ניט

באַנוגנט בלויז מיט ריין־אַדמיניסטראַטיווע ענינים. כלערליי אידייאישע און אַפילו פעדאַגאָגישע פּראָבלעמען זיינען אויסגעדראַשן געוואָרן אויף אָט די זיצונגען. די אַדמיניסטראַציע איז געווען דער אייבער־בעל־הבית פון אַלע שולן, פון פאַרלאַג „מתנות", טעאָרעטיש אויך פון קעמפּ „בויבעריק". די אַדמיניסטראַציע פלעגט יעדן יאָר אויסגעקליבן ווערן אויף די יערלעכע קאָנפערענצן פון אינסטיטוט. דער קעמפּ „בויבעריק" און דער פאַרלאַג „מתנות" זיינען אינטערעסאַנטע טעמעס פאַר זיך.

דער אינסטיטוט האָט כמעט שטענדיק געלעבט אין דחקות. די סובסידיעס וואָס די שולן האָבן באַקומען זיינען געווען אָרעמלעכע, און די שולן האָבן פון זייער זייט געדאַרפט צוטראָגן צום בודזשעט פון דער אַדמיניסטראַציע. די וויכטיקסטע יערלעכע געלט־אַקציע איז געווען פאַרבונדן און איז ביז היינט געבליבן דער יערלעכער באַנקעט פון אינסטיטוט, וואָס פלעגט פאָרקומען אין חודש דעצעמבער און די לעצטע יאָרן — אין נאָוועמבער. דאָ מוז מען צוגעבן, אַז אָט די באַנקעטן האָבן געווײַנלעך געהאַט אינטערעסאַנטע פּראָגראַמען מיט דער באַטייליקונג פון אַן אָנגעזעענעם שרייבער און אין די לעצטע יאָרן אויך מיט פּערזענלעכקייטן פון אַנדערע קרייזן און מיט מענטשן פון גייסט (אַ דוגמא: האָראַס קאַלען). די יערלעכע קאָנפערענצן קומען פאָר סוף לערנ־יאָר. עטלעכע מאָל אין יאָר זיינען געווען פאַרזאַמלונגען פון אַ מין צענטראַל־קאָמיטעט, וואו עס האָבן אָנטייל גענומען די מיטגלידער פון דער אַדמי־ניסטראַציע, די פאָרשטייער פון די באַזונדערע צווייגן פון אינסטיטוט און דעלעגאַטן פון די באַזונדערע שולן. אָט די אינסטיטוציע איז ביסלעכווייז איינגעשרומפּן געוואָרן.

דער מיטגלידער־באַשטאַנד פון דער אַדמיניסטראַציע האָט זייער ווייניק זיך געביטן אין פאַרלויף פון די יאָרן. זיין אַ מיטגליד פון דער אַדמיניסטראַציע איז געווען אַ לעבנסלענגלעכע פּאָזיציע. ביסלעכווייז האָבן די ראשונים זיך אַריבערגעקליבן אויף דער בעסערער וועלט. עס איז געווען שווער זיי צו פאַרבייטן. דער באַשטאַנד פון דער אַדמיניסטראַציע האָט זיך אויף אַ נאַטיר־לעכן אופן איינגעשרומפּן און דאָס האָט זיכער געווירקט אויף די פאַרצווייגטע טעטיקייטן פון אינסטיטוט.

נאָר עטלעכע שולן האָבן געהאַט געגוג פילצאָליקע און געגוג אַקטיווע לאָקאַלע פאַרוואַלטונגען. צו הילף פון די שוואַכערע פאַרוואַלטונגען האָבן געמוזט קומען מיטגלידער פון דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע. די זאָרג וועגן בודזשעט פון דער שול האָט כמעט אין גאַנצן פאַרשלונגען די אינטערעסן פון די לאָקאַלע פאַרוואַלטונגען, אָבער אומעטום זיינען אויך געווען אַלגעמיינע קולטור־אונטערנעמונגען. אויך דאָ איז יעדע פאַרוואַלטונג געווען אַ מין קאָנגרעגאַציע אין מיניאַטור. באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע טעטיקייטן די שול 15, אָנגעפירט פון ד״ר שלמה סיימאָן. אין די דרייסיקער יאָרן און אָנהייב פערציקער יאָרן האָט דאָ געשיינט די שול 2, אין די פופצי־

קער און אָנהייב זעכציקער יאָרן די שול 21, און די גאַנצע צייט די שול 45.

אַזוי ווי מיר האָבן זיך געפירט ביים דערמאָנען נעמען פון די לערער, טוען מיר עס אויך בנוגע די טוער. מיר דערמאָנען דריי, הגם עס איז קלאָר אַז מען באַגייט דאָ אַן עוולה בנוגע גוטע און איבערגעגעבענע טוער. די דריי זיינען: יעקב בערג, מ. גורין און ד״ר שלמה סיימאָן — ליידער שוין אַלע עליו־השלומניקעס.

עס איז שוין אויסגעקומען אי בכתב אי בעל־פּה אָנצואווייזן, אַז דער שלום עליכם אינסטיטוט האָט געהאַט און האָט נאָך עד־היום שטריכן פון אַ משפּחה־קרייז. דאָ זעען מיר די גוטע אייגנשאַפטן פון משפּחהדיקייט און די ניט אַזעלכע גוטע. במשך פון די צענדליקער יאָרן האָבן די מיטגלידער פון אינסטיטוט זיך צונויפגעלעבט און אַזוי ווי זיך צונויפגעוואַקסן ווי זיי וואָלטן געווען בלוט־קרובים. עס איז געווען אַ מין אינטימקייט און אַ האַרציקייט. עס האָבן געקענט זיין קריגערייען, אָבער עס איז קיין מאָל ניט געווען קיין שפּאַלטונג; עס האָבן געקענט זיין פּאַראיבלס, אָבער ניט קיין אָפּרייסן זיך. איינער דעם צווייטן האָט זייער גוט געקענט, מיט די מעלות און חסרונות פון יעדערן. עס האָט ניט געקענט זיין די סיטואַציע פון לאָזן פאַלן דעם אינסטיטוט אין אַן ענגער צייט. די פאַרשיידנקייט פון מיינונגען האָט געמוזט שפּילן אַ סך אַ קלענערע ראָלע ווי די פערזענלעכע באַציאונגען צווישן די מיטגלידער פון דער קוואַזי־משפּחה. אָבער אַזאַ מין קרייז האָט אויך געהאַט דעם שטריך פון עקסקלוזיווקייט בנוגע די אַלע „פרעמדע״, וואָס מען וואָלט געקאָנט אַריינציען אין אינסטיטוט און מ׳האָט עס ניט געטאָן. און ווען עס זיינען יאָ צוגעקומען „זייטיקע״, האָבן זיי אַ היפּשע צייט זיך געפילט ווי זייטיקע. די משפּחהדיקייט וואָס איז געווען אַ צעמענטיר־כוח האָט גלייכ־צייטיק איינגעצוימט די ווערביר־פעאיקייט פון אינסטיטוט.

עס איז געווען אַ שטענדיקער קאָנטאַקט מיט די דריי סעקרעטאַרן פון ש״ע אינסטיטוט במשך פון די דערמאָנטע 26 יאָר, פריער מיט דעם איניציאַ־טיוו־רייכן, טועריש און טומלדיקן מ. בזשאַזע ע״ה, דערנאָך מיט י. מ. גודלמאַן ע״ה, וואָס האָט דער עיקר זיך פאַרנומען מיט גרייטן לערן־מאַטעריאַלן און אַרבעט־בויגנס און האָט אַפילו צונויפגעשטעלט געשיכטע־העפטן (אַן אומ־געראָטענער פּרואוו!), און לענגער און ענגער מיט שואל גוטמאַנען, דעם איצטיקן דירעקטאָר אָדער, לאָמיר זאָגן, דעם עקזעקוטיוון וויצע־פּרעזידענט פון אינסטיטוט. דער קרייז פון זיינע אינטערעסן און טעטיקייטן איז אַ סך ברייטער ווי ביי די פריערדיקע סעקרעטאַרן און זיין השפּעה אויף די טוער און דעם גאַנצן פּרצוף־פּנים פון אינסטיטוט איז אין־לשער גרעסער. אים האָט זיך איינגעגעבן צו הייבן די קולטור־מדרגה פון די קאָנפערענצן און אַפילו פון באַנקעטן. ער האָט פון דער אינסטיטוט־אויסגאַבע פאַר עלטערן און טוער געמאַכט אַן אינטערעסאַנטן פּעריאָדישן אָרגאַן, וואָס האָט זיך ניט באַנוגנט מיט דער כראָניק פון אינסטיטוט און מיט באַריכטן וועגן די טעטי־

קייטן אין די באַזונדערע שולן. אַדאַנק אים קען דער ש״ע אינסטיטוט זיין שטאָלץ מיט דער צוויי־חדשימדיקער אויסגאַבע אויף יידיש און אויף ענגליש, וואו מען געפינט אויך באַטראַכטונגען וועגן אַלגעמיינע יידישע קולטור־פּראָבלעמען. מיר האָבן איצט אייגנאַרטיקע אינפאָרמיר־ און אַפילו לערן־העפטן פאַר די ייגגערע טוער און איצטיקע עלטערן וועגן אַ סך ענינים פון יידישקייט, ספּעציעל וועגן דעם זינען, דעם כאַראַקטער און וועגן אופן פייערן יום־טובים. מען קען געפינען אין די העפטן אַרטיקלען וועגן יידישע פּערזענלעכקייטן, אַמאָליקע און איצטיקע, און אַפילו ענגלישע איבערזעצונגען פון דער יידישער פּאָעזיע.

מיטן פּנים צום יינגערן דור טוער — דאָס איז דער לאָזונג פאַר דער טעטיקייט וואָס שואל גוטמאַן האָט אַנטוויקלט. איז די אויפקלער־אַרבעט געפירט געוואָרן דער עיקר אויף ענגליש. עס האָט זיך איינגעגעבן צוצוציען זין פונעם ערשטן דור טוער און אַזוי אַרום פאַרזיכערן דעם ווייטערדיקן קיום פון אינסטיטוט. ליידער האָט מען אויך דאָ צו טאָן מיט קליינע ציפערן. די אידייע פון וועלטלעכקייט אין פאַרבינדונג כאָטש מיט אַ טייל פון דער יידיש־ירושה קען בלי־ספק געפינען אַן אָפּקלאַנג ביי אַ קאַנטיקן סעקטאָר פון געבילדעטן דור אַמעריקאַנער יידן, ביי די וואָס שטאַמען אָפּ פון מזרח־אייראָפּע און האָבן אין די קינדער־יאָרן איינגעזאַפּט אַ גלגול פון אונדזער אַלט־נייעם ניגון.

מיר ציטירן פון דער דעקלאַראַציע וואָס דער ש״ע אינסטיטוט האָט אָנגענומען אויף זיין 31סטער קאָנפערענץ, מאַי 1954, אין דעם יובל־יאָר:

„באַוואָפנט מיט גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון ווייטערדיקן שעפערישן קיום דאָ אין לאַנד, אין ישראל און אומעטום איבער דער וועלט, וואו עס זיינען פאַראַן פאַר דעם דעמאָקראַטישע פאָרמען, — זאָגן מיר פייערלעך צו ממשיך צו זיין אונדזער קולטור־אַרבעט בכלל און דאָס בויען און אַנטוויקלען שולן, וואו די לערן־פּראָגראַם און די דערציערישע טעטיקייט זאָלן אָפּשפּיגלען אונדזערע פּרינציפּן און באַגערן. מיר זיינען טיף איבער־צייגט אין דעם, אַז אונדזער שול־אַרבעט און אונדזער דרך אין יידישער דערציאונג זיינען אין די אינטערעסן פון אַ גייסטיק־רייכער צוקונפט פאַר אַלע יידן אין אַמעריקע, אַז מיר פירן דורך אַ גרויסע שליחות ווי אַ רינג וואָס פאַרבינדט דורות און קיבוצים, אַז מיר טוען דערביי אויף ווערטפולס און העלפן אויספורעמען די גאַראַנטיע פאַרן ווייטערן זיגפולן יידישן קיום און ווייטערדיקער באַרייכערונג פון דער יידישער פערזענלעכקייט״.

דער טאָן איז דאָ אַ ביז גאָר אָפּטימיסטישער און די ווערטער האָפער־דיקע. די לעצטע זעכצן יאָר האָבן שטילער געמאַכט אָט די מאַרש־מוזיק. דאָך זיינען די עיקרדיקע האָפענונגען פאַרבליבן, ניט געקוקט אויף די שווערע קלעפּ, אויף דער כסדרדיקער פאַרקלענערונג פון דער צאָל קינדער אין די נאָכמיטאָג־שולן און אויפן שליסן זיך פון דער גרעסטער צאָל שולן.

אַ קרבן זיינען געפאַלן די שוואַכערע שולן, וואָס זיינען געווען אין געגנטן וואָס האָבן אויפגעהערט צו זיין יידישע, ווי אויך די שולן מיט גאַנץ שוואַכע פאַרוואַלטונגען. די סיבות זיינען באַקאַנט: די איבערוואַנדערונג אין די פאַר־שטעט, וואו אונדזער טיפּ נאָכמיטאָג־שול האָט ניט געהאַט קיין כוחות מיט־צוגיין; די אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג פון די יידיש־פּאָזיציעס; דער דוחק אין יונגע לערער, וואָס זאָלן זיין פון דעם דור פון די עלטערן און ניט פון די זיידעס און באָבעס; דער פאַרקלענערטער אינטערעס פון איצטיקע וועלטלעכע עלטערן פאַר דער דערציאונג פון זייערע קינדער און די אומגרייטקייט זיך אָנצושטרענגען פאַר יידישער דערציאונג. דאָ מוז מען אויך נעמען אין באַטראַכט די שוואַכע כוחות פון אינסטיטוט, די קליינע צאָל מיטגלידער.

ניטאָ קיין כוונה צו פאַרמאַטערן מיט סטאַטיסטיק און אויך ניט צו אילוסטרירן מיט אַ קרומער ליניע פון באַרג־אַראָפּ, וואָס קען נאָר אָנוואַרפן אַ מרה־שחורה. בלויז עטלעכע ציפערן. אין דעם ערשטן יאָר פון מיין אַרבעט אין יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, אין 1941, האָט די סטאַטיסטיק וואָס מיר האָבן דורכגעפירט געוויזן אַז עס זיינען דאָ אין אינסטיטוט 18 נאָכמיטאָג־שולן מיט 835 תלמידים; אין 1945 זיינען געווען נאָר 16 שולן, אָבער די צאָל קינדער האָט זיך כמעט ניט געביטן — 804; אין 1949 — נאָר 699 קינדער.*) אין די פערציקער יאָרן איז די סיטואַציע געווען כמעט סטאַביל, עס זיינען געווען וואַקלענישן און עס האָבן געקענט זיין אויך קליינע פאַרבעס־סערונגען. אין די פופציקער יאָרן ווערט דער מצב ערגער: פון אַרום 600 איז די צאָל געפאַלן אויף וויניקער ווי 500 (למשל, אין 1956 — 473).

האָט מען צום טייל זיך געטרייסט מיט דער צאָל קינדער אין די זונטיק־שולן. אָבער דאָס איז אַ פאַלשע טרייסט. פון די זונטיק־שולן זיינען קיין נאָכמיטאָג־שולן ניט אַרויסגעוואַקסן. אויך דער אינסטיטוט האָט פון זיי קיין צו פיל נחת ניט געהאַט. זיי קענען דאָך זיך ניט צוגלייכן צו די זונטיק־שולן פון דער רעפאָרעם־באַוועגונג, וואו די קינדער פאַרברענגען אַפילו ביין און צען יאָר און יעדן זונטיק ביז דריי שעה. יענע זונטיק־שולן דינען טאַקע אויף אַריינצוברענגען אין דער גרינגער רעפאָרעם־יידישקייט, בעת די זונטיק־שולן פון ש״ע אינסטיטוט פירן ניט אין ערגעץ, אַוודאי ניט אין דער האַר־בער יידישקייט פון וועלטלעכקייט מיט יידיש. קיין וועג צו קיין שום צוקונפט זיינען זיי ניט.

דער ביטערער אמת איז, אַז אויך די נאָכמיטאָג־שולן קענען מער ניט דינען יענע צילן וואָס זיי האָבן זיך געהאַט געשטעלט, ווען די קינדער זיינען געקומען פון יידיש־ריידנדיקע היימען אָדער וואו עס זיינען אין אַ געוויסער פאָרעם געווען לעבעדיקע רעשטן פון יידיש. איצט איז אייגנטלעך פאַרבליבן נאָר איין וועג — די טאָגשול. דאָס הייסט ניט, אַז מען דאַרף זיך אָפּזאָגן

*) אין דעם חשבון גייען נישט אַריין די 2 ניו־דזשוירזי ש״ע שולן. — ש. ג.

פון דער נאָכמיטאָג־שול, נאָר מען דאַרף איינזען איר איצטיקע באַגרענעצט־קייט און די איינגעשרומפּנקייט פון אירע מעגלעכע דערגרייכונגען. אויסהיילן אונדזער שול־סיסטעם קאָן נאָר די טאָגשול. צו איר דאַרף זיין געווענדט דער עיקרדיקער אינטערעס און איר דאַרף מען אָפּגעבן די כוחות. האָפן מיר, אַז אין צענטער פון די טעטיקייטן פון ש״ע אינסטיטוט וועט זיין די טאָגשול.

און זאָל דאָ ניט אָפּשטויסן דער דורכפאַל מיט דער טאָגשול אין בענסאָנ־הוירסט. אַז מען בריט זיך אָפּ מיט קאָכעדיק וואַסער זאָגט מען זיך ניט אָפּ פון אַ הייסער וואַנע. אין די פּאָר יאָר פון איר שלימזלדיקער עקזיסטענץ איז די שול אונטערגעגראָבן געוואָרן פון אַ צאָל אָביעקטיווע און סוביעקטיווע אומשטאַנדן. דער אָנהייב איז געווען צו נעבעכדיק, עס איז פּלוצלינג גע־שטאָרבן דער פּאַסיקער אָנפירער, דער לערער י. ל. ראַבינער, און די שפּע־טערדיקע אָנפירער האָבן לחלוטין ניט געטויגט פאַר אַזאַ אַרבעט, אויך די פאַרוואַלטונג האָט ניט פאַרשטאַנען דעם פאַרנעם און די הכבדה פון אַ טאָג־שול. עס איז איבעריק צו אַנאַליזירן אויך די אַנדערע סיבות וואָס האָבן געפירט צו דער ליקווידאַציע פון יענער טאָגשול. איצט זיינען די שטימונגען גאָר אַנדערע און די אָביעקטיווע אומשטאַנדן אַ סך גינציקערע.

אין דער אויסגאַבע פון אינסטיטוט, אין שולבלאַט פון סעפּטעמבער 1939, האָט ראַבינער געשריבן, אַז מען דאַרף „ניט רעווידירן די טעאָריע, נאָר רעוואָלוציאָנירן די פּראַקטיק״. דאָס איז ריכטיק אויך דרייסיק יאָר שפּעטער, הגם, פאַרשטייט זיך, אַז אַפילו צו אַ ריכטיקער טעאָריע קומען צו דערגאַנ־צונגען שהזמן גרמא. און נאָך פריער, אין שולבלאַט פון מאַי 1938, געפינען מיר ש. ניגערס אָנווייז: „יידישע קולטור פון היינט איז אַ מין איבערבוי איבער דעם בנין און דעם באַזיס פון דער אַלטער יידישער קולטור״. דאָס האָט פאָרמולירט אַ וועלטלעכער דענקער, אַ חשובער וואָרטזאָגער אין קרייז פון אונדזערע בויער. לאָמיר עס געדענקען.

# דער דרך און די אויפטוען פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

## פון שואל גוטמאַן

עס איז אַן אַלטע שטרייט־פראַגע: צי די וואָס באַטייליקן זיך אַקטיוו אין „מאַכן געשיכטע" זיינען אויך די פּאַסיקע צו שרייבן די דאָזיקע געשיכטע. איז עס מעגלעך פאַר איינעם וואָס שטייט בראש פון דער אָרגאַניזאַציע זינט 1949 — ד"ה די לעצטע 22 יאָר — צו באַשרייבן אָביעקטיוו די אויפטוען, די השפּעה, דעם דרך פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט? מיט וועלכן צד מיר זאָלן נישט האַלטן אין דער דעבאַטע, מוז מען אָבער צוגעבן, אַז דעם צוקונפט־טיקן היסטאָריקער פון יידישער דערציאונג אין אַמעריקע קענען צונוץ־קומען די פאַרצייכענונגען, די מיינונגען און אויספירן פון איינעם וואָס האָט איני־צירט — אין אַ סך פאַלן — און דירעקטירט די אַלע טעטיקייטן.

מיר פּרעטענדירן נישט מיט דער אַרבעט צו שרייבן די אויסשעפּנדיקע געשיכטע פון ש.ע.פ.א., איך וויל דאָ בלויז פאַרצייכענען אַ ריי הויכפּונקטן אין דער געשיכטע פון ש.ע.פ.א. במשך די לעצטע 22 יאָר, און דערמיט פאַרלייכטערן די אויפגאַבע פון יענעם וואָס וועט שרייבן די פולע געשיכטע פון דער אָרגאַניזאַציע.

### I

### 1960 — 1949

ווען ש. גוטמאַן איז אין אויגוסט, 1949, געוואָרן דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון ש.ע.פ.א. האָט די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט 15 שולן און אַ מיטלשול. אין סעפּטעמבער, 1949, איז אין ברוקלין (בענסאָנהורסט־געגנט) געעפנט געוואָרן די ש"ע טאָגשול מיט אַן ערשטן קלאַס, און אַ 5־טאָגיקן קינדער־גאָרטן. אין די אַלע אינסטיטוציעס האָבן דעמאָלט געלערנט קנאַפּע 1000 קינדער.[1])

דער יערלעכער בודזשעט פון ש.ע.פ.א. האָט דעמאָלט באַטראָפן ווייניקער פון 20,000 דאָלאַר, און די שולן זיינען סובסידירט געוואָרן מיט מינימאַלע סומען, און דערצו נישט רעגולער. באַלד נאָך גוטמאַנס אָנקומען אין אינסטי־

טוט האָט ער זיך באַמיט דורכצופירן אַ ריי רעפאָרמען. עס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן פערטל־יאָריקע, רעגולערע סובסידיעס: דער אינסטיטוט האָט סובסידירט יעדע שול, וואָס האָט זיך אין דעם געניייטיקט, מיט 10% ביז 15% אויף די שכירות פון די לערער. אין פעברואַר, 1950, איז געגרינדעט געוואָרן דער בראָנקסער עלטערן־פאַרבאַנד וואָס פלעגט אָפּהאַלטן חודשלעכע זיצונגען. עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען, 8־9 מאָל אַ יאָר, דער „שלום עליכם בולעטין" (מימיאָגראַפירט) — איינער אין יידיש, און איינער („פּיירענטס־בולעטין") אין ענגליש.

במשך 5 יאָר (פון 1950 ביז 1955) זיינען געגרינדעט געוואָרן 8 נייע שולן: אין גרעיט־נעק (שול #42); אין לאָנג־איילאַנד סיטי (שול #35); אין ריווערדעיל (שול #36); אין דזשעקסאָן־הייטס (שול #37); אין פלאָשינג (שול #44); אין מט' ווערנאָן (שול #38); אין די סטייוועסענט־הייזער (שול #5); און אין וואלי־סטרים (שול #40). 4 פון די 8 שולן זיינען לכתחילה געעפנט געוואָרן ווי איינטאָגיקע, מיט דער אויסזיכט צו פאַרגרעסערן די לערן־טעג שפּעטער. מיט עטלעכע איז טאַקע אַזוי געשען (די שולן 42, 36).

מיט אַזאַ קליינעם אַפּאַראַט ווי דער ש.ע.פ.א. האָט פאַרמאָגט, איז דאָס עפענען נייע שולן נישט אָנגעקומען לייכט. עס האָט געמיינט באַזוכן אַ סך זיצונגען, און אויפקלערן ווער מיר זיינען און וואָס מען וועט לערנען אין די ש"ע שולן. צווישן די יונגע דאָ־געבוירענע יידישע עלטערן האָט דעמאָלט געהערשט אַ גרויסע צעטומלעניש בנוגע יידישער דערציאונג, און בנוגע דעם קוריקולום וואָס ס'איז ווינטשנסווערט פאַר זייערע קינדער. אין די שמועסן מיט די עלטערן, איז זיי ערשט קלאָר געוואָרן די ש"ע שול־פּראָגראַם. אומצייליקע זיצונגען האָט מען געמוזט אָפּהאַלטן איידער ס'האָט זיך אויסגעשיילט אַן אַקטיווע עלטערן־גרופּע וואָס זאָל אָנפירן מיט אַ נייער שול.

צוליב דער צעוואָרפנקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די פאָרשטעט — ווען בלויז מיט אַן אויטאָמאָביל קען מען צוקומען אין צענטער פון שטאָט — דערפאַר האָט מען געמוזט עפענען איינטאָגיקע שולן. ס'איז אָבער פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דאָס ווערט געטאָן נאָר דאָרטן וואו ס'איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה. די פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע האָט שפּעטער אויסגעאַרבעט פאַר די זונטיק־שולן אַ דעטאַליזירטן קוריקולום אין יידיש, געשיכטע, צייט־פראַגן [2]) אאַז"וו. אָבער אין 5 פון די נייע שולן האָט מען געלערנט פון 2 ביז 4 טעג אַ וואָך. אַזוי איז געווען אין לאָנג־איילאַנד סיטי (שול #35), אין פלאָשינג (שול #44) און אין די סטייוועסענט־הייזער (שול #5). אויך אין גרייט־נעק (שול #42) און אין ריווערדעיל (שול #36) האָט מען במשך אַ ריי יאָרן געלערנט עטלעכע טעג אין וואָך.

אין שול־יאָר 1951־1952 האָט דער אינסטיטוט איינגעשטעלט חודשלעכע צענטראַלע עונג־שבתים. דאָס זיינען געווען צוזאַמענקומען אין צענטער פון שטאָט — אין אַ גרויסן זאַל פון אַ האָטעל — וואו מ'האָט דורכגעפירט אַ

טראַדיציאָנעל־מאָדערנעם צערעמאָניאַל איינשליסנדיק שבת־לידער, רעציטאַ־
ציעס פון דער יידישער פּאָעזיע, און אויסצוגן פון דער פּרשה פון דער וואָך.
און צום סוף פלעגט אַ לעקטאָר האַלטן אַ קורצן רעפעראַט.

במשך עטלעכע יאָר האָבן מיר זיך אָנגעשטרענגט, אַז די יידיש־וועלטלעכע אינטעליגענץ אין ניו־יאָרק זאָל זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דער אַרבעט פון אינסטיטוט. אַ היפּשער טייל אירער האָט געשיקט די קינדער אין די ש״ע שולן, און אַ ריי יידישע דיכטער זיינען אין זייערע ייִנגערע יאָרן געווען לערער אָדער טוער אין די שולן. אָבער די פאַרבינדונג מיטן אינסטיטוט מצד די אַלע יידיש־שעפערישע מענטשן איז געווען אַ לויזע, אַ ספּאָראַדישע. דערפאַר איז אין 1952 געגרינדעט געוואָרן אַ „געזעלשאַפטלעכער ראַט״, וואָס איז באַשטאַנען פון די דאָזיקע יידישע שריפטשטעלער און קולטור־טוער: ד״ר עזריאל נאַקס — פאַרזיצער; ש. ניגער; יעקב גלאַטשטיין; ד״ר מאַקס וויינ־רייך; ה. לייוויק; לייבוש לעהרער; ד״ר פ. מאַטענקאָ; יודל מאַרק; א. מענעס; ד״ר יחיאל קלינג, און בצלאל שערמאַן.

דער „ראַט״ האָט אָפּגעהאַלטן עטלעכע זיצונגען, וואו עס זיינען אויפגע־נומען געוואָרן פונדאַמענטאַלע שול־ און קולטור־פּראָבלעמען. עס זיינען באַ־טראַכט געוואָרן די געענדערטע לעבנס־באַדינגונגען אין אַמעריקאַנער יידישן ישוב, און די רעוויזיעס צו וועלכע דאָס דאַרף פירן אין דעם לערן־פּראָגראַם, און אין דער קולטור־פילאָסאָפיע; צערעמאָניאַלן און נאָרמען פאַר פייערונגען און טרויער־געלעגנהייטן — סיי פאַר עפנטלעכע געלעגנהייטן, סיי פאַר דער היים; ווי דאַרף מען פאַרטיפן וועלטלעכע יידישקייט אין היינטיקן געזעל־שאַפטלעכן קלימאַט אין דער יידישער אַמעריקע.

אויף עטלעכע זיצונגען האָט דער „געזעלשאַפטלעכער ראַט״ זיך פאַר־נומען מיט אויסאַרבעטן אַ ניי „פּרינציפּן דערקלערונג״, און די 30סטע שול־קאָנפערענץ פון ש.ע.פ.א. (מאַי 1953) האָט טאַקע אָנגענומען „גרונט־פּרינציפּן פון דער דערציאונג אין די ש״ע שולן״.[3])

אין יאָר 1953 האָט דער ש.ע.פ.א. פאַרמאָגט 20 שולן, פון וועלכע 17 זיינען געווען 3־ אָדער 5־טאָגיקע, און בלויז 3 איינטאָגיקע.

אַוודאי זיינען די ניי־געגרינדעטע שולן געווען אַ דערמוטיקונג פאַר די שול־טוער און לערער. וואָרעם בעת יידיש איז שוין אין יענע יאָרן נישט געווען די טאָג־טעגלעכע רייד־שפּראַך פון די היי־געבוירענע יונגע עלטערן, האָבן דאָך די עלטערן געהאָלפן בויען שולן מיט יידיש ווי אַ צענטראַלן לימוד אין קוריקולום. דאָך איז כסדר געוואָרן שווערער מיט לערער און דירות. מ׳האָט איצט מער נישט געקענט ווי אין די 20ער יאָרן עפענען שולן אין קעלערס און קראָמען. מ׳האָט געמוזט געפינען פּאַסיקע בנינים וואָס זאָלן האָבן אַ שטיקל ענלעכקייט כאָטש צו אַ שול־געביידע — און אַזעלכע האָט מען געדאַרפט קויפן אָדער בויען, און דאָס איז געווען איבער די פינאַנציעלע כוחות פון ש.ע.פ.א.

אויך דער מאַנגל אין לערער איז געוואָרן פאַרשאַרפטער פון יאָר צו יאָר. וואָרעם די יידיש־וועלטלעכע שול האָט פאַרלאַנגט אַ טיפּ לערער וואָס זאָל נישט בלויז אָפּלערנען אין קלאַס, נאָר זאָל זיין אַן אַדמיניסטראַטאָר, אַ פירער, אַ סטימולירער, אַ כל־בו אין איין פערזאָן. אַזעלכע זיינען געווען אַ זעלטנקייט — נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אונדזער יידיש־וועלטלעכע געזעלשאַפט־לעכקייט האָט ליידער נישט געמאַכט קיין ערנסטע אָנשטרענגונגען צוצוגרייטן דאָ־געבוירענע לערער, ווייל דאָס האָט מחייב געווען העכערן דעם געהאַלט, דעם פּרעסטיזש, דעם סטאַטוס אין די עקאָנאָמישע בענעפיטן פון יידישער לערעריי.

פונדעסטוועגן האָט מען אין יאָר 1953, ווען מ׳האָט געפייערט דעם 40־יאָריקן יובל פון די ש״ע שולן, געמעגט שטאָלצירן מיט די דערגרייכונגען. ש. גוטמאַן האָט דערמאָלט באַריכטעט, אַז אין משך פון די פיר־צענדליק יאָר האָבן געלערנט אין די ש״ע פאָלקשולן אַרום 40,000 קינדער, און עס האָבן גראַדואירט אַרום 4000 תלמידים; פון דער ש״ע מיטלשול האָבן גראַדואירט 650 תלמידים. ער האָט דעמאָלט אין זיין באַריכט צו דער שול־קאָנפערענץ אין 1953 דערקלערט אַז איצט, 40 יאָר נאָך דער גרינדונג פון די ערשטע ש״ע שולן, האָבן מיר וועלטלעכע יידן שוין אויפגעגעבן די האָפענונג אַז די יידיש־יידן וועלן מאַיאָריזירן די ענגליש־ריידנדיקע יידן אין היגן קיבוץ. אָבער די שפּורן פון אונדזער אַרבעט, האָט ער באַטאָנט, גרייכן ווייטער ווי דאָס אויג קען זען. „אומעטום וואו מען עפנט יידיש־וועלטלעכע שולן זיינען אונדזערע תלמידים צווישן די איניציאַטאָרן. אונדזער וועלטלעכקייט האָט עוואָלוציאָנירט אין דער ריכטונג פון טראַדיציע, וואָרעם אין קוריקולום פון דער ש״ע שול האָבן מיר געפונען אַ גלייכגעוויכט צווישן וועלטלעכער קול־טור — יידישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע, פון איין זייט, און טראַדיציאָנעלע לימודים און פירונגען — תנ״ך, געקליבענע תפילות, עונג־שבתים, יום־טוב־פייערונגען — פון דער אַנדערער זייט. אויך אַ סך פון אונדזערע היימען זיינען איצט יידישלעכער ווי אַמאָל: מיר פּראַווען סדרים (דעם ערשטן, נישט בלויז דעם 3טן סדר); מיר צינדן חנוכה־ליכט און זיינען אויך מקבל־שבת לויט אַ מאָדערניזירטן ריטואַל. וואָס מער מיר אַקלימאַטי־זירן זיך אין אַמעריקע, אַלץ מער זיינען מיר גרייט צו אַקצעפּטירן די אייגענע ירושה פון דורות. אַ סך פון ערשטן יידישן דור, געבאָרן אין אַמעריקע, זיינען אַוועק פון יידן; און דער צווייטער דור אַמעריקאַנער יידן קומט צוריק. אָבער אויב דער ייִנגערער דור שטעלט זיך מיטן פּנים צו די פריערדיקע דורות, וועלן מיר, מזרח־אייראָפּעאישע יידן, זיך דאַרפן שטעלן מיטן פּנים צום ניעם דור. מיר טאָרן נישט בלויז קלאָגן אויפן ׳פאַרלאָרענעם גן־עדן׳ אין מזרח־אייראָפּע — ווי ווייטיקדיק די וואונד זאָל נישט זיין; נאָר אַרויסווייזן פאַר־שטענדעניש פאַר די נויטן און פאַר דער מענטאַליטעט פון אונדזערע קינדער״.[4])

## II

עס האָט זיך דעם אינסטיטוט איינגעגעבן צו פּאַרוואַנדלען די יערלעכע שול־קאָנפערענץ אין אינהאַלטסרייכע פאַרזאַמלונגען. לדוגמא — וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף צוויי שול־קאָנפערענצן. צו דער פיערלעכער דערעפענונג פון דער 30סטער שול־קאָנפערענץ, אין אַסטאָר־האָטעל, אין יאָר 1953, זיינען געקומען 300 דעלעגאַטן און געסט. דער פובליציסט ד״ר שמואל מאַרגאָשעס האָט אין זיין רעפעראַט, אויף דער קאָנפערענץ, אויסגעדריקט דעם געדאַנק אַז מיר יידן אין אַמעריקע דאַרפן ווייטער אָנהאַלטן די פאַרשיידענע טיפּן צוגאַב־שולן, און נישט נאָכטאָן די קאַטאָליקן וועלכע האָבן דאָ אויסגעבויט אַ ריזיקע נעץ פון פּאַראָקיאַלע שולן. מיר טאָרן נישט אונטערגראָבן די פּאָבליק־סקול וועלכע שאַפט אַן אידייאישע נאָענטקייט צווישן אַלע גרופּעס אין דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג. אויב דער קאַטוילישער שטאַנדפונקט וועט זיגן — האָט ד״ר מאַרגאָשעס אַרגומענטירט — אין אַמעריקע, וועט דעמאָלט ווערן אונטערגעגראָבן די סעפּאַראַציע פון קירך און מלוכה, וואָס איז דער יסוד פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. מיר יידן זיינען שטאַרק פאַראינטערע־סירט אַז דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פון אַמעריקע זאָל ווערן פאַר־פעסטיקט און נישט אָפּגעשוואַכט. דער יידישער וועג דאַרף דעריבער זיין: דער וועג פון פרייוויליקן יאָך; דער וועג פון קולטיווירן אונדזער יידיש לעבן אין אַלע זיינע שאַטירונגען און דאָס איבערגעבן די קומענדיקע דורות — אַזוי ווי עס ווערט געטאָן אין די שלום עליכם שולן.[5])

דער דאָזיקער שטאַנדפונקט פון ד״ר שמואל מאַרגאָשעס איז דעמאָלט געווען דער דאָמינירנדיקער אין אַלע קרייזן — אַחוץ ביי דער אָרטאָדאָקסיע — פון דער יידישער אַמעריקע. שפּעטער אין די 60ער יאָרן, אין אַ געענדערטן גייסטיקן קלימאַט און ביי גאָר אַנדערע באַדינגונגען, האָבן אַ סך פריערדיקע קעגנער ובתוכם ש. מאַרגאָשעס איינגעזען אַז אַ שעפערישער יידישער המשך אין אַמעריקע איז מחייב יידישע טאָגשולן.

שמואל ניגער, דער צווייטער רעפערענט ביי דער פייערלעכער דער־עפענונג, האָט באַטאָנט, אַז עס קומט אויף אין אַמעריקע אַ יידישע אינטעליגענץ וואָס שרייבט אויף ענגליש. ס׳איז דאָ אַ יידישע אינטעליגענץ וואָס זוכט אַן ענטפער אויף פּראָבלעמען: עטישע, פילאָסאָפישע, עסטעטישע און גייסטיקע. ער האָט אויסגעפירט: „איך פיל זיך גליקלעך וואָס איך געפין פעדים פון פאַרבינדונג צווישן פאַרשיידענע סאָרטן יידן. ס׳איז וויכטיק אַז מיר זאָלן וויסן, אַז וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן מיט אונדזער יוגנט אין דער צוקונפט, גייט נישט פאַרלוירן דאָס וואָס מיר האָבן דאָ געשאַפן. עס זיינען דאָ יורשים, הגם זיי וועלן איבעראַנדערשן די ירושה. וואָס מער מיר וועלן איבערלאָזן, אַלץ מער וועט זיין צידה לדרך פאַר די קומענדיקע דורות. דערפאַר איז וויכטיק צו וויסן אַז אין אַמעריקע קומט אויף אַ גרופּע וואָס וועט איבערנעמען אונדזער גייסטיקע ירושה״.[6])

יודל מאַרק האָט אין זיין רעפעראַט אַרגומענטירט אַז די יידיש־וועלטלעכע שול איז נייטיק סיי פאַרן יידישן פאָלק, סיי פאַר די עלטערן, און סיי פאַר די שול־טוער. ער האַלט אַז מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן ווי געהעריק אָפּצושאַצן דעם פאַקט, אַז די יידישע שול איז איצט געקניפּט און געבונדן מיט אַן ענגליש־רייידנדיקער היים. „מיר דאַרפן אַ סך זאַכן איבערשאַצן. אַנשטאָט צו קלאָגן אויף דער ביטערער מערכה פון יידיש, וואָס נישט מיר זיינען די שולדיקע, נישט מיר טראָגן די אַחריות פאַר דעם, לאָמיר בעסער זיך פאַר־טראַכטן וועגן דעם מזל פון דער יידישער שול וואָס האָט איבערגעלעבט די תקו־פה פון דער יידיש־רייידנדיקער היים און האָט מעגלעכקייטן און כוחות צו לעבן אין דער איצטיקער צייט. די וויטאַליטעט פון דער יידישער שול איז ממש צו באַוואונדערן. פון דער סאַמע ביטערניש פון שפּראַך־אַסימילאַציע שטאַרצט אַרויס די פרייִדיקייט פון דער יידישער שול, וואָס פאַרבלייבט אַן אינדזל אַ יידישער אין מיטן דעם ים דעם ענגלישן״.[6]

ביים באַנקעט וואָס האָט אָפּגעשלאָסן די קאָנפערענץ, האָט לייבוש לעהרער גערעדט וועגן דעם געפיל פון משפּחהדיקייט וואָס באַהערשט די רייען פון ש.ע.פ.א.; ער האָט דערציילט, אַז די מחלוקת צווישן דער ערשטער ש״ע שול און די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן איז באַשטאַנען אין דער פראַגע פון וועלכן קלאַס מ׳דאַרף אָנהייבן לערנען העברעאיש. אָבער עס זיינען אויך געווען אַנדערע סיבות. די פאַרוואַלטונג פון דער בראָנקסער שול איז באַשטאַנען פון מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישער פאַרטיי. זיי האָבן נאָך פון דער אַלטער היים געבראַכט מיט זיך חשבונות מיט די פועלי־ציון. האָט ביי זיי געווירקט דער פאַרלאַנג זיך ניט אונטערצואוואַרפן באַשלוסן פון „היסטאָרישע״ קעגנער, נאָר לעבן ווי אַן אייגענע משפּחה. אַ זעלבשטענ־דיקע שול דאַרף האָבן אַן אייגענעם טעאָרעטישן צוגאַנג וואָס זאָל מאָטיווירן איר עקזיסטענץ. ווען עס איז אין 1919 אויסגעוואַקסן פון די ש״ע שולן אַ שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, איז ביי אַ טייל נאָך שטאַרקער געוואָרן די נויט צו אַנטוויקלען אַ קרייז אידייען אויף וועלכע די שולן זיינען באַזירט. אָבער ביי אַנדערע האָט אַריבערגעוואויגן דער כוח פון משפּחה־קרייז צו מאָטיווירן און באַרעכטיקן די עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע.[7]

ביים 40־יאָריקן יובל־באַנקעט פון אינסטיטוט, אין דעצעמבער 1953, איז פאָרגעקומען אַ סימפּאָזיום אויף דער טעמע: „דער צושטייער פון יידיש־סעקטאָר צום היגן יידישן קולטור־לעבן — נעכטן און מאָרגן״. אין סימ־פּאָזיום האָבן זיך באַטייליקט: ד״ר פיליפּ פרידמאַן, ד״ר יהודה פּילטש און א. גלאַנץ־לעיעלעס. ד״ר פרידמאַן האָט געמאַכט אַן אינטערעסאַנטן פאַרגלייך צווישן דער יידיש־וועלטלעכער קולטור־באַוועגונג אין מזרח־אייראָפּע און אין אַמעריקע. ער האָט גערופן איבערצוגייִן צו אַ גרויסער קולטור־אָפּענסיווע. ד״ר פּילטש האָט דערציילט וועגן ליכט און שאָטן אין דער היגער יידישער

דערציאונג, און ער האָט אויסגעפירט אַז מיר נייטיקן זיך אין אַ נייער השכלה אין דער יידישער אַמעריקע, וואָס זאָל רעווידירן איינגעשטעלטע שאַבלאָנען אין דער וועלט פון יידישער דערציאונג. א. גלאַנץ־לעיעלעס האָט אָנגעצייכנט דעם שווערן וועג וואָס די יידיש־וועלטלעכע קולטור און דערציאונג האָט דורכגעמאַכט אין אַמעריקע. ער האָט אונטערגעשטראָכן אירע גרויסע דער־גרייכונגען, און די ווערטפולקייט און רייכקייט פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור, וואָס וועט פריער אָדער שפּעטער איבערגענומען ווערן פון אונדזער יוגנט.[8]

דער „געזעלשאַפטלעכער ראַט" ביים ש.ע.פ.א. האָט אין יענעם יאָר, אויף אַ ריי זיצונגען פאַרהאַנדלט דעם ענין צערעמאָניאַל אין דער יידיש־וועלטלעכער היים, און ביי עפנטלעכע פייערונגען. אין שייכות דערמיט האָט לייבוש לעהרער צוגעגרייט גרונט־טעזיסן אין גייסט פון זיין „טראַדיציאָ־נאַליזם".[9]

סוף יאַנואַר, 1954, איז אין קעפּיטאַל־האָטעל פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון ש"ע שול־לערער, טוער, עלטערן און פריינד, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער פּראַגע. שמואל ניגער, דער פאָרזיצער, האָט אין זיין אַריינפיר־וואָרט דערקלערט: מיר דאַרפן געפינען אַ קיצור־שולחן־ערוך פאַר אונדזער קרייז, דאָס איז אַ פּראָבלעם פון אָפּקלייבן. מיר ווילן שאַפן אַ פּלאַן פאַר אַ צערעמאָניאַל. לייבוש לעהרער האַלט, אַז ס'איז באַלד אין אָנהייב געוועזן אַ ריס צווישן די רייד פון די פירער און דער אַרבעט פון די שולן. די היימען זיינען געבליבן אָן יום־טוב, בעת אין די שולן האָט מען גלייך פאַרשטאַנען אַז מען מוז פייערן יידישע יום־טובים. די שלום עליכם שולן האָבן פאַרשטאַנען די געוואַלדיקע סתירה צווישן דער געזעלשאַפט און דער דערציאונג וואָס מ'גיט אין די שולן. עס הייבט זיך דעמאָלט אָן אין אונדזערע קרייזן די דיסקוסיע וועגן צינדן ליכט, ראש־השנה, יום־כיפור. אָבער היינט זיינען די אַלע זאַכן שוין באַלד דערליידיקט, און מען דאַרף זיך שטעלן די פּראַגע וועגן דער אויטאָריטעט. ווער איז די אויטאָריטעט וואָס וועט פעסט־שטעלן ווי און וואָס צו טאָן? וואָרעם די אַלטע אויטאָריטעט איז געפאַלן.

ש. גוטמאַן האָט באַטאָנט, אַז מיר זיינען פּאַקטיש אַ ריכטונג אין יידישן לעבן, נישט בלויז אין שייכות צו קינדער־דערציאונג, נאָר אויך פאַר יידישע קולטור־פּראַגן. ביי דער לעצטער שול־קאָנפערענץ האָבן מיר אָנגענומען דערציערישע גרונט־פּרינציפּן, און אויף דעם יסוד איז באַזירט אונדזער שול־קוריקולום. פונקט אַזוי דאַרפן מיר טאָן בנוגע טראַדיציע און פייערונגען. פריער דאַרפן מיר זיך אייניקן אויף אַ ריי גרונט־הנחות, און שפּעטער אָנ־צייכענען אַ פּלאַן פון פייערונגען סיי פאַר די שולן, סיי פאַר די היימען.

ד"ר ש. סיימאָן באַמערקט, אַז אין ש"ע שול # 15 פּרובירן זיי איינפירן אַ צערעמאָניאַל, אָבער דער עולם וויל דאָס נישט; ער וויל בלויז לעקציעס.

מיר דאַרפֿן שאַפֿן אַ פּראָצעדור פֿאַר דער שול און דער היים. בצלאל שערמאַן מיינט, אַז דער ענין פֿון אויטאָריטעט איז נישט פּשוט. אָבער פֿריער דאַרפֿן מיר ענטפֿערן אויף דער הויפּט־פֿראַגע: צוליב וואָס דאַרפֿן מיר היינט די יידיש־וועלטלעכע שול, און וואָס דאַרפֿן מיר לערנען די קינדער? [10]

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער „געזעלשאַפֿטלעכער ראַט" זאָל צוגרייטן אַ פּראָיעקט פֿון צערעמאָניאַלן פֿאַר די שולן און די היימען, און עס זאָלן קאָאָפּטירט ווערן אין „ראַט" דריי פֿאָרשטייער פֿון די עלטערן.

אַזאַ זיצונג פֿון „געזעלשאַפֿטל. ראַט" איז שפּעטער פֿאָרגעקומען און דאָרטן איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּרינציפּן־דערקלערונג וואָס צייכנט אָן די גרונט־הנחות פֿאַר אַ רעווידירטער וועלטלעכער יידישקייט. דער צערעמאָניאַל דאַרף זיך שטיצן:

א) אויף טראַדיציעס און מנהגים וואָס זיינען ברייט פֿאַרשפּרייט אין פֿאָלק און ניט באַגרענעצט אויף ספּעציעלע יידישע גרופּירונגען.

ב) יעדער אָנגענומענער פּרט זאָל ווערן פּינקטלעך פֿאָרמולירט און יעדער אָנגעהעריקער זאָל פֿילן אויף זיך אַ מאָראַלן חוב אים אָפּצוהיטן.

ג) רעליגיעזע טערמינען וואָס גייען אַריין אין טראַדיציאָנעלע צערע־מאָניעס זיינען וויכטיק ווי מאָמענטן אין המשך. די דאָזיקע טערמינען קען מען אינטערפּרעטירן לויט פֿאַרשיידענע פֿילאָסאָפֿיעס און איבער־צייגונגען פֿון דער מאָדערנער צייט.

ד) דאָס וואָרט, די פּאָעטישע פֿאָרמולע, די תפֿילה, דאַרף שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין יעדן יידישן נוסח.

ביים סוף פֿון די ערשטע 5 יאָר, אונטער ש. גוטמאַנס אָנפֿירונג פֿון אינסטיטוט, האָט דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר באַריכטעט, אַז די אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן באַרייכערט מיט די דאָזיקע אינאָוואַציעס:

1) אָנהייבנדיק פֿון 1950 — איז איינגעפֿירט געוואָרן אַ רעפֿאָרם בנוגע סובסידיעס. ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ מאָדוס פֿון 10 פּראָצענט ביז 15 פּראָצענט אויפֿן געהאַלט פֿון די לערער, יעדע דריי חדשים, צו יעדער שול וואָס ווענדט זיך נאָך דעם. דאָס איז רעגולער אויס־געצאָלט געוואָרן צו אַלע שולן. די דאָזיקע רעפֿאָרם האָט אָפּגעשאַפֿט אַ סך בייז בלוט און האָט אַריינגעבראַכט סיסטעמאַטישקייט אין די שול־בודזשעטן. אַוודאי איז די סובסידיע געווען צו קליין, אָבער אויך דאָס איז ליידער ניט געטאָן געוואָרן פֿריער. אין געוויסע שולן איז דער אינסטיטוט געגאַנגען אַ סך ווייטער ווי לויט דעם מאָדוס.

2) עס זיינען געעפֿנט געוואָרן 8 נייע שולן פֿון וועלכע 7 עקזיסטירן. אַוודאי האָבן מיר געוואוסט, אַז זונטיק־שולן זיינען ניט גלייכן צו

פינף־טאָגיקע, און אַז די דריי־טאָגיקע נייע שולן (4) וועלן ערשט שפּעטער באַווייזן אַז זיי זיינען געקומען צו פאַרבלייבן. אַפילו ווען מיר באַטראַכטן די דאָזיקע 7 פּאָזיציעס ווי בלויז התחלות, אָנזאָגן, אַז מ׳קען בויען שולן, און ווי אַ דעמאָנסטראַציע אַז די אָביעקטיווע באַדינגונגען אין אַמעריקע זיינען ניט קעגן אונדז — איז דאָס אויך אַן אויפטו.

3) עס גייט ביי אונדז אַרויס אַ מימעאָגראַפירטער בולעטין — 7-8 מאָל אַ יאָר — אין יידיש און ענגליש. מיר קריגן אָפּרופן, וואָס זיינען עדות אַז ער ווערט געלייענט, און אַז ער העלפט דערנעענטערן די עלטערן צו אונדזערע אידייען.

4) ענדלעך האָבן מיר — ווי שוין פריער דערמאָנט — געשאַפן אַ „געזעלשאַפטלעכן ראַט" וואָס באַשטייט פון אַ ריי אָנגעזעענע יידישע געלערנטע, פּובליציסטן און קולטור־עסקנים. זיי גיבן ניט בלויז צו חשיבות און דערמוטיקונג צו אונדזער מין דערציאונג, נאָר זיי ווייזן אויך אַרויס אַן אינטערעס אין די אַלע האַרבע טעאָרעטישע פראַגן וואָס די נייע צייט רוקט אַרויס פאַר דער יידישער שול.

5) אַ גרופּע גראַדואַנטן פון די שלום עליכם שולן, וואָס זיינען איצט יונגע טאַטעס און מאַמעס, האָט זיך אָרגאַניזירט אין אַ געזעלשאַפט וואָס שטייט אין נאָענטן קאָנטאַקט מיטן שלום עליכם אינסטיטוט. די דאָזיקע יונגע ש״עניקעס האָבן דעלעגירט זייערע פאָרשטייער אין אַלע צענטראַלע אינסטאַנצן פון ש.ע.פ.א.

ביי דער 31סטער שול־קאָנפערענץ פון ש.ע.פ.א., וואָס איז דורכגעגאַנגען אונטערן צייכן פון 300־יאָריקן יובל פון אַמעריקאַנער יידישן ישוב — אין האָטעל אַסטאָר, סוף מאַי 1954, זיינען אויפגעטראָטן מרדכי שטריגלער און יודל מאַרק. דער ערשטער האָט געשילדערט די כאַראַקטעריסטישע שיינקייטן פון דער יידישער קולטור אין מזרח־איירופּע, און ווי מיר ראַנגלען זיך במשך די לעצטע עטלעכע דורות ווי אַזוי איבערצוגיסן דעם אַלטן ווייַן אין נייע כלים, וואָס דאָס איז אויך די גרויסע אויפגאַבע פאַר אונדז אין אַמעריקע. דער צווייטער רעפערענט האָט באַטאָנט, אַז יידיש קען איצט מער נישט געלערנט ווערן ווי אַ מוטער־שפּראַך פון היגן יידישן קינד, נאָר ווי אַ בריק וואָס פאַרבינדט יידישע ישובים איבער דער וועלט, און אַז דער לאָזונג דאַרף איצט זיין: „דאָס יידישע פאָלק פאַרן יידישן קינד".

אויף דער זעלביקער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ סימפּאָזיום — „די טעאָריע און די פּראַקטיק פון די ש״ע שולן" — מיט דער באַטייליקונג פון: ש. גוטמאַן, ד״ר ש. סיימאָן, און ד״ר יוסף לאַנדיס. אויפן באַנקעט וואָס האָט אָפּגעשלאָסן די קאָנפערענץ האָט גערעדט פּראָפ׳ האַראָס קאַלען וועגן דער „ראָלע פון אַ מינאָריטעט אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן". ער האָט

באַטאָנט, אַז ס'איז נישט מעגלעך בלויז איין דעפיניציע פאַר די טערמינען: ייד, מינאָריטעט, אַמעריקאַניש. מיר יידן קענען נישט לעבן אַ קרעאַטיוו לעבן צוליב אַן אויסערלעכן דרוק; בלויז אין טערמינען פון אינעווייניקסטע אידעאַלן קענען מיר זיין שעפעריש. די ש״ע שולן זיינען אַן אויסדרוק פון אינעווייניקסטער שעפערישקייט. דער ש.ע.פ.א. איז אַן אידעאישע געמיינשאַפט נישט צו האַלטן איזאָלירט זיינע גייסטיקע ווערטן, נאָר זיי פריי איבערצוגעבן אַלעמען — ווייל די מאַיאָריטעט קען פון דעם אַ סך געווינען.[11]

## III

אויך אין דער צווייטער העלפט פון די 50ער יאָרן איז דער אָפיס פון אינסטיטוט געווען שטאַרק פאַרנומען מיט גרינדן, אויפן פאַרלאַנג פון די עלטערן, נייע שולן. מ'האָט זיך שטאַרק באַמיט נישט צו פאַרקלענערן די לערן־טעג, אָבער נישט אַלעמאָל איז עס געלונגען — צוליב די אויבן־דערמאָנטע סיבות. אַ ריי אַלטע שולן אין די געגנטן וואָס זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן האָט מען פאַרמאַכט און עס זיינען — אין די 5 יאָר — אָרגאַניזירט געוואָרן 4 נייע שולן: שול #8 (אין סטאַטן־איילענד); שול #9 (אין בלומפילד, נ. דזש.); שול #41 אין (ראָזלין, ל. א.); שול #10 (אויף דייקמאַן סט., מאַנהעטען). די צאָל תלמידים, אין יאָר 1960, האָט באַטראָפן 855 (446 אין די 3־5־טאָגיקע שולן; 339 אין די זונטיק־שולן, און 70 אין די קינדערגערטנער), און אין 12 ש״ע שולן האָט מען געלערנט 3־5 טעג אַ וואָך, בעת אין 5 האָט מען געלערנט בלויז איין טאָג.

דער דעטאַליזירטער קוריקולוס פאַר די זונטיק־שולן האָט אַרויסגעהאָלפן אין אַלע לימודים, אָבער אַזוי ווי דער רוב פון די לערער אין די איינטאָגיקע שולן האָבן נישט געמאַכט קיין לעבן פון יידישער לערעריי — דאָס איז ביי זיי געווען אַ נעבן־פאַרדינסט — זיינען זיי נישט געקומען צו רעגולערע פעדאַגאָגישע זיצונגען, און זייער פאַרבינדונג מיטן אינסטיטוט איז געוואָרן שוואַך.

די איינטאָגיקע שולן, ווי מ'האָט געקענט פאָרויסזען, האָבן נישט צוגעשטעלט קיין תלמידים צו דער מיטלשול; וואָרעם די הי־געבאָרענע עלטערנשאַפט איז געווען צו נאָכגעביק אין אַלצדינג צו די קינדער, און זיי נישט געוואָלט באַשווערן מיט אַן עקסטרע יידישן יאָך; און דערצו האָבן מערסטע זונטיק־שולן זיך געפונען אין די פאָרשטעט, פון וואַנען עס איז געווען ווייט צו פאָרן אין צענטער פון שטאָט, וואו די מיטלשול האָט פונקציאָנירט. דאָס אַלץ האָט געפירט צו דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל תלמידים אין מיטלשול.

מיר האָבן דעריבער אָנגעהויבן אַ פּרואוו צו פאַראייניקן אַלע דריי מיטלשולן: פון אַרבעטער־רינג, פאַרבאַנד, און ש.ע.פ.א. נאָך אַלע באַמיאונגען אונדזערע האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער אַרבעטער־רינג וויל דעם שידוך

בלויז מיטן אינסטיטוט; און ווייל דער אינסטיטוט האָט געהאַלטן אַז מ׳דאַרף פּאַראייניקן אַלע — 3 — מיטלשולן — איז דעריבער אין מאַי, 1957, צושטאַנד געקומען בלויז די פּאַראייניקונג פון דער ש״ע און פאַרבאַנד מיטלשול.

איידער מיר גיבן דעם נייעם סדר פון די לימודים וואָס ס׳איז איינגע־שטעלט געוואָרן אין דער פּאַראייניקטער מיטלשול (פון פאַרבאַנד און ש.ע.פ.א.), וועט זיין כדאי אָנצוצייכענען די פּראָגראַם פון דער ש״ע מיטלשול אין די לעצטע יאָרן פון איר זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ.

די לערער־קאָלעגיע אין יאָר 1953, איז באַשטאַנען פון: ל. כאַנוקאָוו, י. זילבערבערג, מ. גאָלדשטיין, י. גויכבערג, דוד לעהרער, מ. אָליצקי, א. באס, און ש. גוטמאַן, דירעקטאָר. י. גויכבערג האָט געלערנט אַ שעה מיט יעדן קלאַס: תנ״ך און פּרקי אָבות. דער ערשטער קלאַס האָט גענוצט ווי אַ טעקס־בוך שלמה סיימאָנס קיצור פון יהושע און שופטים, און טיילן פון שמואל א און ב — פון יהואָשעס תרגום־יידיש. דער צווייטער קלאַס האָט דורכגענומען טיילן פון שמואל א און ב; דער דריטער קלאַס — טיילן פון עמוס און ישעיה, און דער פערטער קלאַס — 15 קאַפּיטלעך פון תהילים וואָס אילוסטרירן אידייען פון יושר, נאַציאָנאַלע מאָמענטן, ליריק און הימנען. דער קלאַס האָט אויך געלערנט 10 קאַפּיטלעך פון משלי און פּרקי־אָבות. פאַר פּרקי־אָבות האָט גויכבערג צוגעגרייט — אין מימעאָגראַפירטער פאָרעם — אַ פאַרקירצטן טעקסט וואָס איז גרופּירט געוואָרן טעמאַטיש.

דער געשיכטע־לימוד איז רעווידירט געוואָרן אַזוי, אַז דאָס ערשטע יאָר האָט מען אָפּגעגעבן אויף געשיכטע פון „יידן אין אַמעריקע״, און „אין ארץ־ישראל״. מיט דעם לימוד האָבן אָנגעפירט מ. גאָלדשטיין און דוד לעהרער. י. זילבערבערג און ל. כאַנוקאָוו האָבן געלערנט יידיש און יידישע ליטעראַטור. דער ערשטער קלאַס האָט דורכגענומען שלום אַשס „קיין אַמעריקע״ און אַן אָפּקלייב פון א. רייזענס לידער און דערציילונגען; דער צווייטער קלאַס — שלום עליכמס „מאָטל פּייסי״, און רייזענס לידער און דערציילונגען; דער דריטער קלאַס — שלום עליכמס „פונעם יאַריד״; אין 4טן קלאַס האָט מען דורכגענומען שלום אַשס „דער תהילים־ייד״; טיילן פון עסייען בוך (צונויפגעשטעלט פון ד״ר שלמה ביקל), און יודל מאַרקס קיצור פון דער „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור״. א. באס האָט געלערנט העברעאיש, און מ. אָליצקי — יידיש.

ש. גוטמאַן האָט געלערנט מיט די קלאַסן „ג״ און „ד״: — יידישע פּראָב־לעמען און יידישע באַוועגונגען אין דער מאָדערנער צייט. פאַר דעם לימוד איז נישט געווען קיין טעקסט־בוך אין יידיש, האָט מען זיך באַנוצט מיט זשורנאַלן און בעל־פה; געלערנט האָט מען דעמאָלט אין מיטלשול 8 שעה אַ וואָך.

ווען די ש״ע מיטלשול האָט זיך פאַראייניקט מיט דער פאַרבאַנד מיטל־שול איז איינגעשטעלט געוואָרן, אַז מ׳זאָל לערנען 8 שעה אַ וואָך.

אין קלאַס א:

| | |
|---|---|
| יידיש און יידישע ליטעראַטור........ | 3 שעה |
| העברעאיש און מדינת ישראל....... | 2½ " |
| חומש ........................... | 1½ " |
| יידישע געשיכטע .................. | 1 " |
| | 8 שעה |

אין קלאַס ב:

| | |
|---|---|
| יידיש און יידישע ליטעראַטור ....... | 3 שעה |
| תנ"ך ........................... | 1½ " |
| העברעאיש ....................... | 2 " |
| יידישע געשיכטע ................. | 1½ " |
| | 8 שעה |

אין קלאַס ג:

| | |
|---|---|
| יידיש און יידישע ליטעראַטור ....... | 3 שעה |
| העברעאיש ....................... | 2 " |
| תנ"ך ........................... | 1½ " |
| יידישע געשיכטע ................. | 1½ " |
| | 8 שעה |

אין קלאַס ד:

| | |
|---|---|
| יידיש און יידישע ליטעראַטור ....... | 2 שעה |
| העברעאיש ....................... | 2 " |
| פּרקי אָבות ..................... | 1 " |
| תנ"ך ........................... | 1 " |
| יידישע געשיכטע .................. | 1 " |
| יידישע פּראָבלעמען ............... | 1 " |
| | 8 שעה |

די פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע — אונטערן פאָרזיץ פון י. גויכבערג, מיט דער באַטייליקונג פון מ. גאָלדשטיין, ש. גוטמאַן, יודל מאַרק און י. נאָסקאָוויץ — האָט אין 1959, נאָך אַ ריי זיצונגען, רעווידירט און אויסגעאַרבעט אַ באַנייטע פּראָגראַם פון יידישער געשיכטע וואָס האָט אַריינגענומען די נייעסטע געשעענישן אין יידישן לעבן. די פּראָגראַם האָט גענומען אין באַטראַכט דעם פאַקט אַז יידישע געשיכטע איז געוואָרן דער צענטראַלער לימוד אין דער

יידישער שול, און אַז דורך געשיכטע ווילן מיר קודם־כל פֿאַרפּלאַנצן ווערטן און פּאָזיטיווע באַציאונגען צום יידישן לעבן. מ׳האָט אויך אין זינען געהאַט די גרויסע שינויים אין דער יידישער וועלט, און דעם נייעם קינדער־עלעמענט וואָס איז שוין דער דריטער דור אין אַמעריקע.

דער אינסטיטוט האָט געמעגט ביים אָפּשליסן די 50ער יאָרן — זיין צופרידן מיט זיין אויפבויען אַ בנין פאַר זיין שול #21 (אויף בייבברידזש עוו. אין 208סטע גאַס, בראָנקס) — איינע פון זיינע וויכטיקסטע און גרעסטע שולן, אויב נישט די בעסטע יידיש־וועלטלעכע שול אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס שול־יאָר 1960 איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן מיט אַ פייערונג לכבוד י. גויכבערגס פאַרענדיקן 40 יאָר ווי אַ יידישער לערער. דער ערן־גאַסט האָט אין זיין רעדע געמאַכט אַ חשבון־הנפש פון יידיש־וועלטלעכער דערציאונג אין אַמעריקע און אויסגעפירט: „די גרויסע יידישע קאַטאַסטראָפע האָט גע־לאָזט פאַלן אליהוס שווערן מאַנטל אויף די נאָך שוואַכע פלייצעס פון אונדזער אַמעריקאַנער אלישע, אָבער דאָס אומגליק האָט אויך צעטרייסלט און אויפ־געוועקט די האַלב־אַטראָפירטע גלידער פונעם פאָלק. דער אינטערעס פון די הי־געבאָרענע וואַקסט מיט יעדן טאָג צום יידישן עבר און זיין הווה. עס באַמערקט זיך אַ זאָרגעוודיקייט פאַרן עתיד, און אינאיינעם מיטן פּאָזיטיוון פאַקטאָר פון מדינת ישראל העלפט עס אָנוואַרעמען די נאַציאָנאַלע לופט אַרום אונדז.״[13]

## IV

## פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן

אין די 50ער יאָרן פלעגן די ש״ע שול־לערער אָפּהאַלטן יערלעכע פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן, וואו מ׳האָט באַטראַכט די פּעולה פון די תלמידים אין אַלע לימודים, און מ׳האָט זיך באַמיט צו דערגרייכן מער. דער רוח־החיים פון די אַלע קאָנפערענצן איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער קאָנסולטאַנט פון די ש״ע פאָלקשולן (און פון די אַרבעטער־רינג שולן) דער פּעדאַגאָג יודל מאַרק. אַ דאַנק יודל מאַרקס עקשנותדיקן איינשטעלן זיך פאַר אַ הויכן ניוואָ און זיין איבערגעגעבנקייט צום יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין אַמעריקע, איז זיין השפּעה אויף די לערער געווען אין לשער גרויס. און אויב דער פּעדאַגאָגישער ניוואָ פון די שלום עליכם שולן איז געווען אַ גאַנץ־נישקשה־דיקער, איז עס נישט אין אַ קליינער מאָס געווען דער פאַרדינסט פון יודל מאַרקן און זיין „פּעדאַגאָג׳ בולעטען״.

מיר ווילן זיך דאָ בלויז אָפּשטעלן אויף עטלעכע פּעדאַגאָגישע קאָנפע־רענצן, ווי אַן אילוסטראַציע פון זייער אינהאַלט און פאַרנעם.

אין יאָר 1956 איז פאָרגעקומען אַ פּעדאַגאָגישע קאָנפערענץ פון די ש״ע שולן צוזאַמען מיט די אַרבעטער־רינג שולן, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיטן לימוד חומש. משה גאָלדשטיין (לערער פון ש״ע שול #21) האָט אין זיין רעפעראַט אָנגעוויזן, אַז דער לערער דאַרף בעת ער לערנט דעם לימוד פירן מיט די תלמידים שמועסן וואָס בינדן זיך מיטן חומש. ער האָט אויסגעפירט אַז דער ציל פון לימוד איז איבערצוגעבן די קינדער די ביאָגראַפיע פון יידישן פאָלק, און דערביי באַרייכערן זיי מיט אַגדות פון תלמוד, פון מדרש, און מיט קלוגע איינפאַלן פון רש״י.[14])

די קאָנפערענץ פון יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, אין 1958, האָט זיך פאַרנומען מיט דער טעמע „צען יאָר מדינת ישראל און יידישע דערציאונג״.

פון די ש״ע שולן האָבן רעפערירט די לערער לייבוש שפּיטאַלניק און שלמה גאָלדמאַן. ל. שפּיטאַלניק האָט אויסגעדריקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז די לערער דאַרפן איבערגעבן די קינדער וויסן וועגן ארץ־ישראל; וועקן אַן אינטערעס צו אַלע פריערדיקע און איצטיקע טעטיקייטן אין ישראל; געבן די קינדער אַ ריכטיקן צוגאַנג, אַ וואַרעמע באַציאונג צו ישראל.

שלמה גאָלדמאַן האַלט, אַז דאָס לערנען וועגן מדינת ישראל דאַרף נישט איינגעשטעלט ווערן ווי אַ באַזונדער לימוד, נאָר עס דאַרף זיין אַן עלעמענט אין לערנען, גראָד ווייל עס וועט זיין אַ באַשטאַנדטייל פון אַלע אַנדערע לימודים וועט דער לערער האָבן אַ מעגלעכקייט צו זיין מער שעפעריש.[15])

חול־המועד־פּסח, 1960, איז פאָרגעקומען די יערלעכע פּעדאַגאָגישע קאָנפערענץ פון די ש״ע שולן. ביי דער ערשטער סעסיע האָט ש. גוטמאַן רעפערירט: „וואָס קענען אונדזערע שולן לערנען פון די פאָרשונגען איבער יידישער דערציאונג״. ער האָט אַנאַליזירט א. מ. דושקינס און וו. ז. ענגעל־מאַנס „שטודיע איבער יידישער דערציאונג אין אַמעריקע״. ער איז געקומען צום אויספיר, אַז ביים צווייטן און דריטן דור שפּילט נישט די איינציקע ראָלע די אידעאָלאָגיע פון דער שול, נאָר אויך איר רעפּוטאַציע, און דאָ איז דער הויפּט־פאַקטאָר דער לערער. מערסטע עלטערן ווילן פון יידישער דערציאונג יידיש־וויסן, אָבער זיי זיינען נישט גרייט אָפּצוגעבן אַ סך צייט אויפן לערנען, הגם עס מערקט זיך אויך אַ טענדענץ צו אַן אינטענסיווער יידישער דערציאונג.

ביי דער צווייטער סעסיע האָט יודל מאַרק רעפערירט אויף דער טעמע: „אונדזערע אידעאָלאָגישע יסודות און די איצטיקע סביבה״. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן פאַקט, וואָס די היינטיקע לערער און עלטערן געהערן נישט צום זעלביקן דור, איז דערפאַר דער קאָנטאַקט נישט אַזוי פעסט צווישן זיי ווי אַמאָל. ער האַלט, אַז העברעאיזירן דעם גלות איז אַן אוטאָפּיע, און יידיש איז נאָך אַלץ די בינד־שפּראַך צווישן די יידישע קיבוצים איבער דער וועלט — און קען נאָך זיין די בינד־שפּראַך פאַר דורות.[16])

## V

## 1970 — 1960

אויב די 50ער יאָרן האָבן דערמוטיקט דערמיט וואָס דער צווייטער דור אין אַמעריקע האָט גענומען בויען ש״ע שולן פאַר זיינע קינדער, האָבן די 60ער יאָרן געוועקט אַ ביסל האָפענונג מיט דעם וואָס דער יונגער דאָ־געבאָרענער דור האָט צוגעשטעלט אַ ריי טוער — ליידער ווייניק אין צאָל — וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון די צענטראַלע אינסטאַנצן פון אינסטיטוט; אָן זיי וואָלט נישט מעגלעך געווען פאַרן ש.ע.פ.א. ווייטער אָנצוגיין, ווייל אין אָנהייב פון די 60ער יאָרן זיינען אַוועק אויף אייביק אַ ריי וועטעראַנען פון דער אָרגאַניזאַציע.

אָבער מערסטע פון די יונגע אינסטיטוט־טוער זיינען געווען שטאַרק־פאַרנומען אין זייערע פּריוואַטע געשעפטן, און האָבן געקענט אָפּגעבן ווייניק צייט פאַר דער אָרגאַניזאַציע. פונדעסטוועגן האָט עדי סאָלאָמאָן, דער דאָ־געבאָרענע פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע, דרייסט געקענט זאָגן ביים יערלעכן באַנקעט, דעם 5טן דעצעמבער, 1965 — „נישט געקוקט אויף אַלע שטרויכלונגען זיינען מיר דאָ. מיר שטייען ביי דער אַרבעט. מיר האַלטן אָן אונדזערע פּאָזיציעס".[17])

עס זיינען געגרינדעט געוואָרן 2 נייע שולן: איינע אין מאַנהעטן (שול #2; ביי 90סטער גאַס) און די צווייטע אין אַשענסייד, ל. אַ. (שול #32). אין 1967 האָט ש. גוטמאַן באַריכטעט ביי דער 40סטער שול־קאָנפערענץ (יולי, 1967) אַז עס לערנען אין די שולן 762 קינדער.

במשך 10 יאָר האָט דער ש.ע.פ.א. אָנגעהאַלטן אַ בשותפותדיקע מיטלשול מיטן „פאַרבאַנד". אָבער אַזוי ווי מערסטע געגנטן וואו דער פאַרבאַנד האָט געהאַט שולן האָבן זיך אויסגעליידיקט פון יידן, און זיינע שולן האָבן דעריבער צוגעשטעלט ווייניק תלמידים אין דער מיטלשול, דערפאַר האָט מען זיך משתתף געווען מיטן אַרבעטער־רינג. דער פאַרבאַנד האָט זיך צוריקגעצויגן און ס'איז געשאַפן געוואָרן — אין 1966 — די פאַראייניקטע מיטלשול פון אַרבעטער־רינג און ש.ע.פ.א. מען האָט אויסגעאַרבעט אַ קוריקולום וואָס האָט זיך ווייניק אונטערגעשיידט פון פריערדיקן סדר פון די לימודים.

ביים סוף פון די 60ער יאָר, ווען מ'האָט אונטערגעצויגן אַ סך־הכל, האָט דער אינסטיטוט באַריכטעט — ביי דער שול־קאָנפערענץ, מאַי 1968 — וועגן עטלעכע נייעסן במשך דער לעצטער דעקאַדע:

1. עס איז געגרינדעט געוואָרן די ש״ע דערציאונגס־פונדאַציע, כדי צו סובסידירן די עקזיסטירנדיקע שולן, און צו בויען בנינים ווען נייטיק.

2. עס זיינען צוגעגרייט געוואָרן יום־טוב־איינסן (וועלטלעכע „מחזורים") פאַר די שולן און די עלטערן. די יום־טוב־בראָשורן האָבן איינגע־

שלאָסן ראש־השנה, חנוכה, פּורים און פּסח (אַן אויסגעבריייטערטע מאָדערנע הגדה).

3. זינט 1969 האָט אָנגעהויבן דערשיינען, אָנשטאָט די פריערדיקע (מימיאָגראַפירטע) בולעטינען אויף יידיש, און באַזונדער אויף ענגליש — אַ צוויי־חדשימדיקער זשורנאַל „דרך", אין יידיש און ענגליש, וואָס אינפאָרמירט די עלטערן וועגן יידישע פּראָבלעמען און וואָס באַקענט זיי מיט די וויכטיקסטע דערשיינונגען אין דער יידישער ליטעראַטור, און אין יידישן קולטור־לעבן. עס איז אַ יידיש־וועלטלעכע שריפט וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס פּנים פון ש״ע אינסטיטוט, און וואָס געפינט אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג ביי דער עלטערנשאַפט.

4. דער הי־געבאָרענער דור — די ערשטע תלמידים וואָס האָבן גראַדואירט די ש״ע שולן — האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע און זעצט פאָר די אַרבעט פון די ראשונים.

5. עס איז צוגעגרייט געוואָרן פון ש.ע.פ.א. אַן איינהייטלעכער גראַדויר־צערעמאָניאַל פאַר אַלע שולן.

דער דאָ־געבוירענער דור האָט ווידער אַרויסגערוקט נייע פּראָבלעמען, וואָס דער אינסטיטוט וועט מוזן לייזן; דער דאָזיקער דור איז, ווי באַקאַנט, אַ פּראָדוקט פון אַן אַנדער סביבה ווי דער פּיאָנערן־דור. ער איז ווייט נישט אַזוי טיף פאַראַנקערט אין יידישן לעבן און אין דער יידישער קולטור ווי דער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַנטן־דור איז געווען. ער איז אויך נישט גרייט אָפּגעבן אַ סך צייט אויף פרייוויליקער כלל־טועריי; ער מיינט, אַז פאַר דעם צוועק דאַרף מען אָנשטעלן פּראָפעסיאָנעלע עקספּערטן. אַזעלכע פאַכלייט מיט באַציאונג, איז אָבער שווער צו געפינען, ספּעציעל פאַר אונדזער קולטור־יידישקייט, און דערצו פאַרלאַנגט דאָס אַ פּיל־גרעסערן בודזשעט ווי דער אינסטיטוט קען שאַפן.

דער ייִנגערער שול־טוער מעסט שול־אַרבעט מיט אַן אַלגעמיינער אַמע־ריקאַנער מאָס: ער מאָנט ערשט־קלאַסיקע, קרעאַטיווע יידישע לערער וואָס זאָלן באַנוצן די נייעסטע לערן־מעטאָדן, און וואָס זאָלן האָבן צו זייער דיס־פּאָזיציע רייך־אילוסטרירטע טעקסט־ביכער אין אַלע לימודים, און פאַר־שיידנאַרטיקע פּעדאַגאָגישע מאַטעריאַלן לויט דער לעצטער מאָדע אין פּעדאַ־גאָגיק. אַזעלכע גוט־אויסגעשולטע יונגע לערער זיינען אָבער אַ זעלטנהייט אין דער יידישער שול. די יונגע עלטערנשאַפט נייטיקט זיך אויך אין אַ לערער וואָס זאָל נישט בלויז אָפּלערנען מיט די קינדער, נאָר ער זאָל זיין אַ גייסטיקער פירער, אַ במקום־ראַביי פאַר די דערוואַקסענע. אָבער וואו געפינט מען לערער וואָס זאָלן פאַראייניקן אין איין פּערזאָן אי אַ פּעדאַגאָג, אי אַ גייסטיקן פירער? וועט דעריבער די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע זיך אַ סך דאַרפן אָפּגעבן מיט די לאָקאַלע שולן — מער ווי דאָס איז געווען נייטיק אין דער ערשטער העלפט פון היינטיקן יאָרהונדערט.

## VI

לאָמיר איצט זיך אָפּשטעלן אויף עטלעכע גרונט־מאָמענטן אין דער אידעאישער עוואָלוציע פון די שלום עליכם שולן.

די ש״ע פאָלקשולן — פּונקט ווי די אַנדערע טיפּן יידיש־וועלטלעכע שולן — זיינען אויפגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פון גרויסן נאַציאָנאַל־סאָציאַלן אויפשוואונג אין דער יידישער וועלט, אין אַמעריקע און מזרח־אייראָפּע, אין אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; זיי זיינען אַרויסגעוואַקסן פון דער השכלה און יידישן פאָלקיזם. זיי זיינען זינט זייער אויפקום נישט דאָמינירט געוואָרן פון קיין פּאַרטיי אָדער אָרדן; דער ש״ע פאָלק אינסטיטוט איז אַן אָרגאַניזאַציע פאַר יידישער דערציאונג לשמה, און צו אים האָבן אַלעמאָל געהערט נאַציאָנאַלע יידן „וואָס גלייבן אין דער מעגלעכקייט פון גרויסער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט אין אַלע לענדער וואו ס׳געפינען זיך יידישע מאַסן״.

ביים סאַמע אָנהייב זיינען די ש״ע שולן געוואָרן באַזירט אויף 4 גרונט־יסודות: וועלטלעכקייט, יידיש, אומעטומיקייט, קינד־צענטרישקייט. וועלט־לעכקייט איז דעמאָלט פאַרשטאַנען געוואָרן אין ככל־הגויימדיקן נוסח: אַז דעם ערשטן אָרט אין קוריקולום דאַרפן פאַרנעמען שפּראַך (יידיש), יידישע ליטע־ראַטור און יידישע געשיכטע. די יידישע רעליגיע האָט מען באַטראַכט פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט: מען האָט דעם קינד דערציילט, אינפאָר־מירט וועגן יידישע גלויבונגען און מנהגים. מען האָט באַטאָנט אַז דער ציל פון דער ש״ע שול איז אַז דאָס קינד זאָל ווערן אַן אַקטיווער מיטבויער פון יידישן לעבן. דער לימוד פון יידיש איז מאָטיווירט געוואָרן דערמיט וואָס זי איז די שפּראַך פון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה; און ווייל מיר האָבן במשך 1900־יאָר־גלות אויסגעפורעמט עכטע, פולבלוטיקע יידן בכל תפוצות ישראל — דערפאַר האָבן שלום־עליכמניקעס געגלייבט אַז די זון פון יידישקייט קען אויך שיינען אין אַמעריקע.

שוין דעמאָלט האָט די ש״ע אידעאָלאָגיע אַקצעפּטירט אַמעריקע און האָט געשטרעבט „אויפן פּראָדוקטיווסטן אופן האַרמאָניש באַהעפטן די אַלגעמיין־אַמעריקאַנער און די יידיש־וועלטלעכע דערציאונגס־עלעמענטן״. אויף אונדזער היינטיקן לשון הייסט עס, אַז וועלטלעכע יידישקייט דאַרף אינטעגרירט ווערן מיט אַמעריקאַנישקייט, כדי מיר זאָלן זיך אַנטוויקלען ווי אַ שאַפנדיק קולטור־פאָלק אין אַמעריקע. דער ש״ע פאָלק אינסטיטוט איז גלייך ביים אָנהייב געווען אַן אָרגאַניזאַציע צו וועלכער עס האָבן געהערט מיטגלידער פון פאַרשיידענע שאַטירונגען און איינשטעלונגען אין שייכות צו יידישע אָדער אַלגעמיינע פּראָבלעמען. דער ניו־יאָרקער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט איז געשאַפן געוואָרן אין 1918, הגם די ערשטע ש״ע שולן זיינען שוין דערעפנט געוואָרן אין 1913.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָט זיך געמערקט אַ רעוויזיע־

שטימונג אין די היגע יידיש־וועלטלעכע קרייזן. צוליב דעם וואָס די עלטערנ־שאַפט פון די הי־געבאָרענע איז געוואַקסן אויפן חשבון פון די אימיגראַנטן; צוליב דעם וואָס אין די היימען האָט ענגליש אַלץ מער פאַרנומען דעם פּלאַץ פון יידיש; צוליב דעם וואָס מיר האָבן דערפילט, אַז די סכנה אויף אונדזערע ברידער רוקט זיך אַלץ נעענטער און צוליב דעם וואָס די וועלט איז געוואָרן אַלץ אַכזריותדיקער צו אונדז — צוליב דעם אַלעם האָבן אַ סך שול־טוער און לערער איינגעזען אַז בלויז אויף יידיש, ליטעראַטור און געשיכטע אַליין קען מען ניט פאַרזיכערן אונדזער קיום אין אַמעריקע. מען האָט באַגריפן, אַז די ש״ע שול מוז זיך פאַרקירעווען אין דער ריכטונג פון מער יידישקייט, פון אייביקע יידישע אינהאַלטן, און פייערלעכקייטן וואָס וועלן אַזוי טיף פאַר־וואָרצלען דאָס קינד אין אַלט־יידישן באָדן, אַז קיין צייט־מאָדעס און שטורעמס וועלן אים נישט קענען אָרויסרייסן.

אין מאַי 1938 האָט די קאָנפערענץ פון ש״ע פאָלק אינסטיטוט איינגעפירט דעם לימוד פון חומש אין די שולן; זינט דאַן הייבט מען אָן לערנען חומש — לויט דער יהואָש־איבערזעצונג — פון 5טן זמן; אין די זמנים 8 און 9 איז באַשלאָסן געוואָרן צו לערנען נביאים ראשונים. זינט 1944 האָט מען איינגע־פירט פאָרמעל דעם לימוד העברעאיש פון 5טן זמן אָן. פאַר די לעצטע 4 זמנים איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ באַזונדער לימוד „יידישע ידיעות״ וועגן יידישע מנהגים, לעבנס־שטייגער, וועגן דעם מצב פון די יידן איבער דער וועלט מיט אַ באַזונדער אינטערעס פאַר ארץ־ישראל.

במשך די לעצטע 20 יאָר זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאָרגעקומען 4 אַנטוויקלונגען אין שייכות צום יידישן חינוך:

א) די היגע יידן זיינען איצט מער אינטעגרירט אין דער קולטור פון לאַנד, און ווי אַ רעזולטאַט דערפון — שפּראַכלעך מער אַסימילירט. דערפאַר, אין דער ערשטער ריי — איז געפאַלן די צירקולאַציע פון די יידישע צייטונגען און ס'האָט זיך פאַרשטאַרקט דער קריזיס אין דער יידיש־קולטור. ביים רודער פון רוב יידיש־וועלטלעכע שולן שטייט איצט דער צווייטער דור — די קינדער פון די פּיאָנערן וואָס האָבן געגרינדעט די שולן. מערסטע פון די איצטיקע דאָ־געבאָרענע שול־טוער זיינען טעטיק אין שול כל־זמן זייערע אייגענע קינדער לערנען דאָרטן. ווייניק עלטערן זיינען שול־טוער פאַר יענעמס קינ־דער — ווי דער פאַל איז געווען ביים ערשטן דור.

ב) דער קאַדער לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן וואָס שטאַמט פון מזרח־אייראָפּע פאַרענדיקט איצט זיין ראָלע, און זיינע לעצטע רעשט־לעך גייען ליידער שנעל אַראָפּ פון דער סצענע. די דאָזיקע לערער זיינען נישט אַלעמאָל געווען געשולטע פּעדאַגאָגן, אָבער וואָס עס האָט זיי געפעלט אין אויסשולונג האָבן זיי דערגאַנצט מיט ליבשאַפט,

מיט אידעאַליזם, מיט אמונה. די יידישע שולן לעבן איצט אויף די שיריים פון דעם דור. עס זעט זיך נישט קיין רעזערוואואַר פון יונגע דאָ־דערצויגענע לערער מיט באַהאַוונטקייט אין דער יידישער און אַמעריקאַנער קולטור — און אַזעלכע צוויי־קולטורישע לערער מוזן מיר האָבן פאַר דער היינטיקער עלטערנשאַפט. אמת, מיר פאַרמאָגן אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אַ צאָל דאָ־געבוירענע יידישע לערער, אָבער דאָס זיינען, צום גרעסטן טייל, אָדער יונגע פרויען וואָס קענען בלויז אָפּגעבן איין־צוויי טעג אַ וואָך אויף יידישער לערעריי; אָדער יונגעלייט וואָס שטודירן אַ פּראָפעסיע און זיינען לערער אויף דער־וויל — ביז זיי וועלן פאַרענדיקן זייערע שטודיעס.

ג) ס׳האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט די קאָנגרעגאַציע־שול — יעדע סינאַגאָגע האָט איר קינדער־שול. פאַרשטייט זיך, אַז די גרעסטע קאָנגרעגאַציעס — די טעמפּלען און סינאַגאָגעס — פאַרמאָגן אַ היפּשן שטאַב אָנגעשטעלטע: אַ ראַביי, אַן עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר, אַ פּרינציפּאַל, סעקרעטאַרינס און לערער; די אַלע קענען ווערן איינגעשפּאַנט לטובת דער קינדער־שול. אפילו דאָרט וואו די יידישע וועלטלעכע שולן געפינען זיך אין אייגענע בנינים, פאַרמאָגן זיי נישט אַזעלכע גרויסע אַפּאַראַטן מיט די נייטיקע בודזשעטן.

ד) במשך די לעצטע צען יאָר זיינען זיך שטאַרק צעוואַקסן די יידיש־רעליגיעזע טאָגשולן, אַזוי אַז איצט זיינען שוין פאַראַן אַרום 300 טאָג־שולן מיט 60,000 תלמידים אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַוודאי איז דער וואוקס פון די דאָזיקע טאָגשולן שטאַרק סטימולירט געוואָרן צוליב דער אינטעגראַציע פון די קאָלירטע אין די פּאָבליק־סקולס. אָבער דאָס איז נישט די איינציקע סיבה פון זייער וואוקס. יידישע טאָגשולן אין אַמעריקע זיינען געוואַקסן אויך פריער — איידער דער העכסטער געריכט האָט אַרויסגעגעבן זיין באַשלוס צו אינטעגרירן די פאַרשיידענע ראַסן אין די עפנטלעכע שולן פון לאַנד. און געמערט האָבן זיך די טאָגשולן ווייל די אָרטאָדאָקסיע האָט איינגעזען פריער ווי די אַנדערע ריכטונגען אין אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ, אַז כדי צו האָבן אַ רעזערוואואַר פון לערער און רבנים מוז מען געבן אונ־דזערע קינדער אַן אינטענסיווע יידישע דערציאונג, און דאָס איז מחייב טאָגשולן.

לעצטנס איז צוגעקומען אַ נייער פאַקטאָר לטובת דער יידישער טאָג־שול: די וואַקסנדיקע אַקצעפּטירונג פון קולטור־פּלוראַליזם און עטנישע באַזונדערקייט ווי לעגיטימע אויסדרוקן פון אַמעריקאַנער לעבן. די מינאָריטעט־קולטורן פון די שוואַרצע און די פּאָרטאָ־ריקאַנער ווערן אַלץ ברייטער אָנגענומען אין די לערן־פּראָגראַמען פון די אַמעריקאַנער בילדונגס־אינסטי־

טוציעס — אָנהייבנדיק פון די פּאָבליק־סקולס ביזן אוניווערסיטעט. דערפאַר פאַלט איצט אָפּ די אַלטע טענה קעגן דער יידישער טאָגשול אַז זי איז סעפּאַראַטיסטיש, ווייל די אָנגיי׳ענדיקע דעצענטראַליזאַציע פון די פּאָבליק־סקולס אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע טיילן פון לאַנד באַדייט אַז די עפנטלעכע שול הערט אויף צו זיין דער „שמעלץ־טאָפּ". די פּאָבליק־סקולס ווערן אַלץ מער עטניש־אָריענטירט און זיי וועלן נישט זיין קיין סך אַנדערש אין זייער דערציערישן אינהאַלט פון דער פּריוואַטער טאָגשול. קען מען דעריבער איצט מער ניט באַרעכטיקן די קעגנערשאַפט צו דער יידישער טאָגשול מיטן אַרגומענט אַז זי איז עטניש־סעפּאַראַטיסטיש, וואָרעם די פּאָבליק־סקול איז דאָך נישט קיין סך אַנדערש. די טענדענץ צו קולטור־פּלוראַליזם, די שטרעבונג איבערצוגעבן די קינדער די אייגענע קולטור־ירושה ביי די פאַרשיידענע עטנישע מינאָריטעטן אין אַמעריקע, מוז באַווירקן אויך דעם היגן יידישן קיבוץ און וועט אַלץ מער אַרויסרוקן די יידישע טאָגשול אין סאַמע צענטער פון סדר־היום אין דער יידישער אַמעריקע.

אָבער אויב דאָס אַלץ איז חל אויף אַלע ריכטונגען אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן, איז עס נאָך מער אָנווענדבאַר לגבי דעם יידיש־וועלטלעכן סעקטאָר, וואו די יידישע שפּראַך מוז פאַרנעמען אַ צענטראַלע פּאָזיציע אין זיין לעבן און אין זיינע חינוך־אינסטיטוציעס. דאָ, אין דעם סעקטאָר, זיינען פאַראַן ספּעציעלע סיבות וואָס פאָדערן דאָס באַלדיקע עטאַבלירן כאָטש עטלעכע טאָגשולן מיטן לימוד פון יידיש אין סאַמע צענטער פון קוריקולום.

ראשית, איז איצט — אין 1971 — ווען די יידיש־אַמעריקאַנער היים פון צווייטן דור איז שפּראַכלעך אַסימילירט — איצט איז נישט מעגלעך אַ פּעולהדיקע דערציאונג סיידן אין אַ טאָגשול. אויף אַ מאָגערער דיעטע פון 2־3 שעה אַ וואָך — אין אַ נאָכמיטאָג־ אָדער זונטיק־שול — וועלן די תלמידים דערגרייכן אַזוי ווייניק אַז זיי וועלן נישט קענען לייענען אפילו אברהם רייזענען אָדער מאַני לייבן, און אַוודאי נישט שלום עליכמען און פּרצן.

צוייטנס, פון וואַנען וועלן מיר נעמען לערער, שרייבער און יידיש־קענער סיידן פון טאָגשולן! דער מזרח־אייראָפּעאישער רעזערוואואַר איז מער נישטאָ און אויך די סאַבראַס פון ישראל זיינען אין זייער רוב נישט קיין יידיש־קענער, און ממילא נישט קיין קוואַל פון וואַנען מ׳קען דערוואַרטן יידישע לערער. מ׳קען אויך נישט בויען די צוקונפט אויף יידיש־אולפּנים וואָס עטלעכע יידישע העכערע לערן־אַנשטאַלטן האָבן לעצטנס איינגעשטעלט. די גראַדואַנטן פון די דאָזיקע קורסן וועלן אין בעסטן פאַל ווערן לערער פון יידיש־קורסן אין די קאָלעדזשעס. הלוואי! זיי גרייטן זיך אָבער נישט צו ווערן לערער אין עלעמענטאַרע שולן.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר מיינען נישט מ׳זאָל אויפגעבן די נאָכמיטאָג־ און זונטיק־שולן. ניין! דאָ רעדט זיך נישט וועגן קאָנצענטרירן זיך בלויז אויף טאָגשולן. און אויב מיר זאָלן בויען עטלעכע יידישע טאָגשולן אין די גרויסע

יידיש־אַמעריקאַנער שטעט, וועט עס נאָך אַלץ נישט באַטרעפן אַפילו איין פּראָצענט (5400) קינדער פון די 540,000 תלמידים וואָס לערנען איצט אין אַלערליי יידישע דערציאונג־אַנשטאַלטן אין אַמעריקע.

ס׳איז אַוודאי וויכטיק צו געדענקען, אַז ווי אַ פּאַרבאַדינג צום שאַפן פון יידיש־וועלטלעכע טאָגשולן איז נייטיק אַ שותפות פון אַלע כוחות וואָס שטייען אויפן יסוד פון יידיש; יידיש — ווי אַ ווערטפולער באַשטאַנדטייל פון דער גייסטיקער ירושה וואָס מיר ווילן איבערגעבן די קומענדיקע דורות. עס זיינען פאַראַן אידעאָלאָגישע אונטערשיידן צווישן די עטלעכע שאַטירונגען וואָס שטעלן צוזאַמען דעם יידיש־סעקטאָר אין אַמעריקע, אָבער דאָס זיינען בלויז אַנדערשקייטן אין ניואַנסן — נישט אין יסודותדיקע ענינים. די דאָזיקע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן זיינען נישט גרויס גענוג אַז מ׳זאָל צוליב זיי שטעלן אין געפאַר דעם גאַנצן יידיש־סעקטאָר. עס זיינען דאָ סימנים וואָס ווייזן אַן אויפשוואונג אין אינטערעס פאַר יידיש און נאַציאָנאַל־קולטורעלער יידישקייט אין אַמעריקע. די בעסערע יידישע יוגנט איז אומצופרידן מיטן טייל־עפעלע יידישע דערציאונג וואָס זיי האָבן באַקומען ביז בר־מצווה. עטלעכע מוסטערהאַפטע יידיש־וועלטלעכע טאָגשולן וואָלטן — אין דער ערשטער ריי — געגעבן די תלמידים אַזוי פיל גייסטיקע וויטאַמינען וואָס וואָלטן זיך אַזוי לייכט נישט אויפגעלייזט אין ים פון דער אַרומיקער נישט־יידישער קולטור. זיי וואָלטן אויך רעוויטאַליזירט דעם גאַנצן יידיש־וועלטלעכן סעקטאָר און געשטאַרקט אין אים די אמונה אין אַ מאָרגן פאַר עכטער יידישער שעפע־רישקייט אין אַמעריקע.

אין דעם האַלבן יאָרהונדערט וואָס די ש״ע שולן עקזיסטירן האָבן זיי גענומען אין באַטראַכט צייט און אָרט: דער גייסטיקער קלימאַט פון דער עפּאָכע און די אַמעריקאַנער סביבה האָבן באַווירקט די טעאָריע און די פּראַקטיק פון די שולן. אָבער די גאַנצע צייט איז דער לייט־מאָטיוו פון זייער אַרבעט געווען שעפערישער יידישער קיום; המשך געבויט אויף היסטאָרישער יידישקייט און מאָדערנער יידישער קולטור. זיי האָבן געשטרעבט צו דערציען מאָדערנע, נאַציאָנאַלע יידן וואָס וועלן פאַרזעצן אַ יידיש קולטור־לעבן אין אַמעריקע.

איצט, ביים אָנהייב פון דער אַכטער דעקאַדע פון 20סטן י״ה ווילן אַלע „המשך״: אָבער המשך, קאָנטינואיטעט, האָט פאַרשיידענע טייטשן פאַר פאַר־שיידענע סאָרטן יידן. פאַר די היגע אַמעריקאַניזירטע יידן פון כמעט אַלע ריכטונגען — אַ חוץ פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע — מיינט המשך אַ יידישע סוב־קולטור וואָס איז סובאָרדינירט צו דער אַרומיקער קולטור. די קאָנצעפּציע פון צוויי־קולטורישקייט — פון דער יידישער און אַמעריקאַנער — ווערט איצט אָנגענומען פון רוב אַמעריקאַנער יידן.

אָבער, אויב יידישקייט קען בלויז פאַרנעמען די פּאָזיציע פון אַ סוב־קולטור — ווי מאַכט מען אַז דער יידישער עקסטראַקט זאָל זיך נישט אויפלייזן

אין דער אַמעריקאַנער קולטור? וואָס זאָל מען אָפּקלייבן פון דער רייכער יידישער קולטור־ירושה? שלום־עליכמיסטן האַלטן, אַז אויך וועלטלעכע יידן בײַטיקן זיך אין געוויסע יידישע טראַדיציעס און פייערונגען, אי צוליב קיום האומה, אי צוליב דער באַרייכערונג פון גייסטיקן לעבן פון יידישן יחיד, און זיין באַלאַנסירטן עמאָציאָנעלן לעבן. זיי ווייסן — אויב אַפילו זיי קענען נישט אַפירמירן רעליגיע און תפילות — אַז אונדזער לעבנס־שטייגער, אונדזער נאַציאָנאַלער סטיל באַרייכערט, פאַרוואָרצלט, גיט אָנהאַלט און אינהאַלט דעם אויטענטישן יידישן יחיד.

זיי מוזן דערפאַר געדענקען, אַז אונדזער יידישע וועלטלעכקייט מוז באַשטיין פון אַ סובסטאַנציעלן עקסטראַקט פון דער יידישער קולטור. עס קען ביי אונדז נישט גילטן בלויז אַ נעגאַטיווער צוגאַנג פון פאַרניינען: אַנטי־רעליגיע; אַנטי־דאַווענען; ניין! מיר מוזן אַקצענטירן דאָס פּאָזיטיווע; מיר מוזן אויסקלייבן פון דער רייכער יידישער ירושה אַלץ וואָס איז ווערטפול, זינפול, און ס'איז דאָ אַ סך וואָס איז רעלעוואַנט פאַר מאָדערנע יידן אין אַלע שטראָמען פון דער יידישער געשיכטע: אין נביאישן, אין תלמודישן, אַפילו אין קבלה, אין חסידות, און אַוודאי אין דער השכלה, און אין דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור.

די יידישע וועלטלעכקייט — ווי זי דריקט זיך אויס אין פּראָגראַם פון די שלום עליכם שולן — זעט בשום־אופן נישט קיין שום סתירה אין לערנען דעם תנ״ך, טיילן פון משנה, פּרקי־אָבות, געוויסע תפילות, און גלייכצייטיק דערמיט זיין באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור, אין דער יידישער געשיכטע, און אין די מאָדערנע יידישע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען. פּונקט פאַרקערט: דער תלמיד פון דער יידיש־וועלטלעכער שול דאַרף קענען פּרצן און שלום־עליכמען פּונקט ווי ער דאַרף קענען די תנאים, אמוראים, און מקובלים; און אַוודאי דאַרף ער לערנען דאָס לשון פון פּרצן און שלום־עליכמען, אַזוי גוט ווי דאָס לשון פון תנ״ך.

יידישער הומאַניזם, אָדער יידישע וועלטלעכקייט מוז טראָגן דעם חותם פון אונדזער קאָלעקטיווער, היסטאָרישער דערפאַרונג, כדי ער זאָל קענען פאַרוואָרצלען אין אונדזער גייסטיקן באָדן, און ער זאָל קענען וואַרעמען און דערהייבן דעם היינטיקן ייד, אַזוי ווי אונדזער אמונה האָט עס געטאָן פאַר אונדזערע אָבות.

שלום עליכם יידן טאָרן נישט ווערן קיין מינימאַליסטן, וואָס וועלן זיך צופרידן שטעלן מיט אַ מינימום יידישקייט, מיט אַן איינטאָגיקער שול. דאָס איז אַוודאי בעסער ווי גאָרנישט; אָבער דאָס איז נישט גענוג צו פאַרזיכערן אַ יידיש־שעפעריש לעבן אין אַמעריקע. אויב מיר זיינען באמת באַזאָרגט וועגן אַ צוקונפט פאַר יידישער קולטור אין אַמעריקע, דעמאָלט מוזן מיר בויען טאָגשולן וואָס זאָלן צוגרייטן יידישע לערער, יידישע געלערנטע,

**אינטעליגענטע יידן. שלום־עליכמיסטן מוזן ווייטער אָנהאַלטן די אידעאַלן וואָס האָבן זיי געגעבן אַ זכות הקיום במשך איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט: שעפע־רישער קיום דאָ, מיט אַ וואַרעמער באַציאונג צו מדינת ישראל.**

1) דאָס איז מער ווי יודל מאַרק גיט אָן, ווייל ער רעכנט נישט אַריין די צוויי ש״ע פאָלקשולן פון ניו־דזשוירזי (די שולן #3 און #7), וואָס האָבן זיך נישט געפונען אונטער זיין פעדאַגאָגישער השגחה.

2) אין דער ענגלישער אָפּטיילונג: „מאַטעריאַלן און דאָקומענטן״ געפינט זיך דער קוריקולום פון אַן איינטאָגיקער ש״ע פאָלקשול.

3) צווישן די „מאַטעריאַלן און דאָקומענטן״ קען מען געפינען די „גרונט־פּרינציפּן״ פון 1953.

4) זע: ש. גוטמאַנס באַריכט (מימיאָגראַפירט) צו דער 30סטער שול־קאָנפערענץ פון ש.ע.פ.א., 1953. אין דער דיסקוסיע צום באַריכט האָבן זיך באַטייליקט: אייזיק קאָהען, שרה ליבערט, געלע פישמאַן, אסתר קאַדאַר, פּנחס סימאָן, י. זילבערבערג, י. גויכבערג, מ. גאָלדשטיין, מ. גורין, ד״ר ש. סיימאָן, און א. דיין.

5) זע: „שלום עליכם בולעטין״, נומער 33, יוני, 1953.

6) איבידעם.

7) איבידעם.

8) איבידעם; נומער 36: דעצ׳ 1953.

9) איבידעם.

10) איביד׳ 37, פעבר׳, 1954. אין דער דיסקוסיע האָבן זיך אויך באַטייליקט: שפּיטאַלניק, גויכבערג, זילבערבערג, פּרץ קאַמינסקי, מ. גאַרעליק, און אסתר קאַדאַר.

11) זע: ש״ע בולעטין, נומער 40: יוני, 1954.

12) זע: פּראָטאָקאָל־בוך פון דער אַדמיניסטראַציע, 5טן סעפּט׳, 1957.

13) זע: „ש״ע בולעטין״, #77, מאַי, 1960.

14) זע: „פּעדאַגאָג׳ בולעטין״, #134, מאַרץ, 1956.

15) זע: „פּעדאַגאָג׳ בולעטין״, #150, מאַרץ, 1958.

16) „ש״ע בולעטין״, #77, מאַי, 1960.

אין דער אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן און דאָקומענטן״ גיבן מיר אַ קאָנדענסירטן באַריכט פון צוויי פּעדאַגאָג׳ קאָנפערענצן.

17) זע: „ש״ע בולעטין״, נומער 109, יוני, 1966.

# די צילן פון קעמפ בויבעריק אין ליכט פון זיין געשיכטע

פון לייבוש לעהרער

## קעמפ און שול

אין יאָר 1919 האָט איינע פון די שלום עליכם שולן וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט, שול נומ' 1, דורכגעפירט אַ קליינעם עקספּערימענט וואָס די קינדער האָבן שפּעטער אַ נאָמען געגעבן בויבעריק. אין יענער צייט האָט מען כסדר געטראַכט וואָס צו טאָן מיט אונדזערע נאָכמיטאָג־שולן זומער־צייט. דאָס איז אַ צייט ווען ניט בלויז זיינען די קינדער פריי פון סקול, נאָר זיי זיינען אויך ניט אין דער שטימונג פון הוילן, פּראָגראַמאַטישן לערנען; זיי פאָדערן מער פרייע שפּיל און לייכטע פאָרמען פון לעבן און פאַרברענגען.

כדי דאָס צו דערגרייכן האָט מען געביטן דאָס געוויינטלעכע שול־לעבן אויף אַ פּראָגראַם וואָס מען האָט גערופן זומער־שול. דאָס איז באַשטאַנען אין לערנען אַנדערטהאַלבן שעה אין דער פרי, דערנאָך האָט דער לערער גענומען די קינדער אין פּאַרק, אָדער אויף אַ וויטערן אַרויספאָר אין אַ פּאַסיקן פּלאַץ, דאָרט האָט מען ביז שפּעט נאָכמיטאָג פאַרבראַכט אין באָדן זיך, עסן און שפּילן.

עס זיינען דעמאָלט געווען זייער ווייניק קעמפּס, און די וואָס האָבן יאָ עקזיסטירט זיינען על־פּי־רוב געווען, לויט זייער איינאָרדענונג, אַ צו טייערער ביסן אַז מענטשן און אָרגאַניזאַציעס מיט צו קליינע הכנסות זאָלן קריגן דעם חשק צו בויען אַזעלכע. אָבער די זומער־שול האָט געליטן פון צו גרויסע חסרונות און האָט דעריבער ניט שטאַרק אַפּעלירט צו די קינדער אויף מער ווי זייער קורצע צייטן. האָט מען זיך גענומען קליגן צי מען קען ניט מיט באַגרענעצטע מיטלען דינגען אַ פּלאַץ אויסערן שטאָט און דורכפירן אַ רייכערע פּראָגראַם פון לערנען און שפּיל.

אָט אין דעם איז באַשטאַנען דער עקספּערימענט פון בויבעריק 1919. בלויז צוויי צימערן, 10 קינדער, 5 מיידלעך און 5 ייִנגלעך, און אַ שטיקל שפּיל־פּלאַץ. לערנען, דער עיקר לייענען פון דער יידישער ליטעראַטור, און שפּיל, האָבן אויסגעפילט די צייט, מיט אַ צולאָג פון אַ ביסל זינגען. די

---

די דאָזיקע עסיי איז אַ פאַרקירצונג פון לייבוש לעהרערס בראָשור — אונטער דעם זעלביקן קעפּל — וואָס איז דערשינען אין יאָר 1962.

גרעסטע אַטראַקציע איז געווען די וואַרעמע היימישקייט, וואָס דאָס קען בלויז געמאָלט זיין ווען די צאָל קינדער איז קליין. אָבער אַפילו ביי יענע באַדינגונגען — קנאַפּע באַקוועמלעכקייטן, אַ נישטיקער פּערסאָנאַל, אָרעמקייט אין מכשי־רים, און אַנדערע באַגרענעצונגען — האָט דער שלום עליכם פֿאָלק אינסטיטוט באַשלאָסן ווידער צו באַנייען דעם עקספּערימענט, אָבער אויף אַ גרעסערן פּאַרנעם. דעמאָלט האָט מען מיך פאַרבעטן צו זיין דער דירעקטאָר פון באַנייטן קעמפּ בויבעריק.

דער ציל איז דעמאָלט געווען צו באַרייכערן דעם קעמפּ מיט גרעסערע שול־מעגלעכקייטן. קינדער פאַרברענגען אין קעמפּ 24 שעה אַ טאָג; אַלץ וואָס ווערט געטאָן — געלערנט, אָרגאַניזירט, געשפּילט — איז דורכויס אונ־טער דער קאָנטראָל פון די פירער. די וואָס האָבן בדעה עפּעס דורכצופירן קענען עס טאָן לויטן אייגענעם ווילן. ניטאָ קיין דרויסן, קיין גאַס, וואָס זאָל אין דעם שטערן; ניטאָ קיין צופעליקע פריינד וואָס זיינען פריי אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון געשטעלטע צילן. אַזאַ לאַגע איז דאָך ממש אַ ברכה ווען מען וויל זיך ברייטער פאַרנעמען מיט יידישער דערציאונג.

## טעאָריע און פּראַקטיק

ווען מען האָט מיר איבערגעגעבן צו פירן קעמפּ בויבעריק אין 1922, איז מיר לחלוטין ניט געקומען אויפן זינען די אַלע ספּעציפישקייטן — סיי יידישע, סיי אַלגעמיינע — וואָס קעמפּ־לעבן איז מחייב. ווי אַ לערער פון דער שלום עליכם שול נומ׳ 3 איז מיר נאַטירלעך געווען גוט באַקאַנט די געוויינטלעכע שול־אַרבעט און, אין צוגאָב צו דעם, די ספּעציעלע זומער־פּראָגראַם. דאָס לעצטע האָט געפאָדערט מען זאָל מער אַקצענטירן די עלעמענטן פון שפּיל, פּאַרגעניגנס און אָרגאַניזירטער פאַרוויילונג. קאָנקרעט האָט עס זיך אויסגע־דריקט אין אַרויספאָרן יעדן לערן־טאָג אין פּאַרק, זיין זיכער מיט אַ פּלאַץ וואו מען קען זיך באָדן, דורכפירן פאַרשיידענע שפּילן, אויך שפּילערייען וואָס פאַרנעמען זיך מיט פאָלקלאָר־דראַמאַטיזאַציעס. עס איז געווען נאַטירלעך צו טראַכטן, איידער די אַרבעט אין בויבעריק האָט געהאַט צייט צו באַווייזן דעם אמתן כאַראַקטער פון אַ קעמפּ, אַז בויבעריק דאַרף זיין אַ געוויינטלעכע קאָמ־בינאַציע פון אַ שול, אַ זומער־פּראָגראַם וואָס ביידע ווערן דורכגעפירט אויף איין אָרט יעדן טאָג אין די עטלעכע זומער־וואָכן און, פאַרשטייט זיך, ספּע־ציעלע השגחה אויף געזונט, ריינקייט, אאַז״וו. דער איינציקער גרויסער חילוק צווישן זומער־שול און קעמפּ, האָט מען געטראַכט, ליגט אין דעם וואָס אין קעמפּ איז פאַראַן מער צייט, די גאַנצע השגחה ליגט אין די הענט פון דירעקטאָר און די אויפפּאַסער, ניטאָ קיין שום דרויסיקער שטער אין דער אַרומיקער סביבה, אַפילו קיין עלטערן זיינען ניטאָ אָפּצוציען די אויפמערק־זאַמקייט פון די קינדער, קען מען אינטענסיפיצירן די אַרבעט וואָס פירט צו מער יידיש וויסן און בכלל האַלטן די קינדער מער צוגעבונדן צו אַ יידישער

אַטמאָספערע. ווינטער־צייט איז פאַראַן אַ סקול, אַ גאַס און אַ היים, אַלץ אַזעלכע פאַקטאָרן וואָס קענען דערציִעריש אָפּפרעמדן, אָדער ניט געבוג באַ־איינפלוסן אין דער געהעריקער ריכטונג. קען דעריבער דער קעמפּ זיין אַן אידעאַלער ענטפער אויף אַלע מניעות וואָס די שול אין שטאָט ליידט פון זיי. מיר האָבן אָבער גאַנץ פרי איינגעזען, אַז מיט אַזאַ מין טראַכטן מאַכן מיר דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס.

אין יענער צייט האָבן כמעט אַלע שול־טוער געהאַט קינדער פון שול־עלטער; זיינען זיי געווען פערזענלעך באַזאָרגט אַז זייערע קינדער זאָלן ניט ווערן אָפּגעריסן פון זיי, אַז ביי די קינדער זאָל ניט אָפּגעטייט ווערן דאָס יידישע לשון, וואָס ביי אַ סך פון זיי איז דאָס געווען, אין ערגסטן פאַל, אַ שפּראַך וואָס זיי האָבן ניט אַלעמאָל צו גוט פאַרשטאַנען. איז קיין חידוש ניט וואָס דער דאָזיקער מצב איז דעמאָלט געוואָרן נאָך אַ סטימולירנדיקער מאָטיוו, צווישן אַנדערע אידעאַלע סיבות, אַז אַזעלכע שול־טוער זאָלן מיט באַגייסטע־רונג העלפן בויען דעם קעמפּ און פילן אַז דערמיט ווערן געבוירן גרויסע מעגלעכקייטן לטובת יידישער דערציִאונג וואָס שטייגן אַריבער די כוחות וואָס די שול פאַרמאָגט.

אין דעם איז געווען אי אמת, אי אילוזיע, און דאָס צווייטע, די אילוזיע, האָט אונטערגעגראָבן דעם פונדאַמענט פונעם ערשטן, פונעם אמת. די ערשטע אויפוואַכונג פון דער אילוזיע איז צו מיר געקומען גאַנץ פרי. די לאַגע איז געווען אַזאַ אַז עס האָט גאָר קיינעם ניט געקענט איינפאַלן מען זאָל אָננעמען קינדער בלויז פון אייגענעם קרייז. דער קעמפּ איז אַ צו טייערער ביסן און קען ניט אויסגעהאַלטן ווערן פון אַ קליינער צאָל, דערצו ניט קיין צו גרויסע גבירים, וואָס פון אַזעלכע איז באַשטאַנען אונדזער ענגע סביבה. פון די שולן האָבן בלויז אַ קלענערע צאָל עלטערן זיך געקענט פאַרגינען צו שיקן זייערע קינדער אין קעמפּ. ממילא איז באַלד פון אָנהייב אָן — ספּעציעל זינט 1923 ווען מען האָט געקויפט דעם איצטיקן פּלאַץ — דאָס רוב קעמפּערס געווען ניט פון די שלום עליכם שולן און ניט פון אייגענעם קרייז. קינדער זיינען געקומען פון די פאַרשיידנסטע היים־אַטמאָספערעס. דאָס האָט קודם־כל אַרויסגערופן געוואַלדיקע שוועריקייטן בנוגע שפּראַך, כאָטש די גרעסטע צאָל קעמפּערס האָט, לכל־הפחות, פאַרשטאַנען יידיש מער אָדער ווייניקער, האָבן זיי אָבער ניט געקענט אויפנעמען די שפּראַך ווי אַ געהויבענעם ווערט.

אַחוץ דעם ווען עס קומט צו שפּראַך, צו פאַרשטיין, קען, באַטירלעך, קיין רייד ניט זיין וועגן מאַיאָריטעט־מינאָריטעט. דער וואָס פאַרשטייט ניט וואָס מען רעדט צו אים, אָדער איז ניט זיכער גענוג אַז ער פאַרשטייט, קען ניט זיין צופרידן. געווען אייניצלנע קינדער וואָס האָבן צוליב דעם ניט פאַרענדיקט דעם סעזאָן אין קעמפּ, אַנדערע זיינען צוליב דעם מער ניט צוריקגעקומען, אַפילו די אַטראַקציע פון קעמפּ, די קליינע קאָסטן, האָבן ניט געהאָלפן.

אמת, די צאָל וואָס די שפּראַך־שוועריקייטן האָבן אָפּגעשטויסן איז געווען

זייער קליין. דאָס האָט זיך גענומען פון דעם וואָס סיי טייל עלטערן, סיי זייערע קינדער, האָבן זיך פרי איבערצייגט אַז די צרה איז אַ סך קלענער ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. וואָרעם בלויז ביי אָפיציעלע פונקציעס, ווען אָפיציעלע מענטשן האָבן זיך געווענדט צו די פאָרזאַמלטע קעמפּערס, אָדער ווען טייל הויפּט־אָנגעשטעלטע האָבן געשמועסט מיט איינצלנע קעמפּערס אָדער אויפ־פּאַסער, איז יידיש געווען די באַנוצטע שפּראַך, זייער אָפט בלויז מצד דעם אָפיציעלן מענטשן, ניט פונעם צווייטן צד, אָבער אין די שטענדיקע באַצי־אונגען צווישן דעם אויפפּאַסער און זיין גרופּע — וואָס דאָס פאַרנעמט די גרעסטע טייל פון טאָג — איז ענגליש געווען די שפּראַך. דאָ האָבן אַפילו ניט געהאָלפן די לכתחילהדיקע בקשות און וואָרענונגען. אין דעם פּרט האָבן די קינדער־תלמידים פון די שולן, און די אויפפּאַסער, אַפילו די וואָס האָבן געענדיקט די שולן, זיך ניט באַזונדער אויסגעצייכנט. אויך זיי האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין גרייטקייט — אַפילו די וואָס יידיש איז געווען מער פליסיק אין זייערע מיילער — צו באַנוצן זיך מיט יידיש פאַר אומפאַרמעלע טעגלעכע באַדערפענישן, אַחוץ איינצלנע יידישע ווערטער און פראַזן וואָס זיינען געוואָרן כאַראַקטער־שטריכן פון קעמפּ־לעבן.

אין יענע יאָרן, איידער עס האָט זיך אַנגעקליבן פּראַקטישע דערפאַרונג און טעאָרעטישע פאַרשטענדעניש וועגן דעם ענין שפּראַך אין טאָג־טעגלעכן לעבן, איז דאָס געווען ממש אַ רעטעניש. דער פאַקט וואָס מען קען ניט אָננעמען ווי קעמפּערס בלויז יידיש־רעדנדיקע קינדער, ווי שוין פריער דערקלערט, האָט ניט פאַרלייכטערט מען זאָל קענען באַשיידן די רעטעניש. נאָך מער, עס איז ביסלעכוויז געוואָרן קלאָר, אַז אויך בנוגע פּערסאָנאַל קען מען ניט אויסקלייבן בלויז אַזעלכע וואָס זאָלן באַזיצן אַלץ צוזאַמען: זיך אויסטויגן פאַר קעמפּ־לעבן, האָבן אַ געזונטן צוטריט צו קינדער און זאָלן אויך האָבן די נייטיקע יידיש־קוואַליפיקאַציעס. יוגנטלעכע מיט אַזאַ קאָמבי־נאַציע פון מעלות זיינען פשוט ניט געווען בנמצא אין אַ גענוגנדיקער צאָל. עס איז ניטאָ אין קעמפּ קיין טעטיקייט וואָס האָט געקאָסט אַזוי פיל מי, מאַטערניש און עגמת־נפש, ווי די אַרבעט פון רעקרוטירן אַ קאָמפּעטענטן פּערסאָנאַל פאַר די בויטווענדיקע און אידעאַלע צילן פון קעמפּ.

דערצו האָבן מיר איבערגעלעבט אַן אַנטוישונג וואָס האָט אויפן שטאַרקסטן אופן געווירקט זיך צו פאַרטראַכטן, ספּעציעל אין שייכות צו דער פּראָגראַם אַז יעדער גרופּע זאָל האָבן אַ יידיש־שעה (שפּעטער האָט מען דאָס גענומען רופן „יידישע שעה") יעדן טאָג. דאָס איז אַ שעה וואָס ווערט אָפּגעגעבן אויף לערנען יידיש, דערציילן מעשיות פון יידישער געשיכטע, לעגענדעס, אאַז"וו. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שטענדיקע און גרעסטע פּראָטעסטירער קעגן אָט דעם איינפיר זיינען געווען די קינדער וואָס זיינען געקומען פון די שולן. זיי זיינען טאַקע, אַחוץ אין ערשטן זומער, תמיד געווען אַ מינאָריטעט; מיט דער צייט, אַפילו אַ קליינע מינאָריטעט, אָבער צוליב זייער היימישקייט אין

קעמפּ האָט זייער אומווילקייט זיך צו באַטייליקן אין דער יידיש־שעה זיך שטאַרק אַנגעזען און געמאַכט אַ שווערן איינדרוק.

זייער טענה איז געווען, אַז זיי האָבן געענוג יידישע לימודים ווינטער־צייט, אין קעמפּ ווילן זיי זיין פריי דערפון. אַלע מיטלען און מכשירים צו מאַכן דאָס לערנען וואָס מער אָנגענעם און אינטערעסאַנט האָבן קנאַפּ וואָס געהאָלפן. אין אַ ניכטערער רגע וואָלט אפשר אַפילו פאַר אַן אומגעשולטן מענטשן געווען לייכט צו פאַרשטיין אַז די מוסר־רייד מיט וועלכע מען האָט זיי טיילמאָל אַרומגערינגלט האָבן זיך געמוזט קלעפּן צו קינדער ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. טייל האָבן זיך באַמיט צו אַפּעלירן צו זיי אַז זיי וואָלטן געדאַרפט זיין אַ מוסטער פאַר די קינדער וואָס לערנען ניט אין די שולן, זיי וואָלטן יענע געדאַרפט וועקן, סטימולירן, אָנרעגן וואָס מער צו לערנען „יידישע זאַכן". אָבער דאָס זיינען דאָך ניט די איינציקע מוסר־רייד וואָס קינדער האָבן ניט צו שטאַרק ליב. אמת, אין יענער צייט זיינען די לערער פון דער יידיש־שעה געווען די בחורים און מיידלעך וואָס האָבן געדינט ווי אויפפּאַסער, ניט קיין אידעאַלע דורכפירער פון אַזעלכע פונקציעס, בפרט ווען זיי אַליין, אַנ־געמענדיק אַ קעמפּ־שטעלע, האָבן זיך מסתמא געפרייט מיט דער שטילער כוונה, אַז זיי וועלן האָבן ברייטערע מעגלעכקייטן פאַר שפּיל און ספּאָרט.

אַגב, זאָל דאָ פאַרענטעטיש באַמערקט ווערן אַז שפּעטער, ווען עס איז אָנגעשטעלט געוואָרן אַ דערוואַקסענער און דערפאַרענער יידישער קולטור־אויפפּאַסער, איז די ערנסטקייט פון דער דאָזיקער פּראָבלעם כמעט ווי פאַר־שוואונדן. דערביי זיינען פאָרגעקומען צוויי וויכטיקע ענדערונגען. ווען די יידישע שעה איז געוואָרן קאָנצענטרירט אין דער האַנט פון איין געשולטן מענטשן — אָדער פון איינעם און אַ געהילף ווי עס איז היינט — האָט די צאָל יידישע שעהן געמוזט פאַרקלענערט ווערן, כאָטש דער איינער אָדער די צוויי מענטשן האָבן געהאַט רייכערע מעגלעכקייטן אַז עס זאָלן וואָס מער יידישע עלעמענטן אַריינגעבראַכט ווערן, אויף אַ ממילא'דיקן אופן, אין אַנדערע פאַר־מעלע און אומפאָרמעלע טעטיקייטן אין דער פּראָגראַם. די צווייטע ענדערונג איז באַשטאַנען אין בייטן אַן איינפיר וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ סך יאָרן. עס איז געווען אַ שטענדיקע רוטין אַז די יידישע שעה ווערט דורכגעפירט אין דער זעלביקער צייט פאַר אַלע גרופּעס אין קעמפּ, און דווקא אין דער ערשטער טעטיקייט־שעה ווען די קינדער זיינען פריש, ניט אויסגעמאַטערט פון אַנדערע טעטיקייטן. די גאַנצע געוויינטלעכע קעמפּ־טעטיקייט ווערט, הייסט עס, אָפּ־געשטעלט אויף אַ שעה צייט לטובת דער יידישער שעה. עס האָט אויסגעוויזן אַז שוין דער פאַקט וואָס דאָס איז אַ טייל פון דער אַלגעמיין אָנגענומענער רוטין אין דער זעלביקער צייט פון טאָג, וועט שטאַרקן ביי די קינדער דאָס געפיל פון עפּעס וואָס איז נאַטירלעך און וועט אָפּשוואַכן די פּראָטעסטירנדיקע באַציאונגען מצד די אומצופרידענע.

אָבער דער רעזולטאַט איז געווען אַן אַנדערער. די דערמאָנטע טענה מצד די קינדער בכלל, און נאָך מער מצד די שול־קינדער, אַז דער ווינטער איז די צייט פון לערנען און זומער דאַרף אָפּגעגעבן ווערן אויף אַנדערע טעטיקייטן, דאָס האָט מיט מער שאַרפקייט אַרויסגעהויבן דעם חילוק צווישן דעם פריער־פאָרמולירטן געדאַנק פון פאַרמעלן לערנען און אומפאָרמעלן לעבן אין אַ קעמפּ. שפּעטער, ווען עס איז צוגעקומען דער יידישער קולטור־אויפפּאַסער איבערצונעמען די גאַנצע אַרבעט, האָט נאַטירלעך מער קיין רייד ניט געקענט זיין וועגן איינאָרדענען די יידישע שעה אין דער זעלביקער צייט פון טאָג. אָבער גראָד דעמאָלט איז די לאַגע געוואָרן אַ סך בעסער, די גרויסע דיס־ציפּלין־פּראָבלעמען פון דער יידישער שעה האָבן גענומען פאַרשווינדן. טעאָ־רעטיש איז געווען אַ סיבה זיך צו שרעקן. מען האָט זיך פאַרגעשטעלט פונקט דעם היפּוך: איין גרופּע פון קעמפּ וועט זיך גיין באָדן, אַ צווייטע וועט מיט איר בעסקעט־באָל־שפּיל רייצן דעם יצר־הרע, אַ דריטע וועט אַרומטאַנצן אַרום דעם פּינג־פּאָנג־טיש און אַ פערטע, ניט ווייט פון די פריערדיקע, וועט דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט דער זייער אומזומערדיקער מלאכה פון לערנען, בפרט נאָך לערנען אין אַ לשון און אַזעלכע ענינים וואָס האָבן ניט די מינדסטע שייכות מיטן אינהאַלט און אַוודאי ניט מיטן גייסט פון דעם וואָס די שכנותדיקע גרופּעס טוען. ווי אַזוי וועט זיך דאָס אָפּרופן אויף דער שווערער אונטערנעמונג פון דער יידישער שעה? וועט דאָס ניט צעשטערן דאָס ביסל וואָס איז דער־גרייכט געוואָרן? וועט דאָס ניט פירן צו ספקות צי אַזאַ אַרבעט, וואָס האָט צו טאָן מיט שול־לימודים, דאַרף בכלל פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין קעמפּ?

אַרויסגעוויזן האָט זיך פונקט פאַרקערט. די באַדויערלעכע בילדער פון קינדער וואָס רייסן זיך אויסצומיידן זייערע קלאַסן אונטער אַ פאַלשן אויס־רייד, זיינען כמעט אין גאַנצן פאַרשוואונדן; עס איז מער ניט נייטיק געווען אויסצוהערן די טענות פון איינצלנע און גרופּעס מיט אַפּעלירנדיקע בקשות מען זאָל זיי באַפרייען פונעם „יאָך" פון דער יידישער שעה. די יידישע שעה איז געווען די איינציקע פּראָגראַמאַטישע פאָדערונג אין קעמפּ וואָס האָט פאַרשאַפט מער עגמת־נפש ווי אַלע אַנדערע טעטיקייטן. אין 1959 האָבן 173 געוועזענע קעמפּערס פון יענע יאָרן — איצט זיינען זיי שוין אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן — געענטפערט אויף אַן אַנקעטע וואו איינע פון די פראַגעס האָט געבעטן אַן ענטפער אויף דעם, וואָסערע טעטיקייטן האָבן ביי זיי אויסגענומען צום מערסטן און וואָסערע צום ווינציקסטן. דער איינדרוק פון דער יידישער שעה איז געבליבן אין זכרון ווי אַזאַ וואָס האָט פאַרשאַפן די גרעסטע אומצופרידנקייט. דאָס איז דער ענטפער פון דערוואַקסענע מענטשן, על־פּי־רוב אַזעלכע וואָס האָבן געלערנט אין יידיש־וועלטלעכע שולן, וועגן זייערע איבערלעבונגען אין בויבעריק אין די קינדער־יאָרן.

פאַרוואָס האָט די סיסטעם פון אַ קולטור־אויפפּאַסער אַלץ געביטן צום

בעסערן? מען קען דאָס ניט צושרייבן בלויז צו העכערע לערערישע קוואַלי־פיקאַציעס פונעם קולטור־אויפפּאַסער, ווייל אין משך פון יאָרן זיינען שוין געווען אַ סך אַזעלכע, און ניט אַלע, ווייט ניט אַלע, האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דעם פּרט. איז דאָ זיכער פאַראַן אויך אַן אַנדער סיבה און גראָד אַזאַ וואָס, כאָטש ניט מער ווי אַ השערה, לייגט זי זיך שטאַרק אויפן שכל.

דער פלאַנטער אין די מוחות פון נאָענטע מענטשן וועגן דער שייכות צווישן שול און קעמפּ, האָט זיך אין משך פון דער צייט אַ סך אויפגעקלערט, אָבער געגוג דערפון איז נאָך אַלץ פאַרבליבן ביז היינטיקן טאָג. ווען אַ שול־אָרגאַניזאַציע עפנט אַ קעמפּ איז נאַטירלעך זי זאָל אין דעם דערזען אַ המשך פון דער ווינטערדיקער שול. דער קעמפּ דאַרף העלפן אַז די שול זאָל ניט איבערגעריסן ווערן, די אָרגאַניזאַציע זאָל ניט פאַרלירן איר דערציערישן איינפלוס אויף די קינדער זומער־צייט. דאָס שליסט איין, קודם־כל, אַן אינטענ־סיפיצירונג פון דער לימודים־פּראָגראַם אין קעמפּ. צווישן אַלע אַרגומענטן לטובת דעם קעמפּ, ביי די וואָס האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו טראַכטן אין דערפאַרענע קעמפּישע טערמינען, וועט קיינמאָל ניט אויספעלן די זיכערקייט אַז אין קעמפּ קענען מיר טאָן אַלץ וואָס מיר ווילן, ווייל מיר האָבן די קינדער אונטער אונדזער השגחה אַ גאַנצן מעת־לעת. ניט טראַכטנדיק איז דאָס אויך כולל אין זיך די הנחה, אַז די קעמפּערס וועלן זיין דאָס רוב פון די אייגענע שולן און אַז די אויפפּאַסער וועלן זיין ווי דער טיפּ לערער וואָס פירט אַן די קלאַסן אין שול.

אויך בויבעריק האָט לכתחילה געליטן פון דער דאָזיקער אומגליקלעכער אילוזיע. אַ סך האָבן געמיינט — און טייל דריקן דאָס אויס אומדירעקט ביזן היינטיקן טאָג — אַז די קוואַליפיקאַציעס פונעם יידישן לערער זיינען די נאָענטסטע צו באַפרידיקן די פאָדערונגען פון קעמפּ־לעבן. עס האָט ניט געדויערט צו לאַנג ביז די ברוטאַלע דערפאַרונג האָט געוויזן די פאַלשקייט פון דער אילוזיע און געפירט אויף אַן אַנדער דרך. נאָך מער, די דערפאַרונג האָט איבערצייגט, אַז דער קעמפּ האָט מעגלעכקייטן צו געבן עפּעס וואָס די שול פאַרמאָגט זייער ווייניק דערפון. די שול, לויט איר טבע, מוז אָקצענטירן און שטרעבן אַז די תלמידים זאָלן אָנזאַמלען וואָס מער וויסן, בעת דער קעמפּ איז מחויב אונטערצושטרייכן קעגנזייטיקע באַציאונגען, מאָראַלע געוואוינ־הייטן, און, בנוגע יידישע לעבנס־עלעמענטן, לייגן דעם טראָפּ אויף נוסח, אויף ממילאדיקן יידישן אויסדרוק און אַ גרייטקייט צו דערפילן אין קאָנקרעטע פאָרמען די יידישקייט־סימבאָלן פון געירשנטע אוצרות. דעריבער, אַפילו ווען די שול האָט שוין געהאַט מער־ווייניקער אויסגעאַרבעט איר פּראָגראַם פון לימודים, האָט דער קעמפּ זיך באַוויזן ווי אַ פרעמד לאַנד. וואָס טוט מען? וואָס זאָל זיין דער עיקר, דאָס טיפערע אינהאַלטלעכע, וואָס זאָל אַרויסגע־הויבן ווערן?

## קעמפ־זייט, געסט־זייט

די דאָזיקע פראַגעס און רעטענישן האָבן נאָך שפּיציקער אַרויסגעשטאַרצט פון אַן אַנדער ווינקל, דאָרט וואו עס פאַרברענגען די דערוואַקסענע געסט, די אַזוי־גערופענע געסט־זייט. ווען בויבעריק איז געבוירן געוואָרן איז קיינעם ניט איינגעפאַלן זיך דורכצורעדן צי מען זאָל עפענען אויך אַ געסט־זייט צוזאַמען מיט דער קינדער־זייט, אָדער קעמפ־זייט. עס איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר אַז די קעמפ־זייט איז דער עיקר. אָבער די דערוואַקסענע שלום עליכם „משפחה״ דאַרף אויך האָבן וואו צו פאַרברענגען זומער־צייט, וואו, אויב ניט אין בויבע־ריק? גלייכצייטיק איז אויך געווען קלאָר אַז די הכנסה פון געסט איז אַ נייטיקער צוגאָב צו אונדזער אויפהאַלט. בלויז עפּעס אַנדערש איז ניט געווען קלאָר, אַזוי ניט קלאָר, אַז עס האָט זיך די אינסטיטוט־מענטשן גאָר ניט געחלומט אַז די עקזיסטענץ פון אַ געסט־זייט אין קעמפ ברענגט מיט זיך אַ זאָרג וואָס מען האָט וועגן איר גאָר ניט געטראַכט.

אויף דער געסט־זייט פונקט ווי ביי די קינדער, זיינען געקומען ניט בלויז די מיטגלידער פון דער אייגענער „משפחה״, נאָר אויך דרויסנדיקע: עלטערן פון קינדער און סתם זייטיקע וואָס זיינען געקומען געניסן פון זומער־אָפּרו. טייל פון אָט די געסט זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן צווישן די אייגענע, אַנדערע זיינען, ווי דער שטייגער איז, געבליבן אין דרויסן. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי פרעמדע צוקוקער, ווען די אייגענע האָבן אָפּט פאַרבראַכט צווישן זיך און זיך פריילעך געמאַכט מיט אומפאַרמעלן טאַנצן, זינגען און שפּאַסיקער פאַרווייַלונג. עס איז געקומען דערצו אַז דער פאַרוואַלטער האָט אין טייל נעכט באַזאָרגט די אייגענע מיט אַ ביסל עסנוואַרג, זיי אָפּגעטיילט אַ צימער וואו זיי האָבן פאַרבראַכט אין אַ היימישער הוליאַנקע. צו אַזעלכע שמחהלעך האָט מען די זייטיקע ניט פאַרבעטן. דאָס האָט נאַטירלעך פאַרזייט אומצו־פרידנקייט. אין פריילעכן צונויפקום האָבן די אייגענע פאַרגעסן אַז וואָס מער מען צעשפּאַלט די געסט־זייט אויף אייגענע און פרעמדע, אַלץ ערגער איז דאָס פאַר די אינטערעסן פון דער גאַנצער אינסטיטוציע.

אָבער געצומען האָט זיך די דאָזיקע ניט־געטראַכטע שפּאַלטונג — אַזוי ווייזט זיך מיר אויס — פון נאָך אַ סיבה, אויך אַ ניט־געטראַכטע, וואָס האָט געטראָגן אין זיך — ווידער ווי מיר ווייזט זיך אויס — די סימנים פון זייער אַן ערנסטער לאַגע. ווי אַ יידיש־וועלטלעכע גרופּע זיינען די אייגענע צום ערשטן מאָל זיך צונויפגעקומען אין אַן אייגענער היים מיטן איינציקן צוועק דאָרט צו לעבן און פאַרברענגען עטלעכע וואַקאַציע־טעג אָדער וואָכן. גע־וויינטלעך איז זייער צונויפקום אין שטאָט פאַרגעקומען ביי אַ מיטינג אָדער אַ קאָנצערט, וואָס דער הויפּט־ציל איז געווען צו פאַרלייכטערן די פינאַנציעלע לאַגע פון די שולן. ווי אַזוי די דאָזיקע יידן האָבן געלעבט די שעהן און טעג ביי זיך אין דער היים, דאָס איז נאַטירלעך געווען אַ פּריוואַטער ענין וואָס

איז ניט קיינעמס עסק. פּלוצלונג האָט בויבעריק אַריבערגעצויגן די היים צו זיך אויף באַגרענעצטע זומער־טעג. וואָס זאָלן וועלטלעכע יידן טאָן אין אַזעלכע טעג? נאָך דעם ווי מען ווערט פאַרטיק מיט די מאָלצייטן, מיט געוויסע שפּילערייען, מיט באָדן זיך, און מיט אַ ביסל אָרגאַניזירטער פאַר־ווײַלונג בלויז אין טייל אָוונטן (אין יענע יאָרן) בלײַבט נאָך אַלץ איבער גענוג ליידיקע צייט. וואָס טוט מען?

די פראַגע וועגן דעם וואָס אַ ייד, פון דעם סאָרט וואָס קומט צו אונדז, דאַרף טאָן ווי אַ ייד, איז ניט געווען קיין נייע. אין קעמפּ איז זי בלויז שאַרפער אַוועקגעשטעלט געוואָרן, כאָטש עס איז נאָך אַלץ ניט לײַכט אָנגעקומען צו דערפילן אַז דאָס איז אַן ערנסטע פראַגע. די לאַגע ווערט אַ היפּש ביסל פאַרשטעלט פונעם פאַקט וואָס דער ייד, וואָס וועגן אים רעדט זיך דאָ, איז אַ ייד פון ערשטן דור. ביי אים איז יידיש דאָס ערשטע און נאַטירלעכע אויסדרוק־מיטל. ווען יידיש באַקומט אויך די סאַנקציע פון אַן אידייע און אַ פּרינציפּ, ווערט ער באַוואוסטזיניק פון דעם — ספּעציעל ווען ער האָט קעגן זיך אַנדערע וואָס רעדן ניט זיין לשון — אַז ניט בלויז רעדט ער אויף דער שפּראַך וואָס אים „רעדט זיך", נאָר אַז דערמיט איז ער אויך מקיים אַ פאָלקישע קולטור־פונקציע. אויב ער פאַרשטייט די וויכטיקייט פון יידיש, פון אַן אייגענער שפּראַך, אין פּראָצעס פון יידישן קיום, און ער פאָדערט פון קינדער זיי זאָלן רעדן יידיש, כאַפּט ער ניט דעם טיפן פּסיכאָלאָגישן אונטער־שייד צווישן דעם יידיש וואָס ער נעמט אויף זיך און דעם יידיש וואָס ער פאָדערט פון די קינדער. אויף זיך נעמט ער אַ „סיי־ווי־סיי־יידיש", פון די קינדער פאָדערט ער אַ „פּרינציפּ־יידיש", אין צוגאָב צו זייער „סיי־ווי־סיי־ענגליש". די געוואָלדיקע שוועריקייטן וואָס דאָס איז מחייב קענען בלויז דערזעען די וואָס שרעקן זיך ניט צו זיין זעעוודיק, אָבער סיי ווי האָט דאָס געפירט די יידיש־וועלטלעכע צו דער שעדלעכער אילוזיע אַז בנוגע יידיש־קייט קען מען יוצא זיין מיט שפּראַך אַליין; אַז אַלע סימנים פון יידישן טראַדיציאָנעלן אויפפיר געהערן צו דער קאַטעגאָריע רעליגיע, און דערמיט קען וועלטלעכקייט זיך ניט איבערבעטן (אַזוי, אין יענע יאָרן).

יעדע באַמיאונג אײַנצופירן אין בויבעריק — סיי ביי די קינדער, סיי ביי די געסט — כאָטש אַ שאָטן פון טראַדיציאָנעלן אינהאַלט, האָט געמוזט זיין פאַמעלעך, מיט טיי־לעפעלעך, כדי ניט אַרויסצורופן קיין צו שטאַרקע פּראָ־טעסטן, און כדי צו וועקן, לכל־הפּחות, אַ פונק פון אַ פּאָזיטיווער נייגונג ביי די גלייכגילטיקע וואָס זיי איז שווער געווען צו שטעלן זיך קעגן דעם דעת־הקהל. אַ חוץ דעם זיינען פאַראַן באַזונדערע שוועריקייטן ביים אײַנפירן טראַדיציאָנעלע פּרטים.

וואָרעם די אַלע וואָס זיינען איצט געווען קעגן די דאָזיקע „נאַרישקייטן", האָבן דאָך אין זייער קינדהייט, אין דער היים פון זייערע עלטערן, דאָס אַלץ אָפּגעהיט. ווען זיי האָבן זיך שפּעטער אָפּגעזאָגט דערפון איז דאָס געקומען

צוזאַמען מיט אַזעלכע פראַגעס ווי: „גלייבט איר?" געווען איז די דאָזיקע פראַגע ניט דעפינירט געוואָרן, ווארעם באמת, וואָס איז שייך אַזאַ פראַגע ווען עמעצער האַלט אַז מען דאַרף צינדן ליכט פרייטיק צו נאַכטס? די פראַגע טוט נאָר אויף איין זאַך: זי הייבט אויף דעם גאַנצן ענין אויף אַ ראַציאָנאַלער מדרגה און פאָדערט אַן ענטפער וואָס זאָל אַנווייזן אַז יעדער פרט באַזונדער איז אַ פועל־יוצא פון אַ לאָגישער סיבה. אָבער טראַדיציאָנאַלע פרטים, ווען זיי ווערן אָפּגעריסן פון אַן אַלגעמיינעם פילאָסאָפישן און פסיכאָלאָגישן צוגאַנג, געהערן גאָר צו אַן אַנדער וועלט פון טראַכטן און פילן. עס איז פונקט ווי מען זאָל פרעגן פאַרוואָס מען טראָגט פונקט אַזעלכע און אַזעלכע פאָרמעלע מלבושים ביי געוויסע געלעגנהייטן. איר וועט סוף־כל־סוף מוזן צוקומען צום ענטפער, אַז אַזוי פירט זיך אין דער ציוויליזאַציע וואוהין איר געהערט.

אַט אַזעלכע פאַרלעגנהייטן האָבן זיך אָפּט געשאַפן ווען עס האָט גענומען וואַקסן אין קעמפּ די דערנענטערונג צו דער יידישער טראַדיציע. דער חסרון דערפון לאָזט זיך פאַרשטיין ווען מען כאַפּט זיך אַז טראַדיציע, פונקט ווי רעליגיעזע איינפירן בכלל, געהערט צו פּאָעזיע גיכער ווי צו לאָגישן אַנאַליז. ווי עס זאָל ניט זיין, דאָס ביסל ריטואַל אויף דער ליניע פון טראַדיציע, איז איינגעפירט געוואָרן אין בויבעריק צווישן האַרבע טענות און קילער גלייכגילטיקייט. פּאָזיטיווע אָנרעגונג און סטימולירונג איז זייער זעלטן געקומען. די האָפענונג אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן די דאָזיקע יידן דערשמעקן די וויכטיקייט פון דעם אַלעם און פאָדערן מען זאָל ענדלעך עפּעס באַשליסן וועגן דעם ביי עפנטלעכע פאַרהאַנדלונגען, איז ניט מקוים געוואָרן. די רייד וואָס האָבן גערופן צו דעם, הגם אָן פּראָפּאַגאַנדיסטישער היץ, האָבן צו גאָרניט געפירט.

איז די דאָזיקע טענדענץ אין קעמפּ געוואַקסן פּאַמעלעך. ווייניקער אָנזעעוודיק אויף דער געסט־זייט, אַ סך מער אויף דער קינדער־זייט, וואָס דאָס איז לייכט צו פאַרשטיין. אויף דער געסט־זייט איז אָבער באַזונדער געוואַקסן דער געדאַנק, אַז בויבעריק דאַרף זיין אַ פּלאַץ וואו די וואָס פאַרברענגען דאָרט זאָלן האָבן געלעגנהייטן זיך צו באַרייכערן מיט יידישער אינפאָרמאַציע, מיט אַלזייטיק יידיש וויסן. דאָס איז שוין ממילא געגאַנגען צוזאַמען מיט אַ העכערן סטאַנדאַרד אין די פאַרוויילונג־פּראָגראַמען און מיט אויסמיידן יעדע פאָרעם פון וואולגאַריטעט.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן צוויי יידישע שרייבער וואָס האָבן מיט 21 יאָר צוריק באַזוכט בויבעריק און דערנאָך פאַרעפנטלעכט זייערע איינדרוקן: ש. ניגער, ע"ה, און, אים צו לענגערע יאָר, אפרים אויערבאַך.ביידע האָבן באַמערקט עפּעס אין דער פירונג פון קעמפּ וואָס די כוונה דערפון איז ניט געשאַפן געוואָרן צו פונקציאָנירן בלויז אין קעמפּ־גרענעצן, און ביידע האָבן אַרומגעכאַפּט די אַרומנעמענדיקע יידישע צילן וואָס בויבעריק האָט זיך

געשטעלט. ניגער האָט דערזען אין בויבעריק אַ „יידישקייט־לאַבאָראַטאָריע״ און ער באַשרייבט די פּרטים וואָס האָבן זיך אים געוואָרפן אין די אויגן:

> איינע פון אָט די לאַבאָראַטאָריעס, איינע פון די עלטסטע, אויב ניט די עלטסטע, האָב איך די טעג געהאַט דעם פאַרגעניגן צו באַזוכן. דאָס איז די זומער־קאָלאָניע אָדער דער קעמפּ בויבעריק, וואָס דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט געגרינדעט מער ווי מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק.

(„לאַבאָראַטאָריעס פון אַ נייעם יידישן לעבנס־שטייגער״, טאָג, 10טן אויגוסט 1941)

אפרים אויערבאַך האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אַנדער מאָמענט וואָס שטעלט אַוועק כלערליי מניעות אין דער אַרבעט פון דער „לאַבאָראַטאָריע״:

> אַן אינערלעכער געראַנגל מיט דער וועלטלעכקייט, וואָס איז אי פריי־דיק, אי טראַגיש, באַוועגט בויבעריק. אין דער וועלטלעכקייט וויל בויבעריק אַריינבלאָזן דעם רוח פון יידישער טראַדיציע, שאַפן אַ מין וועלטלעכן רעפאָרמיזם... דער וועלטלעכער רעפאָרמיזם, וואָס וויל אָנהאַלטן יידישקייט און יידיש־נאַציאָנאַלע גאַנצקייט, שטייט ביי אים ברומו של עולם, ראַנגלט ער זיך מיט די סתירות אין זיך אַליין, מיט די שני היפוכים וואָס וועלטלעכקייט און יידישקייט שטעלן מיט זיך פאָר.

(מאָרגן־זשורנאַל, 20סטן אויגוסט 1941)

וועגן דעם וואוקס פון באַקוועמלעכקייטן, און דער אַנטוויקלונג אין אַלגעמיינער מאָדערנער אָרדענונג, איז איבעריק צו רעדן. אין דעם איז תמיד געווען אַ פולע הסכמה מצד די מיטגלידער פון דער בויבעריק־קאָמיסיע ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. עס האָט תמיד ביי אונדז געהערשט אַן ערנסטע זאָרג און פאַראינטערעסירטקייט אַז אין פּרט פון באַקוועמלעכקייט, אַנטוויק־לונג פון שפּיל־פעלדער, ספּאָרטס, און אַ העכערער סטאַנדאַרד אין אַלץ, זאָל בויבעריק כסדר שטייגן; אַז די שטרעבונג צו באַשטימטע פאָרמען פון גייסטיקן לעבן בכלל און דעם יידישן גייסטיקן לעבן בפרט, זאָל ניט זיין אויפן חשבון פון וואָקסנדיקן קאָמפאָרט און בעסערע באַקוועמלעכקייטן.

## דער גייסט פון טראַדיציע

בויבעריק איז לכתחילה געמיינט געוואָרן צו זיין אַ קעמפּ פאַר קינדער און אַ זומערדיק אָפּרו־אָרט פאַר דערוואַקסענע. בנוגע די קינדער איז געווען נאַטירלעך אָנצונעמען, ניט טראַכטנדיק, אַז עס דאַרף זיין אַן עקספּאַנסיע פון דער שלום עליכם שול דורכן ווינטער. בנוגע די דערוואַקסענע האָט מען אָנגענומען — ווידער ניט טראַכטנדיק — אַז די פאָרעם און אינהאַלט פון פאַרברענגען דאַרף זיין ווי מיר האָבן עס אין שטאָט, כאָטש אין שטאָט איז בלויז געווען דאָס בשותפותדיקע סאָציאַלע לעבן פון דער פאַרזאַמלונג און

דער „אונטערנעמונג״. עס איז גאַרניט איינגעפאַלן אַז דער דאָזיקער סאָרט צוזאַמענדיק לעבן פאַרמאָגט ניט, האָט ניט אויסגעאַרבעט, קיין געשטאַלט וואָס דאַרף זיך אַרויסהייבן ווען מען קומט זיך פרייוויליק צוזאַמען, יעדער מיט זיין פריוואַט לעבן. עס הייסט אַז סיי בנוגע די קינדער, סיי בנוגע די דערוואַקסענע, האָבן מיר אין סאַמע אָנהייב, אין סאַמע ערשטן צוגאַנג, געלעבט אין טעות.

גליקלעכערווייז איז דאָס ניט געווען קיין דורכגעטראַכטער, פּלאַנירטער טעות; עס איז געווען אַ ספּאָנטאַנער דרך. ממילא האָט געפעלט די עקשנות פון האַלטן זיך ביי אַן ערשטן באַשלוס און עס איז פריי געווען דער וועג פאַר ענדערונג און אַנטוויקלונג אין געדאַנקען און מעשים. דער געדאַנק וועגן ענדערונג האָט נאַטירלעך קודם־כל אַקצעפּטירט ענדערונג אין יידישן אויס־דרוק אויף ביידע זייטן פון קעמפּ. מען האָט דאָס אויך געקענט אָנהייבן מיט מער פּראָפּאַגאַנדיסטישן פייער, מיט אָרגאַניזירטע עפעקטן און מיט האַמער־דיקע רייד וועגן דער בייטיקייט אָנצופילן אונדזער לעבן מיט טיפערן יידישן אינהאַלט, מיט אַפּעלירנדיקער סימבאָליק און מיט קאָנקרעטן אויסדרוק, אין צוגאָב צו שפּראַך, פון יידישער אָנגעהעריקייט.

אָבער דאָס — די שרייענדיקע פּראָפּאַגאַנדע — איז קיינמאָל ניט געווען דער וועג פון בויבעריק. עס האָט זיך אויך געקענט לייגן אויפן שכל, אַז שטילע רייד און, נאָך מער, לעבעדיקע מעשים, וועלן אַ סך מער און אַ סך שנעלער דערגרייכן. וואָרעם דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל יידישע דערציאונג און יידיש וויסן בכלל. עס איז ניט געווען קיין אַנדער ציל און קיין אַנדער אָרגאַניזירטע טעטיקייט וואָס זאָל אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט. אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט זיך גיכער געקענט אויסווייזן אַז דאָס לעבן אין קעמפּ אַליין וועט זיין גענוג אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק אַז די ליידיקייט פון אַ יידיש לעבן אָן קאָנקרעטע נאָרמען פון סימבאָלישן און רעאַלן אויסדרוק מוז זיך שמעלצן און צאַנקען נאָך דעם ווי מיר, די חדר־דערצויגענע, וועלן דאָ מער ניט זיין. עס האָט זיך געקענט דאַכטן אַז, לכל־הפּחות, די וואָס ביי זיי האָט זיך געעפנט דאָס האַרץ פאַר אַ מער אַרומנעמיקן יידישן אינהאַלט, וועלן אַריבערטראָגן עפּעס פון די בויבעריקער יידישע איינפירן אין גייסט פון אונדזער טראַדיציע צו זיך אין דער היים און דערמיט אָנהייבן אַ יידישן דרך ביי וועלטלעכע יידן אַריבער די גרענעצן פון בויבעריק.

עס האָט זיך געהאָפט, עס האָט זיך געחלומט, אַז מיר האָבן אין בויבעריק געמאַכט אַן אָנהייב פון אַ דרך וואָס איז עלול זיך צו פאַרשפּרייטן, אָנפילן מיט מעשים, אַ נייע דעפיניציע פון אַ געוויזענער וועלטלעכקייט, אין זינען ווי מיר האָבן זי געבראַכט פון יענער זייט ים. עס האָט זיך געלאָזט גלייבן אַז דאָס וועט פירן צו אַן אָרגאַניזירטער איניציאַטיווע מצד וועלטלעכע יידן בכלל, ניט דווקא פון שלום עליכם קרייז, צו קומען צו דער פאַרלאָזענער נאָרמירטער יידישקייט מיט די נייטיקע מאָדיפיקאַציעס פון אַ מאָדערן, וועלטלעך לעבן.

אין אַ געוויסן זינען וועט עס הייסן, צוריק צו ווערן אינעווייניקסטע צווישן ייִדן, עס מעג זיין אינעווייניקסטע מיט אַן אייגענער שיטה, אָבער ניט אָפּגע־זונדערטע פון אַלע אַנדערע ייִדן אין נאָמען פון וועלטלעכקייט קעגן רעליגיע.

דערווייל זיינען מיר אויפגעשווידערט געוואָרן פונעם חורבן אויף יענער זייט ים. ייִדן האָבן זיך גענומען טוליען נענטער צום ייִדישן „וואָס מיר זיינען זיינען מיר, אָבי ייִדן זיינען מיר". ביי אַנדערע האָט זיך עס אויסגעדריקט אין דעם וואָס די סינאַגאָגע האָט גענומען שפּילן אַ גרעסערע ראָלע אין זייער לעבן. די וועלטלעכע זיינען געוואָרן מער טאָלעראַנט צו פרומע רייד, האָבן אַליין גענומען רעדן פרומע רייד, אָדער האָבן זיך אָפּגערופן מיט הנאה אויף די אָרגאַניזירטע ייִדישע טעטיקייטן פון פרומע ייִדן. די דאָזיקע אַרומיקע שטימונג האָט ממילא ווי אַריינגעטראָפן אינעם גאַנג פון דער בויבעריקער ייִדישער פּראַקטיק און פאַרלייכטערט דעם וועג און נאָך מער געטריבן דעם ווילן נאָכצוגעבן די געפילטע פאָדערונגען פון דער ייִדישער טראַדיציע.

די סיסטעמאַטישע דערנענטערונג צו טראַדיציע מצד וועלטלעכע ייִדן איז געבליבן אַ לאָקאַלער ענין פאַר דער שטענדיקער זאָרג פון אַ קעמפּ, פון בויבעריק. דאָ אָבער בלייבן די צילן ווי זיי האָבן אַרויסגעשפּראָצט כמעט אין סאַמע אָנהייב. בלויז אין איין אויפגאַבע, און זייער אַ וויכטיקע, האָט דאָס לעבן ניט דערלאָזן צו קיין ווייטערדיקן וואוקס: ייִדיש ווי די שפּראַך פון געוויינטלעכן אומגאַנג אויף דער קינדער־זייט פון קעמפּ. עס האָט ניט לאַנג געדויערט ביז עס זיינען אָנגעקומען קיין בויבעריק אין אַלץ גרעסערע צאָלן עלטערן און קינדער פון צווייטן און דריטן דור, אַלץ אַזעלכע וואָס האָבן ניט נאָר ניט געקענט רעדן, נאָר פּשוט ניט פאַרשטאַנען, אָדער ניט גוט פאַר־שטאַנען, קיין ייִדיש. אַזעלכע זיינען תמיד געווען אין קעמפּ פון ערשטן טאָג אָן, אָבער אין אָנהייב זיינען זיי געווען אַ קליינע מינאָריטעט, אָפּט אַן אומ־צופרידענע מינאָריטעט, ווייל סיי דאָס אָפיציעלע לשון, סיי די אַטמאָספערע, איז זיי געווען פרעמד. עס זיינען געווען פאַלן, ווי שוין באַמערקט, אין די סאַמע ערשטע יאָרן ווען קינדער זיינען אַוועק אין מיטן סעזאָן, אָדער ניט געוואָלט זיך אומקערן דעם קומענדיקן זומער, צוליב ייִדיש. אויך איצט האָבן טייל פריערדיקע קעמפּערס, וואָס זיינען שוין טאַטע־מאַמע, מורא צו שיקן זייערע קינדער קיין בויבעריק, ווייל זיי זיינען חושד אַז די אָפיציעלע שפּראַך אין די ווענדונגען פון די פירער איז ייִדיש, פּונקט ווי אין זייערע יאָרן, און זייערע קינדער וועלן פּשוט ניט פאַרשטיין און זיך פילן פאַרלוירן. ביסלעכ־ווייז איז דער גרעסטער רוב געקומענע געווען פון דעם סאָרט.

אויפן רעגיסטראַציע־בלאַנק פאַרן קעמפּ, וואָס עלטערן דאַרפן אויספילן, איז פאַראַן אַזאַ פראַגע: „ווילט איר מיר זאָלן מיט אייך קאָרעספּאָנדירן אין ייִדיש אָדער אין ענגליש?" די וואָס ענטפערן אַז עס איז ביי זיי אַלץ איינס, ווערן פאַררעכנט פאַר „ייִדיש".ביים סוף פון די פערציקער יאָרן האָבן אַרום

4—7 פּראָצענט פון אַלע (איבער 225 עלטערן) פאַרלאַנגט יידיש. די דאָזיקע קליינע צאָל איז פונדעסטוועגן געוואָרן אַלץ וויניקער. אין 1961 האָבן אַלע פאַרלאַנגט ענגליש.

דאָס וואָס איז געשען מיט די קינדער איז אויך געשען מיטן פּערסאָנאַל, דער עיקר מיט די ייִנגערע. זיי זיינען איצט כמעט אַלע פון דריטן דור. פאַר די וואָס האַלטן אַז יידיש איז אַ גרויסער פּאָזיטיווער כוח לטובת דעם קרעאַטיוון יידישן קיום — און די דאָזיקע איבערצייגונג איז קיינמאָל ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין בויבעריק — האָט זיך אַנטפּלעקט אַ לאַגע וואָס ווייזט העכסטנס אַן אַרומוועג, גיכער ווי אַן אויסוועג. מיר האָבן איינגעזען אַז די יידישע צילן פון קעמפּ זאָלן וואָס ווינציקער זיין די אויפגאַבע פון די איינצלנע אויפפּאַסער פון גרופּעס. אַפילו דאָס וואָס די יידישע שעה ליגט אין די הענט פון אַן איינצלנעם קאָמפּעטענטן יידישן מענטשן איז ווייט ניט גענוג. דער קעמפּ דאַרף שאַפן וואָס מער געלעגנהייטן, שמחות, פּראָגראַמען, וואָס נעמען אַריין אין זיך וואָס מער יידישע עלעמענטן, יידישע היסטאָרישע געדענק־טעג, געוירשנטע און ספּעציעל געשאַפענע — למשל דער „מזל־טוב טאָג״ אָדער דער „פּורים־פּאַראַד״ — אָבער דאָס אַלץ דאַרף געטאָן ווערן אין דער פולער עפנטלעכקייט, פון גאַנצן קעמפּ צוזאַמען, אונטער דער ברייטסטער השגחה. זאָל די אָנשטרענגונג, די פירונג און די השגחה זיין דער קאָלעקטיווער חוב פון גאַנצן פּערסאָנאַל אונטער דער קאָנצענטרירטער סטימולירונג און איני־ספּעקציע פונעם דירעקטאָר און זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער. דערצו דאַרף מען אויך שאַפן געלעגנהייטן אַז דער פּערסאָנאַל, ספּעציעל די ייִנגערע, זאָלן אין דער קעמפּ־צייט זיך קענען אָנשעפּן מיט מער יידיש וויסן און יידישע באַציאונגען בכלל. דאָ דאַרף מען צורעכענען דאָס מימעאָגראַפירטע ביכל פאַר קאָנווערסאַציאָנעלן יידיש וואָס איז געשאַפן געוואָרן ספּעציעל צו באַנוצן אין דער יידישער שעה. דאָס ביכל הייסט „יידיש דורך ענגליש״ און איז געבויט אויפן פּרינציפּ פון אָפּגעקליבענע קרובהשע ווערטער צווישן ביידע שפּראַכן. עס ווערן באַנוצט 119 יידישע זאַצן, 301 ווערטער און עס ווערט אָנגעגעבן אַ ספּעציעל־געשאַפענע שפּיל ווי אַ מעטאָדישער צוגאַנג.

די שווערסטע אַרבעט דורכן ווינטער איז פון די ערשטע יאָרן באַשטאַנען אין געפינען פּאַסיקע קאַנדידאַטן פאַר קעמפּ־שטעלעס מיט כאָטש אַ מינימום יידיש וויסן און יידיש־קענטעניש. מיטן גאַנג פון די יאָרן איז זייער שווער אָנגעקומען צו געפינען אַזעלכע וואָס זאָלן זיין פעאיק אי אומצוגיין מיט קינדער, אי האָבן אַ וואַרעמע באַציאונג צו די צילן פון קעמפּ. מיר האָבן דעריבער איינגעפירט אַז אַ חוץ דער שוין דערמאָנטער פאַרקירצטער דער־קלערונג וועגן די צילן פון קעמפּ, וואָס יעדער קאַנדידאַט, איידער ער ווערט אָנגעשטעלט, זאָל זיך באַקענען מיט איר און אויסדריקן זיין הסכמה, דאַרף מען אויך שפּעטער אָנווייזן די אָנגעשטעלטע מיט מער פּרטים וואָס בויבעריק שטעלט מיט זיך פאָר.

אַט זיינען עטלעכע פּאַראַגראַפן פון אַזאַ אויסגאַבע ספּעציעל פאַרן פּערסאָנאַל פון קעמפּ:

ניט קיין געשעפט־אונטערנעמונג

בויבעריק איז ניט קיין געשעפט און גיט קיינעם ניט קיין פּריוואַטע פּראָפיטן. כאָטש אייגנטלעך האַלט זיך אויס דער קעמפּ פון זיין אייגענער הכנסה, קומט אים אָבער אויך אויס צו ליידן פון דעפּי־ציטן. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס די בויבעריק־קאָמיסיע איז פאַר־אינטערעסירט צו מאַכן דעם קעמפּ צוגענגלעך צו וואָס מער מענטשן בעת מען האַלט שטענדיק אין איין פאַרבעסערן און באַרייכערן אַלע זייטן פון קעמפּ־לעבן.

וואָס בויבעריק וויל

ווי אַ קעמפּ, און לויט די פאָדערונגען פון קעמפּ־טעטיקייטן, פּאַסיקע מכשירים און אַלגעמיינע אויסשטאַטונג, האָט בויבעריק זיך תמיד גערעכנט מיט די העכסטע סטאַנדאַרדן און באַדערפעניש פון אַמע־ריקאַנער קעמפּ־לעבן. געזונטע ספּאָרט־טעטיקייט און שפּיל האָבן שטענדיק פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין אונדזער פּראָגראַם. אָבער קעמפּ בויבעריק צייכנט זיך אויס מיט דעם וואָס ער שטרייכט אונ־טער די וויכטיקייט פון דעם יידישן קינדס פּסיכאָלאָגיע און מאָראַלע בויטן, בויטן וואָס ווערן ליידער צו אָפט איגנאָרירט.

די געזונטע אַנטוויקלונג פון יידישע קינדער פאָדערט אַז זייער יידישע אָנגעהעריקייט זאָל זיך קלאָר אַרויסהייבן אין זייער יידישן באַוואוסטזיין; זיי דאַרפן פילן די וויכטיקייטן פון די ווערטן וואָס לעבן אין די יידישע גייסטיקע און קולטורעלע אוצרות פון אַלע צייטן. רעזולטאַטן פון פאָרשונגען אין מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע שטרייכן אונטער דעם פּאָזיטיוון ווערט פאַרן גייסטיקן געזונט־צושטאַנד פון קינדער ווען זיי פילן זייער אָנגעהעריקייט צו דער קולטור־סביבה פון זייער פאַמיליע און פאָלק. דער אמת דערפון איז נאָך שטאַרקער ווען מיר טראַכטן וועגן די ווערטן און אידעאַלן וואָס געפינען זיך אין די אוצרות פון דער יידישער ירושה.

מיטלען און צילן

עס איז לייכטער צו זאָגן וואָס מען וויל ווי צו געפינען מיטלען עס דורכצופירן. וואָס מיר ווילן, האָבן מיר שוין פריער געזען. אָבער וויכטיק איז נאָך עפּעס. ווען קעמפּ־טעטיקייט און יידיש באַוואוסט־זיין זיינען צעטיילט און אָפּגעזונדערט, שאַפט זיך אַ שפּאַלטונג וואָס טוט ניט קיין גוטס. ווילן מיר בײדע צונויפגיסן אַזוי אַז די קינדער זאָלן ניט פילן אַז זיי לעבן אין צוויי באַזונדערע וועלטן. אַט דאָס

צונויפגעסין די דאָזיקע צוויי עלעמענטן, דאָס איז די גרויסע זאָרג פון בויבעריק.

בנוגע דעם ריין־יידישן עלעמענט ווערט ער אין בויבעריק אויס־געדריקט אויף פאַרשיידענע אופנים. דאָס שליסט אויך איין יידישע סימבאָלן און סימבאָלישע אויסדרוקן ווי טיילן פון אַלגעמיינע טע־טיקייטן, אָבער די מער ספּעציפישע יידישע עלעמענטן באַשטייען פון אָנגענומענע יידישע טראַדיציעס, שמועסן וועגן יידישע ענינים, געלעגנהייטן, פאַרשטעלונגען וואָס הייבן אַרויס געשעענישן פון דער יידישער געשיכטע, די פונקציעס פון שפּראַכן — יידיש און העברעאיש — אָבער מיט ספּעציעלן טראָפּ אויפן ווערט פון יידיש. דאָס אַלץ איז איינגעוועבט אינעם לעבן אין בויבעריק. איצט, זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל, זיינען צוגעגעבן געוואָרן צו אונ־דזער פּראָגראַם אַ ריי ענינים וואָס העלפן פאַרשטאַרקן דעם גייסט פון קעמפּ בויבעריק. די דאָזיקע ישראל־ענינים נעמען אין זיך אַריין יידישע אינפאָרמאַציע, פאַרוויילונג, וואַרעמע יידישע צוגעבונדנקייט — וואָס דאָס האָט אַ באַזונדער ווערט פאַר דער אַטמאָספערע פון קעמפּ בויבעריק.

אונדזערע עלטערן און פריינד

פאַרשטייט זיך אַז מיר זיינען אָנגעוויזן אויף אונדזער קעמפּ־פער־סאָנאַל, אַז זיי זאָלן העלפן פירן דעם קעמפּ אין דער דערמאָנטער ריכטונג. דאָך, ניט געקוקט אויף די באַמיאונגען פון אַלע צדדים, וואָלט דער גייסט פון בויבעריק געוואָרן פאַרוואָסערט און אָפּגעריבן ווען ניט אַן אַנדער פאַקטאָר וואָס האָט תמיד געווירקט אַז דער קעמפּ זאָל קענען אָנהאַלטן זיין לאַנגע טראַדיציע. אין דער גאַנצער געשיכטע פון בויבעריק האָבן אַ סך עלטערן געשיקט צו אונדז זייערע נאָענטסטע טאַקע דערפאַר ווייל זיי האָבן געוואָלט אַז זייערע קינדער זאָלן זיך זומער־צייט געפינען אונטערן איינפלוס פון דער אָרגאַניזאַציע און קאָמבינאַציע פון טעטיקייטן וואָס זיינען דער ציל פון בויבעריק.

נאָך מער, מיטן גאַנג פון די יאָרן, און פריערדיקע קעמפּערס זיינען געוואָרן טאַטעס און מאַמעס, האָבן אויך זיי געשיקט זייערע קינדער קיין בויבעריק. ניט געוועזן קיין בעסערער וועג ווייטער צו ציען דעם פאָדעם פונעם בויבעריקער גייסט אין דער טעאָריע און אין דער פּראַקטיק.

דער אָרגאַניזירטער אָנהייב איז, ווי מיר ווייסן, ניט געקומען, איז ממילא אַלץ ווייטער געבליבן אין לאָקאַלע גרענעצן. עס איז געבליבן די שטענדיקע, אומאויפהערלעכע באַמיאונג צוצוגעוואוינען דעם עולם, קליין און גרויס, זיך

אַריינצולעבן אין דער סאַקראַלער ספערע פון יידישער סימבאַליק אויף דער ליניע פון אונדזער טראַדיציע. אונדזער אַרבעט לטובת יידיש, אויך לטובת העברעאיש, לויט פאַראַנענע כוחות און פערסאָנאַל, האָט קיינמאָל ניט אויפ־געהערט. די ריינקייט פון אונדזערע פאַרשטעלונגען, און די ערנסטע באַציאונג צו זיי, האָט קיינמאָל ניט דערלויבט קיין קאָמפּראָמיסן. אַ חוץ דעם, אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך, אין די גרענעצן פון צייט — דורכן קורצן קעמפּ־סעזאָן — און כוחות, אַקצענטירט בויבעריק דורך שפּיל און פאַרטראַגן, ווי נייטיק עס איז אַז יידן זאָלן זיך וואָס מער באַרייכערן מיט יידיש וויסן, זאָל זיין דורך קליינע טראָפּנס וואָס, לײדער, ניט מער דערפון איז מעגלעך אין אַ קעמפּ־סיטואַציע. אויך די דאָזיקע טעטיקייט הייבט אַרויס אַ טרויעריקע לאַגע אין אונדזער לעבן. דער פונדאַמענט פון יידישן קולטור־לעבן, פון דער גאַנצער יידישער גייסטיקייט מיט איר רעליגיעזן און וועלטלעכן כאַראַקטער, האָט זיך אין משך פון אונדזער גאַנצער געשיכטע געהאַלטן אויף לערנען, אויף לערנען די רייכע פילזייטיקייט וואָס די דורות האָבן געשאַפן. אין דער היינטיקער צייט איז לערנען געוואָרן בלויז די פּריווילעגיע פון פּראָפעסיאָנאַלן, רעלי־גיעזע און וועלטלעכע, בעת דער דורכשניטלעכער ייד איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ פּאַסיוון צוהערער. אַ קעמפּ גיט זיכער ניט די מעגלעכקייט דאָס צו בייטן, אויסצופילן דעם דאָזיקן אומגליקלעכן חלל אין לעבן פונעם יידישן דורכשניט. טוט מען וואָס מען קען און מען שטרעבט צו עפּעס מער און בעסער.

דער ציל אַריינצופירן וועלטלעכע און גלייכגילטיקע יידן, און יידישע קינדער, אין דער ספערע פון יידישע טראַדיציעס, ד״ה, אַריינפירן סיסטע־מאַטיש — און איך שטרייך אונטער מיט אַלע אַקצענטן דאָס וואָרט סיסטעמאַ־טיש — איז זייער אַ שווערע אויפגאַבע אין אַזאַ וועלט ווי עס האָט זיך געשאַפן אַרום אונדז. די וואָס האָבן וועגן דעם ניט געזאָרגט געטראַכט, אַפילו ווען זיי האַלטן דעם ענין פאַר וויכטיק, קענען זיך גאָרניט אויסמאָלן ווי שווער דאָס איז. עס ווערט, ווייזט אויס, געפילט אַז דאָס איז אַ ריין־פּערזענלעכער ענין; עס איז גענוג אַז יעדער זאָל עס אויפנעמען ווי אים ווילט זיך שטילער־הייט. דאָס איז זייער באַדויערלעך, אָבער אַזוי איז עס. עס זיינען ניט געווען קיין גענוג אַקטיווע מאַנער צו פאָדערן אַן אָרגאַניזירטע אַרבעט אַרום דעם דאָזיקן ציל. איז בויבעריק געבליבן לאָקאַל, אין אָט דער אויפגאַבע, און לאָקאַל געוואַקסן פון זומער צו זומער עסטעטישער, רייכער, און אינהאַלטלעך טיפער אויף דער פאַרביקער ליניע פון דער יידישער טראַדיציע.

# די געשיכטע פון אַ שלום עליכם פאָלקשול

פון **שלמה סיימאָן**

די געשיכטע פון שלום עליכם פאָלקשול פופצן איז באמת די גייסטיקע געשיכטע פון ערשטן דור אימיגראַנטן, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אויב ניט די געשיכטע פון אַ גאַנצן דור, איז עס זיכער די אָפּשפּיגלונג פון אַ טייל פון סעקולאַרן סעקטאָר, וואָס האָט גערעדט יידיש ניט פון צוואַנג, נאָר פון דעם באַוואוסטזיין, אַז יידיש און די יידישע ליטעראַטור, יידישער טעאַטער און יידישע קונסט בכלל זיינען ביי אים געוואָרן דער במקום פון אַלטן יידישן לעבנס־שטייגער. דער דאָזיקער סעקטאָר איז ניט געווען אַנטי־רעליגיעז, נאָר דער גאַנצער נוסח פון רעלי־גיעזן אויפפיר האָט שוין ניט געהאַט אויף אים קיין ווירקונג. מען מעג זאָגן ברוטאַל אָפן, ער האָט ניט געהאַלטן אַז דער אַלטער שטייגער לעבן פאַרמאָגט וועלכע עס איז ווערטן, חוץ קונסט־אָפּשפּיגלונג, פאַרן מאָדערנעם מענטש. דאָך איז דאָס לעבן פון דעם דור געווען טיף יידישלעך און ער האָט געזוכט אַ וועג צו איבערשאַפן די אַלטע ווערטן אין אַ נייער פאָרעם.

מיר זיינען אַלע געווען יונג און מיט קליינע קינדער. ווען די קינדער אונדזערע זיינען געוואָרן פון שול־עלטער, האָבן מיר אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן געבן זיי אַ יידישע דערציאונג. מיר זיינען געווען אַ גרופּע פון אַ זעקס־זיבן מענטשן, אַלע אַרבעטער, מיטן אויסנאַם פון דעם שרייבער פון איצטיקן באַריכט וואָס איז געווען אַ פּראָפעסיאָנאַל. מיר האָבן געהאַלטן אַז די אַלגע־מיינע פּאָבליק־סקול איז אַ פאַסיקע אינסטיטוציע פאַר צוגרייטן אונדזערע קינדער פאַרן פרייען אַמעריקאַנעם לעבן און פאַר זייערע צוקונפטיקע קאַריע־רעס, אָבער מיט וואָס וועלן זיי זיין אונדזערע קינדער, יידישע קינדער? אין אונדזער געגנט, איסט־פלאַטבוש, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ פאָרשטעטל צו בראָנזוויל, אָן אמתע „סאַבורביע", איז שוין געווען אַ צענטער, וואו פרויען און מענער האָבן געדאַוונט אָן אַ מחיצה, אויך צוויי אָרטאָדאָקסישע שולן, און אַלע דריי האָבן געהאַט תלמוד־תורהס. אָבער קיינער פון אונדז איז ניט געווען קיין דאַוונער און אָפּגעהיט וועלכע עס איז מצוות. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געהאַלטן אַז די אַלע דריי תלמוד־תורהס זיינען ניט קיין פאַסיקע שולן פאַר אונדז. מיט קרוב פינף און פערציק יאָר צוריק זיינען שוין געווען אַרבעטער־רינג שולן און נאַציאָנאַלע אַרבעטער־פאַרבאַנד שולן. צווישן אונ־

דזערע זעקס חברים זיינען געווען אַרבעטער־רינגניקעס און ציוניסטן. אָבער מיר האָבן געהאַלטן אַז אַ יידישע שול דאַרף ניט זיין קיין פּאַרטייאישע; קינ־דער דאַרף מען געבן אַ יידישע דערציאונג פריי פון איזמען. חוץ דעם וועט יעדער איינער פון אונדז וועלן האָבן אַ שול פון זיין קלייזל. דערפאַר האָבן מיר באַשטימט אַז כדי אויסצומיידן מחלוקת און זיך קאָנצענטרירן נאָר אויף אַ יידישער דערציאונג — צו עפענען אַ שלום עליכם פאָלקשול. מיר האָבן אַנאָנסירט אין די צייטונגען אַז אַ גרופּע יידן ווילן עפענען אַ שלום עליכם פאָלקשול און די ערשטע זיצונג וועט זיין אין דעם־און־דעמס הויז. די וואָס האָבן קינדער פון שול־עלטער זאָלן זיך ווענדן אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס.

עס האָבן זיך אָפּגערופן אַרום פופצן עלטערן. מיר האָבן אויף דער ערשטער זיצונג געשאַפן געגנוג געלט אויף אַ חודש דירה־געלט און זיך געווענדט צום שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט ער זאָל אונדז שיקן אַ לערער.

עס וואָלט געווען כדאי געבן כאָטש אַ קורצע געשיכטע פון אונדזערע מאַטעריעלע שוועריקייטן. איידער מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט האָט זיך אָנגע־רוקט די שוידערלעכע דעפּרעסיע. ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, איז די גאַנצע גרופּע באַשטאַנען פון אַרבעטער, שאַפּ־אַרבעטער. די צוויי „גבירים" זיינען געווען דער פּראָפעסיאָנאַל און אַ זעצער פון „פאָרווערטס". אונדזער פּאַרנעם איז געווען אַ קליינער, ווייל מיר אַלע האָבן פאַרדינט און געלעבט אויף זייער אַ שפּלדיקן סטאַנדאַרד. האָבן מיר גענומען אַ הלוואה און יעדער מיטגליד האָט זיך מחייב געווען צו צאָלן פאַר דער הלוואה אַ באַשטימטע סומע. מיר האָבן גערעכנט איינטריט־געלט פאַר יעדער אונטערנעמונג, פאַרשטייט זיך, אַ קליינע סומע — פינף און דרייסיק סענט איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ גרויסן אָפּצאָל. ווען מיר האָבן אַריינגענומען אַ פּרייטיק־צונאַכט אַ צען דאָלאַר פון איינטריט צו אַן עונג־שבת, זיינען מיר געווען מער ווי צופרידן. פאַרשטייט זיך, אַז די פרויען האָבן צוגעגרייט דעם כיבוד אָן באַצאָלט.

דעם לערער איז מען אָפּט געווען שולדיק שכירות פאַר וואָכן לאַנג. דירה־געלט האָבן מיר ניט געקאָנט צאָלן אין צייט. ניט זעלטן איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון „אַ גרויסער קריזיס". דער לערער איז געזעסן אַ פאַרפינצטער־טער. ער מוז האָבן כאָטש אַ וואָך אָדער צוויי שכירות, ער קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטן. דער „לענדלאָרד" האָט אַריינגעשיקט די לעצטע וואָרענונג: אויב מען וועט אים ניט געבן פאַר אַ חודש דירה־געלט וועט ער אונדז אַרויסשטעלן אין גאַס. מען האָט גערעדט און דיסקוסירט און סוף־כל־סוף האָבן זיך די פאַרזאַמלטע צונויפגעלייגט פאַר אַ וואָך שכירות פאַרן לערער (און איך ווייס אַז אָפט האָט אַ פאַרוואַלטער אַוועקגעגעבן די לעצטע פאַר דאָלאַר זיינע) און די צוויי „גבירים" האָבן זיך מתחייב געווען צו באַצאָלן די דירה־געלט פאַר אַ חודש, כלומרשט אויסלייגן דאָס געלט ביז לכשירחיב, וואָס, פאַרשטייט זיך,

מען האָט קיינמאָל ניט באַצאָלט זיי. די שול איז שטענדיק געווען אין אַ כראָ־נישן געלט־קריזיס.

דער שלום עליכם אינסטיטוט האָט אונדז קיין סך ניט געקאָנט אַרויס־העלפן, ווייל ער האָט געהאַט זיינע אייגענע עקאָנאָמישע שוועריקייטן. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז ווען דער אינסטיטוט האָט דעמאָלט אַריינגעקראָגן צו זיין יערלעכן באַנקעט די סומע פון פופצן הונדערט דאָלאַר, האָט עס זיך גערעכנט פאַר אַ דערפאָלג. דאָס דערצייל איך כדי די באַשולדיקער וואָס האָבן טענות צו אונדז פאַר דעם באַגרענעצטן פאַרנעם אונדזערן זאָל געדענקען, אַז מיר האָבן אָפּערירט מיט גראָשנס. מיר האָבן ניט געהאַט קיין מעצענאַטן, אָדער וועלכע עס איז גרויסע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אונטער־שטיצט אונדזער שולוועזן. אָבער די געשיכטע פון שול פופצן איז ניט די געשיכטע פון איר וואַקסן אין כמות, אַפילו דאָס איז אויך שפּעטער געשען, נאָר אין וואַקסן אין דער טיף, אין איכות. דאָס איז איר וויכטיקייט.

גלייך פון אָנהייב אָן האָבן מיר דערפילט, אַז אונדזער שלום עליכם פאָלק־־שול דאַרף זיין ניט נאָר אַ קינדער־שול, נאָר דאַרף ביי אונדז ווערן די היים פון אונדזער „אויסלעבן זיך יידישלעך", ווי מיר האָבן עס דעמאָלט אָנגערופן. מיר האָבן איינגעפירט עונג־שבתים. די עונג־שבתים זיינען געווען טאַקע אַ מקור פאַר הכנסה פאַר דער שול, מיר האָבן גערעכנט איינטריט־געלט און די פרויען פלעגן אָנגרייטן כיבוד לויט זייערע יכולתן. אָפט ווען מיר זיינען געווען שטאַרק פאַרענגט און עס איז געקומען אַ גרעסערער עולם, פלעגן מיר מאַכן אַן אַפּיל. אָבער דער עיקר איז געווען ניט אַזוי די הכנסה, נאָר טאַקע פאַרזוכן עפּעס פון דעם טעם פון אַן עונג־שבת, אָדער ווי עטלעכע פון אונדז האָבן אָנגערופן דעם טעם פון אַ קבלת־שבת צוגעפּאַסט צו אונדזער וועלט־באַנעם.

קיין איינגעשטעלטן צערעמאָניאַל האָבן מיר ניט געהאַט. אָפט איז דער עונג שבת דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון די קינדער. דער לערער פלעגט צוגרייטן די קינדער מיט פאָרלייענען עפּעס, אָדער ציטירן לידער. אַמאָל אַפילו מיט אַ קליינער שפּיל. מיר האָבן איינגעטיילט פאָרלעזונגען צו די אייגענע חברים. אַמאָל פלעגט פּאַסירן, אַז איינער פון עולם, וואָס איז גאָר אַ פרעמדער, אַן אַרויפגעקומענער פון גאַס, האָט געבעטן מען זאָל אים דערלויבן עפּעס „פאָרטראָגן". איך געדענק אַזאַ פאַל, ווי אַ ייד האָט זיך אויפגעשטעלט און רעציטירט „אויפן בוזעם פון ים", פון ראָזנפעלד. ער האָט ציטירט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם און התלהבות, אַז ער האָט אונדז אַלעמען איבער־ראַשט. ווען איך האָב אים געפרעגט ווער ער איז, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער איז אַן אַלטער, קראַנקער אַקטיאָר, וואָס האָט שוין מער ניט געקאָנט שפּילן קיין טעאַטער. עס זיינען געווען אויפטריטן פון אַ סך אַמאַטאָרן וואָס

זיינען געקומען צו די עונג־שבתים כדי צו דערפילן דאָס יידישע וואָרט אויפן צונג.

צו דעמאָלטיקע עונג־שבתים פלעגט מען רויכערן, ווייל אין תוך זיינען עס געווען ניט קיין עונג־שבתים, נאָר יעדער מאָל אַ נייע אונטערנעמונג. אַ ליטעראַרישע אונטערנעמונג. הערן און פאַרלייענען פון דער יידישער ליטעראַטור איז געווען געגנוג אַריינצוברענגען דעם שבתדיקן געמיט צו אונדזערע יידן. עס האָט גענומען אַ היפּשע פּאָר יאָרן ביז וואַנען עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ שטענדיקער נוסח פאַר די פרייטיק־צונאַכטן. דעם נוסח האָבן מיר גענומען פון דעם עונג־שבת וואָס לייבוש לעהרער ע״ה האָט איינגעפירט אין בויבעריק. מיר האָבן אָנגעצונדן צוויי ליכט, דערנאָך האָבן מיר געזונגען די אָנגענומענע שבת־לידער, געזונגען בציבור. שפּעטער האָבן מיר איינגעפירט מאַכן קידוש און נאָכן קידוש געלייענט אַ טייל פון דער סדרה פון דער וואָך. שפּעטער איינגעטיילט די גאַנצע סדרה צווישן די חברים צו לייענען. נאָכן זינגען „שלום עליכם״, די שבת־לידער און פאַרלייענען די סדרה פון דער וואָך, איז געקומען דער אויסטייטש פון דער סדרה אָדער פון דער הפטורה. דאָס איז געווען דער ערשטער טייל. מען האָט געמאַכט אַן איבעררייס פאַר טיי מיט קוכן וואָס די פרויען האָבן צוגעגרייט. נאָך דער הפסקה, ווען חברים האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט זיך דורכריידן, האָט אַ חבר אָדער צוויי פאַרגעלייענט פון דער יידישער ליטעראַטור.

די עונג־שבתים זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אויף כמעט יעדער וואָך. ווען מיר האָבן אויפגעהערט רעכענען איינטריט־געלט אָדער מאַכן אַ זאַמלונג זיינען די פרייטיק־צונאַכטן געוואָרן מער און מער טראַדיציאָנעל און טיף יידישלעך. מען קאָן זאָגן בפה מלא, אַז עס איז געווען אָפט ביי אונדזערע עונג־שבתים מער רעליגיעזע איבערלעבונג ווי אין אַ סך בתי־מדרשיםביים דאַווענען.

גרויס יום־טובדיקייט האָבן אַריינגעבראַכט די טעטיקייטן פאַרן שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. די יערלעכע טעאַטער־אונטערנעמונג פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט איז געווען אַ גרויסע פרייד פאַר דער פאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש, ווייל מען האָט זיך געטראָפן מיט די שול־טוער פון אַנדערע שולן. חוץ וואָס די פאָרשטעלונג איז שטענדיק גענומען געוואָרן פון בעסערן יידישן טעאַטער און דאָס גיין אין יידישן טעאַ־טער בחברותא איז געווען אַן איבערלעבונג.

די צוויי באַנקעטן אין יאָר פון שלום עליכם אינסטיטוט זיינען גאַנץ גוט באַזוכט געוואָרן פון די טוער פון שול פופצן. אָפט, ווייס איך, איז עס געווען אַ גאָר היפּשע פינאַנציעלע שוועריקייט פאַר חברים. דער מקח פון אַ בילעט און די ביישטייערונג איז געווען אַ גרויסע לאַסט. אָבער מען האָט ניט געוואָלט פאַרפעלן די פייערלעכע באַנקעט־רעדעס. איך געדענק אַ רעדע וואָס ד״ר

זשיטלאָווסקי האָט געהאַלטן צו אַ באַנקעט, וואָס האָט זיך פֿאַרצויגן ביז גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט. אָבער אונדזערע טוער זיינען געזעסן מיט אָפּענע מיילער ביזן סוף און דערנאָך האָט מען די רעדע דיסקוטירט ביי צוויי זיצונגען.

זומער פלעגט די פֿאַרוואַלטונג אָפּט האָבן אַן אַרויספֿאָר קיין בויבעריק. איך געדענק, אַז עס איז געווען צו אַ לייבאַר־דעי באַנקעט, איז אין בויבעריק ניט געווען קיין געגוג שלאָף־ערטער און מען האָט אַריינגעשטעלט בעטלעך אין טעאַטער און אין גאַראַזש און דער עולם האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט צוגע־מאַכט מיט קיין אויג. וואָכן לאַנג האָט מען דערנאָך גערעדט ביי פֿאַרוואַלטונג־זיצונגען וועגן דער געשעעניש. עס איז געווען אַ פֿראַגע צי מען זאָל פּראָ־טעסטירן צו דער בויבעריקער קאָמיסיע פֿאַר זייער ניט־באַזאָרגן קיין שלאָף־ערטער. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז מען דאַרף ניט טאַדלען די קאָמיסיע, ווייל הלוואי זאָל אַזוינס אויך פֿאַסירן איבעראַיאָר. עס איז געווען גוט פֿאַרן אינסטיטוט.

עס וואָלט געווען אַ צו לאַנגע געשיכטע ווי אַזוי מיר זיינען אַרויסגע־קראָכן פון דער מיאוסער אָרעמקייט, וואָס האָט געשטערט אונדז צו טאָן אַפילו די מינימאַלע קולטור־אַרבעט. אָבער ביסלעכווייז האָבן מיר פֿאַר־ברייטערט אונדזער קולטור־אַרבעט. מיר האָבן אָנגעהויבן פייערן יום־טובים אין שול, איינגעפירט סיסטעמאַטישע רעפעראַטן. עס איז כדאי צו דערציילן וועגן איין פּסח־פייערונג. אין יענער צייט האָבן גאָר ווייניקע פון אונדז געפּראַוועט סדרים. מיר האָבן נאָך אויך ניט געהאַט קיין שום הגדות ווי עס דרוקט היינט דער שלום עליכם אינסטיטוט. מיר האָבן באַשטימט צו פּראַווען אַ סדר. מיר האָבן, געדענק איך, ניט געהאַט קיין פֿאַרשטעלונג פון אַ פּראָגראַם. אָבער מיר האָבן באַשטימט צוגרייטן אַ פּסחדיקן מאָלצייט, מיט מצה, מרור, חרוסת און וויין. מיר האָבן איינגעלאַדן געסט פון דער יידישער שרייבער־משפּחה, אַ קינד האָט געפרעגט די פיר קשיות און חברים האָבן „רעציטירט" שטיקלעך פון דער הגדה. די שול־קינדער האָט דער לערער צוגעגרייט מיט אַ פּסח־פּראָגראַם. מיר האָט זיך איינגעקריצט אַ קורצע רעדע פון שמואל ניגער ע"ה. ער האָט פֿאַרגליכן אונדזער פּסח־„סדר", ווי איינער וואָס האָט ליב פעלד און וואַלד און ער האָט ניט געקאָנט צוקומען צו זיי, האָט געפּלאַנצט וואַזאָנעס. כל־זמן ער האָט די וואַזאָנעס אין הויז קאָן ער נאָך האָפן, אַז ער וועט אַמאָל נאָך דערווערבן וועלדער און פעלדער. אונדזער איצטיקער „סדר" איז טאַקע ניט מער ווי אַ שיינע וואַזאָנע, אָבער דאָס וועט היטן אונדזער געדעכעניש, אַז דער נייער יידישער רענעסאַנס דאַרף געבויט ווערן אויף טראַדיציע. נאָך חבר ניגער האָט גערעדט ליטווין און האָט אויסגעדריקט זיין גרויסע פרייד, וואָס ער האָט געזען אַז אויך דאָ אין אַמעריקע זיינען פֿאַראַן וועלטלעכע יידן וואָס זוכן אַ נייעם וועג צום יידישן נוסח.

אָבער מיר זיינען ניט געווען צופרידן, אַז דער שול־לאָקאַל זאָל שטיין

לײדיק אַ גאַנצע װאָך, לײדיק אין די אָװנטן און יום־טובים. מיר האָבן אײנגעפירט אַ חברה צום לערנען. צוערשט זײנען דאָס געװען צופעליקע לעקטאָרן, אָממײסטן האָט מען אויסגענוצט דעם לערער, װעגן יידישע ענינים. דערנאָך האָבן מיר אָנגעשטעלט חיים שויס, ע״ה, צו לערנען מיט אונדז סיסטעמאַטיש אַלע װאָך, אַ מיטװאָך אין אָװנט, תנ״ך. מיר האָבן געצאָלט חבר שויסן פאַר יעדער לעקציע. אין אָנהײב איז דער קלאַס באַשטאַנען ניט מער װי פון אַכט מענטשן, פון דער פאַרװאַלטונג. אָבער באַלד, אין גאָר אַ קורצער צײט, זײנען געװאָרן אַרום צװאַנציק שטענדיקע צוהערער. אַכט יאָר שפּעטער האָט חיים שויס פאַרלאָזן ניו־יאָרק און איך האָב איבערגענומען די חברה תנ״ך. אין אַ קורצער צײט זײנען געװען איבער פופציק שטענדיקע תלמידים.

אין יענער צײט איז אויך געגרינדעט געװאָרן דער פרויען־קלוב, אַ צװײג פון דער שלום עליכם פרויען־צענטראַלע. דער קלוב פלעגט האָבן אײן מאָל אין צװײ װאָכן אַ זיצונג, װאו ס׳איז באַהאַנדלט געװאָרן געשעפטס־ענינים, און אײן מאָל אַ חודש אַ לאַנטשאָן, װאו מען האָט גערעכנט אײנטריט און עס איז דורכגעפירט געװאָרן אַ ליטעראַרישע פּראָגראַם מיט אַן אײנגעלאַדענעם רעפערענט און פאַרלײענונגען פון אײגענע חברות. דער תנ״ך־קלאַס און דער פרויען־קלוב זײנען געװאָרן די הויפּט פינאַנציעלע שטיצער פון דער שול.

לכבוד מײן פופציקסטן געבורין־יאָר האָט די פאַרװאַלטונג געקויפט אַ באַשײדענעם בנין. דרײ יאָר שפּעטער האָט מען דעם בנין איבערגעבויט, אָדער בעסער, צוגעבויט אַ פליגל װאָס איז געװען גרעסער פון דעם אָריגינאַלן בנין. אין יענער צײט האָט זיך די שול פאַרגרעסערט. מיר האָבן געהאַט קרוב הונדערט קינדער און עס האָבן געלערנט אין שול דרײ לערער. די קולטורעלע אַקטיװיטעטן פון שול זײנען אַזױ אײנגעשטעלט געװאָרן אַז באמת איז עס געװען אַ יידישע קהילה בזעיר אַנפּין. יעדע װאָך איז געװען אַן עונג־שבת צו װעלכן עס זײנען געקומען אַ דרײ מנינים מענער און פרויען. יעדן זונטיק איז אָנגעפירט געװאָרן די חברה תנ״ך, װאו עס זײנען געקומען אָפט אַ קרוב זעקס מנינים מענער און פרויען. אַלע צװײ װאָכן איז שבת אין אָװנט געװען אַ לעקציע מיט אַ פאַרבעטענעם גאַסט. דער פרויען־קלוב האָט געהאַט אַלע חודש דעם ליטעראַרישן לאַנטשאָן. עס זײנען דורכגעפירט געװאָרן גרעסערע אונטערנעמונגען װאָס צו זײ פלעגן קומען אָפט קרוב הונדערט מענטשן: די שול־דערפעפענונג, אָנהײב פון די שיעורים פון תנ״ך, חנוכה, חמשה עשר בשבט, פורים, פסח און שלוס פון שול־יאָר. דורכן זומער זײנען פאַרגעקומען אַ צאָל עונג־שבתים און אַ פאַרזאַמלונג פאַר תשעה־באב; דערנאָך זײנען מיר זיך צונויפגעקומען סוכות, מיט אַ געבויטער סוכה.

עס איז ניט שײך צו דערמאָנען נעמען און אָנגעבן כיבודים, װײל די

אַרבעט איז געווען אַ קאָלעקטיווע און דערפילט די קולטורעלע נויטווענדי־קייטן פון אַ גרופּע יידן, וואָס האָט געזוכט אַ במקום פאַר דעם אַלטן נוסח פון יידישקייט.

עס וואָלט זיכער געווען אַ המשך צו דער אַרבעט פון דער שול ווען עס וואָלט ניט געקומען קיין איבערשיכטונג פון דער באַפעלקערונג. איסט־פלאַטבוש, וואָס האָט זיך אין די אָנהייב צוואַנציקער פאַררעכנט פאַר אַ סאַבורב, אַ רואיקע פאַרשטעטל פון בראַנזוויל, איז ביסלעכווייז אויסגעליי־דיקט געוואָרן פון דעם ייִנגערן דור יידן, וואָס האָט זיך אַרויסגעקליבן אין די פאַרשטעטלעך פון לאָנג־איילאַנד. כמעט אַלע נאָכמיטאָג־שולן, די תלמוד־תורהס אַרום די שולן און צענטערס האָבן זיך צוגעמאַכט. עס זיינען געבליבן אין געגנט נאָר משפחות אָן קינדער. חוץ דעם זיינען געוואָרן די פּאָבליק־סקולס זייער ניט געוואונטשענע שולן פאַר דעם יידישן עולם צוליב די אומ־רוען און עס זיינען אויפגעקומען ישיבות־טאָגשולן. אָבער אָט די טאָגשולן — עס זיינען דאָ צוויי אין איסט־פלאַטבוש — ווערן ניט אָנגעפילט פון די לאָקאַלע איינוואוינער. מען ברענגט מיט באָסעס פון גאַנץ ברוקלין; און איינע האָלט זיך ביים אַרויסקלייבן, אָדער זיך צומאַכן צוליב דעם שינוי אין דער באַ־פעלקערונג.

די פאַרוואַלטונג פון שול פופצן, ניט געקוקט וואָס דער גרעסטער טייל פון איר האָט שוין מער ניט געוואוינט אין דער געגנט, האָט אָנגעהאַלטן די שול ביז עס זיינען כמעט ניט געווען מער קיין תלמידים. די קולטורעלע אַרבעט איז ממשיך געוואָרן מיט שוועריקייט, ווייל דער עולם האָט מורא געהאַט צו קומען אין שול אין די אָוונטן. דאָך ביז דעם לעצטן חודש פאַראַיאָרן איז אָנגעפירט געוואָרן די תנ״ך־שיעורים, די פרויען־לאָנטשנס און אַ צאָל עונג־שבתים און לעקציעס זונטיק נאָכמיטאָג. סוף־כל־סוף האָט מען געמוזט אויפגעבן דעם בנין. פאַראַיאָרן יאַנואַר האָט מען דעם בנין פאַרקויפט. אויפן בנין איז געווען אַ „מאָרטגעדזש" פון פינף טויזנט דאָלאַר, וואָס מען האָט פאַרנוצט די לעצטע דריי יאָר אָנהאַלטן די שול. קיין לערער איז מען ניט געבליבן שולדיק קיין גראָשן. פון די אַריינגעקראָגענע געלטער פון פאַרקויף פון בנין האָט מען אויסגעצאָלט די חובות צו די חברים און דאָס איבעריקע אַוועקגעגעבן דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

די גרינדער און די איבערגעגעבענע טוער אַרום דער שול פופצן זיינען איצט צעשפּרייט איבער גאַנץ ניו־יאָרק רבתי — פון די קאָאָפּעראַטיווע הייזער פון ברייטאָן־ביטש ביז העט אין די ווייטע פאַרשטעטלעך אין לאָנג־איילאַנד. אָבער עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גייסטיקע התקרבות צווישן די פאַרוואַלטער וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער שול־אַרבעט, אַז עס איז שווער צו צערייסן די שנורן. דערפאַר האָט זיך פאַרמירט איצט דער „שלום עליכם שול פופצן קולטור קלוב", וואָס קלייבט זיך צונויף אַלע צוויי וואָכן אין אַ חברס הויז

און פירט דורך אַן אייגענעם ליטעראַרישן לאָנטשן און איין מאָל אַ חודש אַ רעפעראַט פון אַן איינגעלאַדענעם רעפערענט.

עס איז כדאי אַז די נייע שולן וואָס פאַרמירן זיך אין די פאַרשטעטלעך פון ניו־יאָרק זאָלן וויסן פון דער פּיאָנערן־אַרבעט פון דער דאָזיקער שלום עליכם פאָלקשול. עס טאָר ניט פאַרגעסן ווערן, ווייל עס דאַרף דינען ווי אַ מוסטער. ניט צו קאָפּירן, נאָר ווי אַ וועגווייזערין פאַר אַ פאַרטיפטערער און פאַרשפּרייטערער אַרבעט לויט די נייע תנאים און מעגלעכקייטן.

## אַ רעפּראָדוקציע פון אַ צירקולאַר אין די צוואַנציקער יאָרן

### פאַרשרייבט אייערע קינדער אין די שולן פון

# שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

### און גיט זיי אַ פּראָגרעסיווע אידישע דערציאונג

ניון יאָרק:

שול 1
1387 וואַשינגטאָן עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 2
2075 קלינטאָן עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 3
720 טינטאָן עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 4
1274 האָו עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 5
855 יוניאָן עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 6
2120—82טע גאַס, ברוקלין, נ. י.
שול 7
מעקלעלאַן סט. פּערט עמבאָי, נ. דזש.
שול 9
384 אלאבאמא עוו., ברוקלין, נ. י.
שול 10
1212 סענעקא עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 11
172 ריווערדייל עוו., ברוקלין, נ. י.
שול 12
345 ס. 3טע גאַס, ברוקלין, נ. י.
שול 13
1934—63טע גאַס, ברוקלין, נ. י.
שול 16
7704—18טע עוו., ברוקלין, נ. י.
שול 17
2876 וו. 35טע גאַס, קוני איילאַנד.
שול 20
1371 פּראָספּעקט עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 22
500 איסט 174טע גאַס, בראָנקס, נ. י.
שול 24
274 איסט 169טע גאַס, בראָנקס, נ. י.
שול 26
303 אלבאני עוו., ברוקלין, נ. י.
שול 29
191 אדאבאָן עוו., בראָנקס, נ. י.
שול 34
966—46טע גאַס, ברוקלין, נ. י.
שול 36
1484 איסט 172טע גאַר, בראָנקס, נ.

פילאַדעלפיאַ:

שול 28 — שול 46

פּיקסקיל

שול 38

שיקאַגאָ:

שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

שול 30 — שול 40
שול 31 — שול 42
שול 32 — שול 43
שול 39 — שול 44

סו סיטי, אייאָווא:

שול 41

# וועלטלעכע יידישקייט — דער יסוד

# פון דער שלום עליכם שול

פון **יודל מאַרק**

מיר זיינען יידן. מיר אידענטיפיצירן זיך מיט דער יידישער גרופּע. מיר ווילן אַז אויך אונדזערע קינדער זאָלן זיין יידן. און עס איז ניט גענוג פאַר אונדז אַז די קינדער אונדזערע זאָלן סתם, אָן שום טיפערן גרונט, זיך אַרויס־שטעלן מיטן אָפּגעריבענעם: „איך בין שטאָלץ מיט דעם וואָס איך בין אַ ייד!" מיר האַלטן אַז דאָס איז לעכערלעך ווייניק. מיר ווילן אַז די קינדער זאָלן אויסוואַקסן באַוואוסטזיניקע יידן, וואָס האָבן ניט בלויז אַן עמאָציאָ־נעלע נאָר אַ שכלדיקע באַציאונג צו זייער פאָלק, וואָס זאָלן וויסן ווי יידן לעבן איצט אויף דער וועלט און זאָלן פאַרשטיין ווי יידן האָבן זיך אַנטוויקלט און געלעבט במשך פון זייער לאַנגער געשיכטע. מיר ווילן אַז די קינדער זאָלן אויפהיטן אַ יידישן שטייגער לעבן און אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן ווי ביצלעכע און אַקטיווע מיטגלידער פון דער יידישער קהילה.

אויף דעם אַלעם איז נייטיק צו געבן די קינדער אַ גרינדלעכע יידישע דערציאונג. אָבער וואָסער דערציאונג? מיר לייגן פאַר אַ מאָדערנע דערציאונג, געבויט אויף אַלע דערגרייכונגען פון פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, אַ יידישע דערציאונג וואָס זאָל אַנטהאַלטן אַלע נויטווענדיקע לעבנס־וויטאַמינען וואָס זיינען אומפאַרמיידלעך פאַר אַ מאָדערנעם ייד אין אונדזער גרויס דעמאָקראַ־טיש לאַנד, און אַזאַ דערציאונג וואָס זאָל אַרויסהייבן אונדזער באַזונדערקייט לגבי אַלע אַנדערע גרופּעס. דעריבער בויען מיר אונדזער שול אויף יידיש, דעם לשון פון גרויסן טייל יידישן פאָלק, דעם לשון פון די לעצטע דרייסיק דורות אַשכנזישע יידן, דעם לשון וואָס האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך במשך פון די לעצטע טויזנט יאָר פריידן און ליידן פון דעם סאַמע וויטאַלן טייל פון אונדזער פאָלק און וואָס איז געווען דער מיטל פאַר וואונדערלעכער שעפע־רישקייט, באַזונדער במשך פון די לעצטע דריי־פיר דורות, ווען ס'האָט זיך אַנטוויקלט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, די פאַרבנרייכע יידישע געזעל־שאַפטלעכקייט מיט אַלע אירע שיטות און אידעאָלאָגיעס.

אונדזער שול איז אַ מאָדערנע, זי איז פאַרבונדן מיט יידיש. זי איז אויך אַ וועלטלעכע שול. אויף אַט דעם שטריך פון אונדזער דערציאונגס־סיסטעם

לוינט זיך אָפּצושטעלן באריכות — ווייל אָט די אייגנשאַפט אונדזערע איז אפשר ניט געוווּג קלאָר פון זיך.

## יידן זיינען אַ פאָלק, ניט בלויז אַ רעליגיע

ווער איז אַ ייד? אָט די פּשוטע פראַגע איז ניט אַזוי גרינג ווי זי קען זיך אויסדוכטן. אונדזערע פריינד און אונדזערע שונאים האָבן געגעבן אויף דעם די פאַרשיידנסטע ענטפערס. עס איז קלאָר אַז עס איז ניטאָ קיין באַזונדערע יידישע ראַסע, מיט אַ באַזונדערן טיפּ בלוט, אַזוי ווי די היטלעריסטישע ראַסיסטן האָבן געשווינדלט. מען הערט גאַנץ אָפט אַז יידן זיינען אַ רעליגיעזע גרופּע. מען הערט אויך דעם ענטפער אַז יידן זיינען אַ באַזונדער פאָלק. אָבער איידער מיר פאַרטיפן זיך אין דעם, לאָמיר דערווייל אָנגעמען אַ קורצע און זייער שכלדיקע פאָרמולירונג וואָס שטאַמט פון מעלוויל הערסקאָוויטס: אַ ייד איז אַ מענטש וואָס באַטראַכט זיך ווי אַ ייד און וואָס ווערט אַזוי באַטראַכט פון אַנדערע: — דאָ אינטערעסירן אונדז ניט יענע יידן וואָס דאַרפן מצד אַנדערע דערמאָנט ווערן אַז זיי זיינען יידן — אַזעלכע גיבן נישט קיין יידישע דערציאונג זייערע קינדער. אונדז גייט אין דער גרויסער מערהייט יידן, וואָס ווייסן אַז זיי זיינען יידן, און וואָס לייקענען ניט אין זייערע באַציאונגען מיט ניט־יידן זייער צוגעהעריקייט צו דער יידישער גרופּע.

דאָ אין לאַנד הערט מען זייער אָפט די פאָרמולע: „פּראָטעסטאַנטן, קאַטאָליקן, יידן". לויט אָט דער איבעררעכענונג באַקומט זיך אַז מיר זיינען אַ רעליגיעזע גרופּע, אָט אַזוי ווי קאַטאָליקן זיינען. אַוודאי איז עס אמת, און מיר נוצן אויס אָט די פאָרמולע כדי אָפּצוהיטן אַלע רעכט וואָס קומט אונדז ווי בירגער דאָ אין לאַנד, ניט ווינציקער ווי די וואָס געהערן צו פאַרשיידענע קריסטלעכע דענאָמינאַציעס און סעקטעס. אָבער צי איז אָט די פאָרמולע אינגאַנצן אמת? צי שעפּט זי אויס אָדער שפּיגלט זי אָפּ דעם אמתן מצב פון אונדז יידן?

עס איז געוווּג אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם ענין כדי עס זאָלן אויפקומען ספקות און אַפילו האַרבע קשיות. ווי איז אַז עמעצער געהערט ניט צו קיין שום קאָנגרעגאַציע? ווי איז אַז עמעצער גייט ניט אין שול דאַווענען, אַפילו נישט ראש־השנה און יום־כיפור? ווי איז עס אַז עמעצער האָט קיינמאָל ניט איבערגעלעבט קיין רעליגיעזע געבונדנקייט מיט דער טראַדיציאָנעלער יידישער רעליגיע? און דאָך פילט ער זיך אַז ער איז אַ ייד! ניט נאָר שטאַמט ער פון יידישע עלטערן, נאָר ער איז פאַראינטערעסירט אין יידישע ענינים, לעבט איבער פרייד ווען ער דערוויסט זיך עפּעס גוטס לגבי יידן, לעבט איבער ווייטיקן און צער, ווען עס קומט צו אים אַ בשורה וואָס איז שלעכט פאַר יידן — און דאָך איז ער קאַלט אָדער גלייכגילטיק צו ענינים פון רעליגיע. עס זיינען דאָך פאַראַן אַ סך אַזעלכע. און פון דער צווייטער זייט: איז דער פרומער ייד ניט מער ווי אַן אָנגעהעריקער צו דער יידישער רעליגיע, אָדער איז ער

אויך אַ מיטגליד פון דעם זעלביקן פֿאָלק, צו וועלכן עס געהערט דער ניט־פֿרומער, דער גלייכגילטיקער אומפּאַראינטערעסירטער אין רעליגיעזע ענינים? צי איז ניטאָ עפּעס אַ פֿאַראייניפֿאַכונג, אַן אומפּינקטלעכקייט, אַ זייער וויכטיקע און וואָגיקע ניט־דערזאָגטקייט, ווען מען קומט אָפּ מיט דער אויבן דערמאָנטער פֿאָרמולע?

ווען מען קלערט וועגן אָט די פֿראַגעס, וואָס זייער צאָל איז זייער גרינג צו פֿאַרגרעסערן, דערזעט מען באַשיימפּערלעך: יידן זיינען מער ווי בלויז אַ רעליגיעזע גרופּע, יידן זיינען אַ פֿאָלקס־גרופּע, אַ פֿאָלק, אַ גרופּע געבונדן מיט אַ געשיכטע, אַ גרופּע אַרומגענומען מיט דער זעלביקער קולטור, וואָס איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ לאַנגער אַנטוויקלונג, וואָס לעבט, בייט זיך און וואַקסט. מרדכי קאַפּלאַן, אַ חשובער דענקער און גרינדער פֿון דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג, רעדט וועגן אונדזער „רעליגיעזער ציוויליזאַציע״. ער האָט דורכן וואָרט ציוויליזאַציע געוואָלט אָנווייזן אַז מיר זיינען מער, אַ סך מער ווי אַ רעליגיעזער ציבור, אָבער מיטן וואָרט „רעליגיעז״ האָט ער לכתחילה פֿאַרשמעלערט דעם קרייז יידן און יידישקייט, וואָרעם דאָס שליסט דאָך אויס די אַלע וואָס פֿילן זיך נישט צוגעבונדן אַקטיוו און באַוואוסטזיניק צו רעליגיע. עס איז אַ סך כדאיער אָנצורופֿן אונדז פֿאָלק אָדער קולטור־ציבור. וועט פֿאַר יעדערן זיין פֿריי די מעגלעכקייט אויסצוטייטשן די קולטור־רישקייט אויף דעם אופֿן וואָס אים איז ליב. וועט איינער זיך אָפּשטעלן אויף די רעליגיעזע שטריכן אין אָט דער בשותּפֿישער יידישער קולטור און אַ צווייטער וועט אַרויסהייבן די עלעמענטן וואָס האָבן קוים אַ שייכות צו רעליגיע.

יידן זיינען מער ווי אַ רעליגיעזע גרופּע, יידן זיינען אַ פֿאָלק. דאָס איז ניט קיין ברעקל נייעס. במשך פֿון טויזנטער יאָרן האָבן זיי זיך באַטראַכט, האָבן זיך געפֿילט ווי צוגעהעריקע צו דער זעלביקער פֿאָלקישער גרופּע. אַזוי איז דער דרך פֿון דער יידישער טראַדיציע. אַזוי נעמען אויף אַלע גרויסע מאָדערנע דענקער וואָס מיר האָבן געהאַט, סיי אחד־העם, וואָס האָט אויפֿגע־שטעלט די שיטה פֿון גייסטיקן ציוניזם, סיי שמעון דובנאָוו, דער באַרימטער יידישער היסטאָריקער און דער פֿאַרטיידיקער פֿון דעם געדאַנק אַז עס דאַרף זיין אַ באַוואוסטזיניקער גייסטיקער נאַציאָנאַליזם פֿאַר שעפֿערישער אַנטוויק־לונג אומעטום וואו יידן לעבן איבער דער וועלט, סיי ד״ר יהודה מאַגנעס, דער גייסטרייכער אַמעריקאַנער ראַבאַי וואָס איז געוואָרן אַ פֿירער און בויער פֿון העברעאישן אוניווערסיטעט אין ישראל. ניטאָ קיין איין גרויסער מאָדערנער יידישער קאָפּ וואָס זאָל האָבן געטראַכט וועגן יידן אַנדערש ווי אין טערמינען פֿון פֿאָלק, פֿון אַ גרופּע וואָס ירשנט און אַנטוויקלט ווייטער איר אייגנאַרטיקע קולטור.

דער פֿלאַנטער צווישן יידן ווי אַ רעליגיעזע גרופּע און יידן ווי אַ פֿאָלק נעמט זיך פֿון דעם וואָס די ביידע קרייזן פֿאַלן כמעט צונויף, וואָס במשך פֿון

אַ סך דורות זיינען ייִדן פֿון רעליגיעזן און פֿון פֿאָלקישן שטאַנדפּונקט געווען היינו־הך, וואָס די ייִדישע רעליגיע האָט דורכגעפֿירט זייער אַ וויכטיקע פֿונקציע אין העלפֿן דעם פֿאָלק אויפֿהאַלטן זיך אויף דער וועלט, דורכן אָפּטיילן זיך פֿון אַנדערע דורך דער שיידוואַנט פֿון מצוות און פּירושים. אָבער פֿאַר דעם מאָדערנעם מענטשן דאַרף זיין קלאָר, אַז ווי באַענט די ביידע קרייזן זאָלן ניט זיין — פֿאַלן זיי דאָך ניט אינגאַנצן צונויף. און ווען מיר ווילן אַז אונדזערע קינדער זאָלן בלייבן ייִדן — ווילן מיר אַז זיי זאָלן אויך געהערן צו דעם זעלביקן פֿאָלק וואָס מיר געהערן צו אים און אונדזערע עלטערן האָבן געהערט. מיר שטרעבן דאָ צו פֿאָלקישן המשך, צו קיום האומה. מיר ווילן דערביי ווייטער ציען די גאָלדענע קייט פֿון ייִדישער קולטור, יענע גאָלדענע קייט וואָס פֿאַרבינדט דאָס פֿאָלק פֿון ארץ־ישראל און דורך אַ סך לענדער און קאָנטינענטן; יענע גאָלדענע קייט וואָס יעדער ייִדישער דור איז אין איר געווען אַ מער אָדער ווייניקער שיינענדיק רינגעלע. מיר ווילן אַז מיט אונדז זאָל זיך ניט פֿאַרענדיקן די קייט פֿון ייִדישע דורות. מיר זוכן המשך ווי ייִדן. דאָס הייסט ווי אַ באַזונדער פֿאָלק.

## ייִדן זיינען אַן איינגאַרטיק פֿאָלק

עס באַקומט זיך אַז ייִדן געהערן גלייכצייטיק צו צווי רייען: פֿון איין זייט צו דער ריי פּראָטעסטאַנטן, קאַטאָליקן, ייִדן, בודיסטן אאַז״וו; פֿון דער צווייטער זייט צו דער ריי פֿראַנצויזן, איטאַליענער, אירלאַנדער, ייִדן, יאַפּאַנער אאַז״וו. די מענטשהייט איז איינגעטיילט אין רעליגיעס און מיר ווי ייִדן פֿאַרנעמען אַ באַזונדער אָרט אין אָט דער איינטיילונג. די מענטשהייט באַשטייט ניט פֿון סתם־מענטשן, ווי עס האָט זיך אויסגעדאַכט די אַמאָליקע נאַאיווע קאָסמאָפּאָליטן, נאָר פֿון פֿעלקער, און מיר ייִדן געהערן צו דער פֿעלקער־ריי. מיר געהערן צו די עלטסטע פֿעלקער אין דער וועלט וואָס האָבן אַ כסדרדיקע, לעבעדיקע, וואַקסנדיקע און זיך אַנטוויקלענדיקע קולטור.

מיר מעגן בפֿירוש זיין שטאָלץ מיט אונדזער צושטייער צו דער קולטור פֿון דער וועלט. מיר האָבן דער מענטשהייט געגעבן ניט נאָר דעם תנ״ך, דאָס גרעסטע און דאָס מערסט איבערגעזעצטע ווערק אין דער ליטעראַטור פֿון דער וועלט, נאָר מיר האָבן אין קיין איין דור ניט אויפֿגעהערט אַרויסצוברענגען פֿון צווישן זיך טאַלאַנטן און אַפֿילו גאונים וואָס האָבן באַרייכערט דעם מענטשן מיט וויסן און פֿאַרפֿיינערט זיין געוויסן. און אין אונדזערע צייטן איז דעריבער ניט קיין צופֿאַל אַזאַ ריז ווי איינשטיין, ניט די הונדערטער קלענערע נעמען אויף אַלע געביטן פֿון מענטשלעכער קולטור.

אַ ייִדישער קאָפּ — ס׳איז דאָ אַזאַ אויסדרוק אויף ייִדיש. און דאָס באַטייט: אַ שאַרפֿזיניקער, אַ טיף־אַריינדרינגענדיקער קאָפּ, וואָס איז גיך און גרינג תופֿס אויך די שווערסטע פּראָבלעמען וואָס שטייען אים פֿאַר.

עס איז ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, ניט קיין פּרוכט פֿון זיך־אָפּנאַרן,

נאָר פון היסטאָרישער דערפאַרונג. ווילן מיר דורך יידישער דערציאונג ממשיך זיין, עס זאָלן ווייטער זיין יידישע קעפּ וואָס זאָלן ניט נאָר אויפטאָן פאַר אַנדערע, וואָס דאָס איז אי שיין, אי נויטווענדיק, נאָר אויך פאַר זיך, פאַר זייער אייגן פאָלק.

אַ יידיש האַרץ — איז דאָ נאָך אַן אויסדרוק אויף יידיש, און דאָס באַטייט: אַ רחמנותדיק, אַ מיטפילנדיק און מיטליידנדיק האַרץ וואָס ווייכט פון אַכזריות, שרעקט זיך פאַר בלוט־פאַרגיסן און פאַר יעדער מין גוואַלד־טאַט און רציחה, וואָס ציטערט פאַר דער ממשלה פון פויסט. יאָ, יידן האָבן ניט נאָר אינטעלעקטועל באַרייכערט די קולטור פון דער מענטשהייט, נאָר זינט תורת משה, זינט די נביאים מיט זייער חלום פון אייביקן שלום און גליקלעכן באַחרית־הימים — ביז צו די רעפאָרמירער און באַנייער, דורכ־פירער אין לעבן פון ריינע פרינציפּן פון עטיק און פרידלעכקייט פון די לעצטע דורות, — האָבן יידן כסדר זיך געמיט צו דערגרייכן צו אַן עכט מענטשלעך לעבן, וואו דאָס חיהשע און דאָס בייזע זאָל באַזיגט ווערן דורך רחמנות, דורך ברידערלעכקייט, דורך הויכע מידות בין אָדם לחברו. און מיר ווילן אַז דאָס יידישע האַרץ זאָל ווייטער שלאָגן אין דער ברוסט פון דעם קומענדיקן דור און פון ווייטערע יידישע דורות הן לטובת דער גאַנצער מענטשהייט, הן לטובת דעם יידישן פאָלק.

אַוודאי זיינען מיר ווי מענטשן גלייך צו אַלע אַנדערע מענטשן, און ווי אַ פאָלק זיינען מיר גלייך צו אַלע אַנדערע פעלקער. מיר האָבן אין קיין שום פּרט ניט מיט וואָס צו זיין געפאַלן ביי זיך. אָבער ווייל מיר האָבן במשך פון צוויי טויזנט יאָר פאַרשטאַנען זיך אויפצוהאַלטן אָן אַ באַזונדערער מדינה און אָן קאָנצענטרירטקייט אויף איין טעריטאָריע, ווייל מיר האָבן אין אונדזער צעשפּרייטקייט געמוזט פון איין זייט זיך צופּאַסן צו דעם פרעמדן אַרום און פון דער צווייטער זייט — צום טייל ווירקן אויף דעם פרעמדן אַרום — זיינען מיר בלי־ספק אַ גאַנץ אגנאַרטיק פאָלק. און מיר ווילן בלייבן ווייטער אויך אַן אייגנאַרטיק פאָלק, דאָס הייסט, מיר ווילן ווייטער בלייבן געטריי אונדזער געשיכטע און געטריי דעם אייגענעם איך.

אין פאַרשיידענע צייטן, ממש זינט דער אַנטיקער וועלט, זיינען געווען פאַרשיידענע מינים אַנטיסעמיטיזמען, וואָס האָבן געהאַט פאַרשיידענע סיבות, הן עקאָנאָמישע (מחמת קאָנקורענץ), הן קולטורעלע (מחמת דעם קעגנשטעלן זיך צו אונדזער השפּעה אויף דער וועלט), הן אַנדערע. ניט אונדזער אויפ־גאַבע איז צו באַפרייען די וועלט פון אַנטיסעמיטיזם, דאָס איז די אויפגאַבע פון די בעסערע מענטשן צווישן יענע קרייזן וואָס זיינען קראַנק אויף אָט דער מחלה. מיר ווילן לעבן אויף דער וועלט ניט צו־להכעיס די אַנטיסעמיטן, נאָר צוליב זיך, צוליב אונדזער אייגן לעבן און אייגענער קולטור. אָבער אונדזער גאַנג דורך דער וועלט, וואָס איז תמיד געווען באַשפּרענקלט מיט אונדזער בלוט פון קדושים — ביז צו דעם בלוט־מבול פון היטלערס הענט,

איז אַן אייגנטימלעכער, אַן אַנדערשדיקער ווי די געשיכטע פון אַנדערע גרויסע און קליינע פעלקער. מיר נעמען אַריין אין זיך אַט די בולטע אַנ־דערשקייט אונדזערע און מיר ווילן זי אַריבערפלאַנצן אין אונדזערע קינדער. און מיר פּראָקלאַמירן: מיר האָבן דאָס פולע רעכט צו זיין אַנדערש! מיר האָבן דאָס געקויפט מיט בלוט און גייסטיקע דערגרייכונגען!

אויך איצט ווען עס איז דאָ און עס וואַקסט די יידישע מדינה און ווען אַ טייל פון אונדזער פאָלק לעבט אַ „נאָרמאַל" לעבן אַזוי ווי דאָס רוב פעל־קער אויף דער וועלט, האָט זיך אונדזער אַנדערשקייט ניט פאַרענדיקט. דער גרעסטער טייל פאָלק בלייבט סיי ווי אין דער צעשפּרייטונג און מוז אומעטום, אין אַלע לענדער וואו יידן וואוינען, קעמפן פאַר ווייטערדיקן קיום. דערביי העלפן יידן פון גאָר דער וועלט דער נייער מדינה. און עס ציען זיך פאַרבינ־דונג־שטריק און עס בויען זיך בריקן צווישן דער יידישער מדינה און יידן אין אַלע תפוצות פון איין זייט, און צווישן די צעוואָרפענע יידישע קיבוצים צווישן זיך — פון דער צווייטער זייט. מיר אַלע אומעטום, אין דער גאַנצער צעשפּרייטקייט, אונטער אַזויפל פאַרשיידענע הימלען און באַדינגונגען, אונטער כלערליי רעזשימען און עקאָנאָמישע און קולטורעלע סיטואַציעס, — מיר אַלע זיינען איין פאָלק, איין עם ישראל, געקניפּט דורך געשיכטע און דורך לעבע־דיקע קולטורעלע און עמאָציאָנעלע בינדונגען.

מיר זיינען אייגנאַרטיק דורך אונדזער גאַנצן עבר, דורך אונדזער ראָלע אין דער וועלט און דורך דעם איצטיקן מצב, ווען יידן האָבן צוויי וויכטיקע צענטערס — ישראל און אַמעריקע, און אַ סך מער אָדער ווייניקער וויכטיקע קיבוצים, און דאָך זיינען מיר איינס. גורל־געבונדן, קאָפּ־ און האַרץ־געבונדן. ווילן מיר אַט די יידישע געבונדנקייט איבערגעבן אונדזערע קינדער. ווילן מיר אין דער תקופה פון נאָכן גרויסן חורבן מיט זיינע זעקס מיליאָן קרבנות נעמען בויען יידישקייט פון דעם פערטן יאָרהונדערט פון אונדזער זיין אין אַמעריקע, פון אונדזער נייער מדינהשאַפט און ישראל און פון ווייטערן קולטורעלן שטייגן אומעטום איבער דער וועלט.

## אונדזער יידישקייט איז די וועלטלעכע יידישקייט

אָבער וואָסער מין יידישקייט איז די אונדזעריקע? עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע שיטות אויף דעם בגריטן פעלד יידישקייט. ראשית, זיינען דאָ די אָרטאָדאָקסן וואָס זיי ווילן פונדאַמענטאַל קיין זאַך ניט בייטן אין דער טראַדיציע און זיי מיינען אַז מיר קענען אין אַ צוואַנציקסטן און ווייטערע יאָרהונדערטער אויפהאַלטן דעם פולן שטייגער לעבן פון מיטלאַלטער און פון יענע צייטן, ווען מיר זיינען געווען געבונדן דורך דעם שטרענגן שלחן־ערוך, ווען יעדע רגע פון טאָג און יעדער טריט איז באַשטימט געוואָרן דורך סיגים און דינים. עס זיינען די רעפאָרם־יידן, וואָס האָבן זייער יידישקייט צוגעפּאַסט אויף אַ מעכאַנישן אופן, דורכן אַרויסוואַרפן ניט בלויז דינים און

מנהגים, נאָר גאָר דאָס פאָלקסטימלעכע און דאָס שטייגערישע, און וואָס זעען דער עיקר נאָר די אַבסטראַקטע רעליגיעזע פרינציפּן און ניט די פולבלוטיקע פאָלקישקייט פון אונדזער לעבן. און עס זיינען פאַראַן די קאָנסערוואַטיוון, וואָס פאַקטיש זיינען זיי רעפאָרמער וועלכע האָבן מורא צו זאָגן אַז זיי רעפאָרמירן דעם יידישן דת, וואָס זייערע פשרות בויען זיך ניט אויף קלאָרע יסודות, און אַ דאַנק דעם וואָס זיי פאַרנעמען אַ מיטל־פּאָזיציע זיינען זיי געוואַקסן אין די לעצטע יאָרן גיכער און קאָנטיקער ווי די אַנדערע דענאָמינאַציעס פון יידישן „פעיטה".

זיי אַלע דריי זיינען וויכטיקע ריכטונגען וואָס ווען נאָך לאַנגע יאָרן בלייבן אין דעם היגן יידישן לעבן. זיי אַלע פאַרמאָגן חשובע פערזענלעכקייטן און האָבן צו פאַרצייכענען אויפטועוען אין דעם גערעאַנגל פון אונדזער פאָלק פאַר זיין קיום. אָבער קיין איינע פון זיי קען ניט פרעטענדירן אויף אַליינקייט און אַלץ־אַרומנעמיקייט, און אַלע דריי שטרייכן זיי כסדר אונטער רעליגיע און קומען צו דער ניט־יידישער וועלט מיט די רייד — אַז מיר זיינען אַ רעליגיעזע גרופּע. וואָלט ניט געווען אַן עוולה און אַן איינזייטיקייט שוין ביים אָפּגעבן דאָס קינד אין אַ יידישער שול צו באַשטימען, צו וועלכער דענאָמינאַציע פון די דערמאָנטע דריי זאָל געהערן אייער קינד? איז ניט אַן אומרעכט ווען דאָס קינד איז אַלט זעקס צי זיבן יאָר צו באַשטימען פאַר אים, צי ער זאָל געהערן צו אַן אָרטאָדאָקסישער, אַ קאָנסערוואַטיווער אָדער אַ רעפאָרמישער קאָנגרעגאַציע? איז ניט לייטישער צו לאָזן פאַרן קינד, ווען עס וועט אויסוואַקסן אַליין פאַר זיך צו באַשטימען צו וועלכן מין קאָנגרעגאַציע עס וויל געהערן און צי עס וויל בכלל זיין אַ מיטגליד פון אַ רעליגיעזער קאָנגרעגאַציע? צי דאַרף גאָר דאָס רעליגיעזע, מעכאַניש אָנגעבונדן ווערן, אָדער עס דאַרף אַרויסוואַקסן פון אינעווייניק נאָך דעם צייטיק ווערן, נאָך דעם אַרומקוקן זיך אין לעבן?

מיר טרעטן ניט אַרויס קעגן קיין איינער פון די דריי דענאָמינאַציעס. מיר זאָגן בלויז אַז יידישע דערציאונג דאַרף זיך בויען אויף אַ ברייטערן באַזיס — אויף דעם פאָלקס־יסוד, אויף דעם פונדאַמענט פון דער יידישער קולטור, וואָס פאַראייניקט דורות, פון אַלע דורות, זינט אברהם אָבינו, אָבער ניט אָפּוואַרפנדיק די לעצטע עטלעכע וואונדערלעכע דורות, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט דעם מעכטיקן קיבוץ אין אַמעריקע, וואָס זיי האָבן אויפגעריכט דעם ישוב אין ארץ־ישראל, וואָס זיי האָבן באַנייט און מאָדערניזירט דאָס יידישע לעבן אין אַלע זיינע אַספּעקטן און אין אַלע לענדער פון יידישער צעשפּרייטקייט.

אונדזער יידישקייט איז די אַלץ־אַרומנעמיקע, די וואָס נעמט אָן די ירושה פון אַלע צייטן, די וואָס באַגרענעצט זיך ניט מיט איין אַספּעקט פון יידישן לעבן, ווי וויכטיק אָט דער אַספּעקט זאָל ניט זיין. אונדזער יידישקייט איז גלייכצייטיק די אָפּקלייבערישע, די וואָס פאַרשטייט אַז יעדער לעבעדי־

קער אָרגאַניזם קען ניט בלייבן שטיין אין זיין אַנטוויקלונג, און דעריבער איז אונדזער יידישקייט איבערקלייבעריש, און זי נעמט אויף נאָר דאָס וואָס פּאַסט זיך אַריין אין דער אידייען־וועלט פון אַ מאָדערנעם מענטשן, וואָס שטימט מיט זיין וויסן און זיין געוויסן, און וואָס פאַרמאָגט קערנער פאַרן צוקונפטיקן וואַקסן. הכלל, אונדזער יידישקייט איז די קולטורישע, זי זאָגט: קלייב אויס פון פאָלקס שטייגער דאָס וואָס איז ווערט עס זאָל בלייבן. קלייב אויס פונעם שאַץ־קאַמער פון יידישער טראַדיציע עכטע און ווערטיקע טייערע שטיינער, און זיי גיב איבער בירושה די קינדער!

אונדזער יידישקייט איז די פרייהייטלעכע, די ניט אַרויפגעצוואונגענע דורך איבערנאַטירלעכן אויטאָריטעט, נאָר די אַליין אויף זיך גענומענע. אונדזער יידישקייט איז פאַר דעם פרייען מענטשן, וואָס ניט נאָר ער לעבט אין אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט, נאָר איז אינעווייניק פריי אין זיין אינטעלעקט און אין זיין גייסט און וואָס פאַרלייקנט קייטן, אַפילו ווען זיי זיינען הייליקע קייטן.

אונדזער יידישקייט בויט זיך ניט אויף דאָגמעס, וואָס מ'טאָר זיי ניט אָפּפרעגן, וואָס מ'נעמט זיי אָן אָן קריטיק, וואָס מען בויגט דעם קאָפּ פאַר זיי און מ'זאָגט זיך אָפּ צו ניצן קאָפּ זיי צו שאַצן און ווערטיקן. אונדזער יידישקייט איז אַן אַנטי־דאָגמאַטישע.

מיר פאַרשטייען אַז יידן וועלן מער קיין מאָל ניט לאָזן זיך פאַרשפאַרן אין אַ גייסטיק געטאָ. יידן וועלן תמיד אויפנעמען דאָס בעסטע פון דער וועלט־קולטור און וועלן דאָס אַריינאַרבעטן, איבערדייען און מאַכן אַריינוואַקסן אין זייער אייגענער קולטור. אונדזער יידישקייט איז ניט קיין אָפּגעפרעמדקייט פון דער וועלט, נאָר מיר גלייבן אַז מיר זיינען אַזוי גייסטיק שטאַרק אַז מיר קענען אַסימילירן אין זיך אַלע ווערטיקע דערגרייכונגען פון מענטשלעכן גייסט און דורך דעם זיי הייבן נאָך העכער. מיר פאַרשטייען אַז אונדזערע קינדער וועט אויסקומען צו לעבן אין און מיט דער קולטור פון לאַנד, מיט דער ברוויזנדיקער קולטור פון אַמעריקע. זיי וועט אויסקומען צו לעבן אין צוויי־קולטורישקייט: מיט דער אַמעריקאַנער קולטור, און מיט דער אַלט־נייער, זיך תמיד באַנייענדיקער יידישער קולטור פון דעם אייגענעם פאָלק. דאַרף בכן אונדזער יידישקייט קענען זיין קאָנקורענץ־פעאיק, קענען זיך פאַרגלייכן מיט דער אַרומיקער קולטור. מיר שטרעבן צו אַ יידישקייט פון זייער אַ הויכן קולטורעלן איכות, וואָרעם נאָר מיט אייִדעלן און טיפן איכות קענען מיר האָפן זיך אַנטקעגנצושטעלן און ניט פאַרלאָרן גיין לגבי דעם אַמעריקאַנער כמות.

אונדזער יידישקייט זאָגט זיך ניט אָפּ פון קיין זאַך אין דער ירושה פון אונדזער אַמאָל, נאָר שטרעבט דערצו אַז אַל דאָס ווערטיקע פון עבר זאָל איבערגעפורעמט ווערן, עס זאָל ווערן צוקונפט־פעאיק. מיטן פּנים צום יידישן עתיד איז געווענדט אונדזער יידישקייט.

מיר האַלטן אונדזער יידישקייט ווי אַן אינטעגראַלע, ווי אַן אָרגאַנישן סינטעז פון פריער און פון איצט, פון אייגנס און פון אַרומיק־וועלטפּולן. פּונקט אַזוי ווי אונדזער יידישקייט בויט זיך ניט בלויז אויף איין תקופה פון יידישער קולטור־געשיכטע, נאָר אויפן תנ״ך, אָדער נאָר אויפן תלמוד, אָדער נאָר אויף מיטלאַלטער, אָדער נאָר אויף דער נייער צייט, — אַזוי שטעלט זי ניט אַלץ אויף ארץ־ישראל, אָדער אַלץ אויף די תפוצות, אָדער אַלץ נאָר אויף אַמעריקע. אונדזער יידישקייט איז אַ ברייטער קאָרב וואָס נעמט צונויף פון אומעטום דאָס קולטורעל־וויטאַלע. הכלל, מיר שטרעבן דערצו אַז אונדזער יידישקייט זאָל זיין אַ באמת קולטורעלע, אָפּגערייניקט פון פּסולת. ווי גייסטיקע שפּייז פאַר אונדזערע קינדער שטרעבן מיר צו אַ יידישקייט פון רייִנעם זעמל־מעל, פול מיט שפּייזנדיקע קאַלאָריעס און לעבנס־אויפהאַלטנדיקע וויטאַמינען. אונדזער יידישקייט — אַזוי שטרעבן מיר און ווילן מיר — איז די וואַקסנדיקע, די בייטעוודיקע און זיך אַליין געטריי בלייבנדיקע יידישע קולטור. זי דאַרף אונז ווייטער צונויפבינדן אין אונדזער צעשפּרייטקייט, זי דאַרף אויפהיטן אונדזער אייגנאַרטיקייט, זי דאַרף מיט פּעדעם פון גייסטיקן זייד צונויפהאַלטן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער מיט אונדז אין איין פאָלק — דעם אַלטן ישראל סבא, וואָס דאַרף בלייבן פריש און יוגנטלעך.

## אונדזער יידישע שול איז אַ וועלטלעכע שול

ווייל מיר בויען אויפן יסוד פאָלק, ווי אויף דער ברייטער, אַלע פאָרמען פון יידישקייט אַרומנעמענדיקער באַזע — בויען מיר אונדזער שול ווי אַ וועלטלעכע שול. ווי אַ מילגרוים איז פול מיט קערנער, אַזוי איז זי פול מיט עלעמענטן פון יידישקייט. אין איר אויסבליק נעמט זי אַרום דעם גאַנצן כדור־הארץ. און בנוגע צייט האָט זי פאַר זיך דעם מהלך פון אברהם אָבינו ביז איינשטיין און ווייטער.

אָבער ווי אַ שול, וואָס האָט פאַר זיך איצטיקע לעבעדיקע יונגע אַמע־ריקאַנער קינדער, איז איר דירעקטער אינטערעס דער יידישער היינט אין אַמעריקע. זי נעמט כסדר אין באַטראַכט די קאָנקרעטע סביבה, וואו עס האָדעווען זיך אונדזערע קינדער. זי באַמיט זיך צו דערגאַנצן דאָס וואָס די פּאַבליק־סקול קען ניט געבן זיי, ווי יונגע יידן וואָס דאַרפן ממשיך זיין דאָס יידישע לעבן דאָ אין לאַנד. זי געדענקט די גאַנצע צייט אַז חוץ אַמעריקאַנער, איז יעדער קינד אַ קינד פון יידישע עלטערן, אַריינגעבאָרן אין דער ספּעצי־פישער יידישער סביבה און מיטגעירשנט אַ סך שטריכן פון דעם אַלטן יידישן פאָלק. מיר פרעמדן ניט אָפּ פון קיין זאַך וואָס איז אַמעריקאַניש, אָבער מיר זיינען מוסיף די רייכע גאַמע יידישע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען. און מיר מיען זיך אַז יידישקייט זאָל זיך ביי די קינדער בינדן מיט פרייד און מיט דערהויבנקייט.

ווי אַ וועלטלעכע שול, הענגען מיר ניט אָן אויפן האַלדז פון די קינדער

אַ גרייטן גלויבן, חוץ דער ליכטיקער האָפענונג אין דער שעפערישקייט פון זייער יידישער גרופּע און דעם געפיל פון אינעווייניקסטער זיכערקייט אַז יעדער יידישער ייגגל און יעדע יידישע מיידל קענען און וועלן זיך אַריינלעבן אין דעם היגן יידישן קיבוץ און דורך דעם זיך פאַרבינדן מיטן גאַנצן צעזייטן פאָלק. מיר באַרייכערן די נשמה פון דעם קינד מיט נאָך אַ גרויסער, אַ שיינענדיקער וועלט. מיט מיידן אויס די מעגלעכקייט פון עפּעס קאָנפליקטן צווישן דער אַמעריקאַנישקייט און דער יידישקייט פון קינד, ווייל עס זיינען דאָך פּאַקטיש ניטאָ קיין שום קולטורעלע ווידעראַנאַנדן צווישן זיי. עס איז דאָך לעכערלעך די טענה וועגן „טאָפּלטער לאָיאַליטעט". קעגן דעם האָבן שוין באַוואָרנט ריכטער בראַנדייס און אַנדערע גרויסע אַמעריקאַנער יידן. מיר זיינען דאָך אַלע קעגן פּרימיטיוויסטן וואָס קענען זען נאָר אַן אייגציקע גראָדע ליניע. וואָס מער לאָיאַליטעטן אין דער נשמה פון מענטשן — אַלץ רייכער איז דער מענטש.

און כאָטש מיר האָבן אין זינען וואָס מער יום־טובדיקייט פאַרן קינד — און דערפאַר לייגן מיר אַזוי פיל אַכט אויף פּראַוון אַלע יידישע יום־טובים און סתם כלעריי שול־שמחות, — איז דאָך (לאָמיר זיך מודה זיין) אונדזער שול ניט קיין שול פון גרינגער יידישקייט. עס איז ניט מעגלעך אַזאַ זאַך ווי גרינגע יידישקייט וואָס זאָל זיין גלייכצייטיק אויך פול זינען און באַטייט. מיר פאָדערן פון די קינדער און פון די עלטערן אַ סך געדולד און אויסדויער דורכצוגיין אַלע פינף יאָר פון אונדזער עלעמענטאַרער שול און די פיר יאָר פון אונדזער מיטלשול, אויב ניט נאָך ווייטער אין לערער־סעמינאַר. עס איז דאָ אַ גרויסער באַרג ווערטן וואָס מען דאַרף זיך באַקענען מיט זיי. און ווייל מיר ווילן אַז די קינדער זאָלן שפּעטער האָבן אַ פרייען און שכלדיקן אויס־וואַל, דאַרפן מיר זיי דאָך אין דער שול באַקאַנען מיט פאַרשיידענע פאָרמען פון יידישקייט, מיט איר טראַדיציאָנעלן נוסח ווי מיט איר היינטוועלטישקייט. לערנען מיר וועגן יידישע מנהגים און פירונגען, אַפילו וועגן די וואָס זיינען ניט טאָג־טעגלעך אין אונדזער סביבה. באַקענען מיר מיטן לעבן אין מדינת ישראל, הגם אונדזער דירעקטער ציל איז ניט גרייטן חלוצים פאַר דאָרטן. מיר זיינען אומפּאַרטייאיש, אָדער ריכטיקער, איבער־פּאַרטייאיש, און דערום פאַרשטעלן מיר ניט פון די קינדער קיין שום זייט פון דעם פילפאַרביקן יידישן לעבן.

קינדער נייטיקן זיך אין דעם קאָנקרעטן, און קענען באַנעמען נאָר דאָס קאָנקרעטע. מיר קומען ניט צו זיי מיט די אַלע, אָפט אַבסטראַקטע פאָרמולי־רונגען וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט. לערנען מיר יידישע געשיכטע אויף אַ קאָנקרעטן וועלטלעכן אופן, ווי אַ קייט פון העלדישקייט און שעפערישקייט אויף אַלע פעלדער פון קולטור. און מיר פאַרשטייען אַז דער נאָענטער עבר איז לעבעדיקער און ווירקעוודיקער ווי די לאַנג פאַרפלאָסענע צייטן. מיר פאַרבינדן מיטן זיידן און זיין וועלט, און מיטן עלטער־זיידן, וועגן וועלכן דער

זיידע האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט און אַ חוב צו דערציילן זיינע אייניקלעך. ציען זיך פעסטע פעדעם צו אונדזער שול פון נאָענטן עבר אין מזרח־איראָפּע פון וואַנעט עס קומט דער רב מנין און בנין אויך פון אַמעריקאַנער יידן.

אַוודאי לערנען מיר תנ״ך — און מיט יענער תמימות און דירעקטקייט, ווי עס פאָדערט דער עלטער פון די קינדער. אָבער מיר שטויסן ניט אָפּ די אַלע פראַגעס וואָס קומען אויף ביי די קינדער, נאָר נעמען זיי אויף און באַלייכטן זיי. מיר זיינען דאָך ניט געפּענטעט מיט „פונדאַמענטאַליזם״. און אַוודאי לערנען מיר, דירעקט דורכן דערציילן אָדער דורך פּאַסיקע טעקסטן, די שיינע מעשיות פון דער תלמודישער און נאָך־תלמודישער אגדה און מיר שטעלן זיך אָפּ אויף די פּערלען פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, אויף פּרצן, אויף שלום־עליכמען און אַזוי. און עס באַקומט זיך אין גאַנצער, ניט־איבערגעריסענער שנור פּערל פון דער מעשה אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט און ביז צו אַ שיינער קורצער דערציילונג פון אַ היינטצייטיקן יידישן שרייבער אָדער אַ ליד פון אַ מאָדערנעם פּאָעט. איין שנור וואָס פינקלט מיט דימענטן און וואָס זינגט אַרויס אַ פאַרשטענדלעכן ניגון פון יידישער גאַנצקייט און קולטורעלער המשכדיקייט.

אונדזער שול איז די שול פון אַלצייטיקע יידישע ווערטן. אָבער אויך יידישע ווערטער זיינען ווערטן. אַוודאי לערנען מיר העברעאיש, דאָס לשון פון אַלטן תנ״ך און פון דער נייער מדינת ישראל. געוויס ווילן אונדזערע קינדער וואָס פאַרענדיקן די שול קענען דאַווענען פון דעם סידור אויף העברעאיש, הגם אונדזער שול איז ניט קיין אַריינקנעלערין פון מעכאַנישער און טויטער עברי און ניט קיין אַרויפצווינגערין פון דאַווענען אָדער פון ציצית. אָבער בויען בויט זיך אונדזער וועלטלעכע שול אויף דעם יידישן לשון. אין אַן אַנדער אויסגאַבע שטעלן מיר זיך אָפּ אויף דעם ווערט פון יידיש און דערקלערן פאַרוואָס גראָד יידיש. דאָ איז גענוג אָנצוּואוייזן אַז מיר קענען פאַרבלייבן ווי אַ באַזונדער פאָלקישע גרופּע נאָר ווען עס וועט זיין גענוג בולט אונדזער אַנדערשקייט לגבי דעם ניט־יידישן שכן. און עס איז ניטאָ קיין אַנדער קלאָרע וועלטלעכע אַנדערשקייט פאַר דעם קינד. יעדער יידיש וואָרט ווערט אַ ווערט, קריגט זינען און אינהאַלט כדי קולטורעל צו שטאַרקן יידישע אייגנאַרט און כדי צו דערהייבן צו זיין יידישקייט. פאָרעם און אינהאַלט קענען ניט אָפּגעטיילט ווערן איינס פון דאָס אַנדערע. דער יידישער אַנדערשדיקער אינהאַלט קען האָבן אַ חיות און אַ דויער, ווען ער קומט אין אַן אַנדערשדיקער פאָרעם — אויב אַפילו מיר זאָלן אָננעמען אַז שפּראַך איז בלויז פאָרעם, וואָס אין־דער־אמתן איז עס ניט אַזוי. און ביים לערנען יידיש קאָנצענטרירן מיר זיך גלייכצייטיק אויף ווערטפולן יידישן אינהאַלט.

אונדזער שלום עליכם שול איז בכן אַ סינטעטישע, אַן אינטעגראַלע, אַן איבערפּאַרטייאישע, אַ כלל־ישראלדיקע, אַ וועלטלעכע. אונדזער יידישע שול איז פאַרן קינד און פאַרן יידישן פאָלק.

# דאָס וועלטלעכע און דאָס הייליקע

# אין יידישער דערציאונג

פון לייבוש לעהרער

די שלום עליכם שולן זיינען געבוירן געוואָרן אין אַ צייט ווען אַכציק פּראָצענט פון דער יידישער געזעלשאַפט האָבן געהערט צום ערשטן דור, צום אימיגראַנטן־דור, און צוואַנציק פּראָצענט צו די הי־געבוירענע, צום צווייטן דור. איצט האָט זיך דאָס רעדל איבערגעדרייט. די אַמאָליקע 80 פּראָצענט זיינען געוואָרן צוואַנציק, די 20 פּראָצענט פון יענע יאָרן זיינען איצט פולע 80 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע. זיי פאָרמירן גאָר אַן אַנדער געשטאַלט פון אונדזער לעבן. עס איז אויסגעוואַקסן אַ ביטערע אַנדערשקייט צווישן די צוויי דורות. אַן אַנדערשקייט וואָס מיר באַמיען זיך צו פאַרגלעטן מיט רייד, ווייל קיין פולער אויסוועג איז ניטאָ.

אין יענע יאָרן ווען דער ערשטער אימיגראַנטן־דור איז געווען דער הערשנדיקער, האָט געלעבט אַ באַזונדער קרייז יידן וואָס צו אים האָבן אויך געהערט די בויער פון די שלום עליכם שולן. זיי האָבן גייסטיק געלעבט מיט דער ירושה וואָס זיי האָבן געבראַכט פון דער אַלטער היים. אין דעם איז אויך געווען דער מנהג צו געהערן צו ראַדיקאַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, אָבער קיין שול־טראַדיציע האָבן זיי ניט געהאַט, זיי האָבן אַזאַ ניט געקענט ברענגען מיט זיך. זיי האָבן אָבער אויך דאָ געהערט צו די אַריבערגעבראַכטע פּאַרטייען, אָדער ווינציקסטנס געווען אָריענטירט אין אַזאַ ריכטונג.

זיי האָבן דאָ געגרינדעט בויען שולן פאַר זייערע קינדער. לכתחילה האָבן זיך די שולן גערופן „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע"; אין מזרח־אייראָפּע האָבן די שולן געהייסן יידיש־וועלטלעכע. שפּעטער האָבן מיר דאָ אויך איבערגענומען דעם טערמין „וועלטלעכע", כאָטש אָן אַ פּאַסיקער דעפיניציע, ווייל דאָס וואָרט איז באַנוצט געוואָרן ניט אין אַלט־יידישן טייטש, נאָר מיט אַ ביסל קנייטש וואָס האָט געקענט מאַכן דעם איינדרוק, אַז עפּעס ווערט געזאָגט און עפּעס ווערט פאַרשטעלט. די וואָס זיינען מער געוואוינט צו ענגליש האָבן עס

רעפעראַט געהאַלטן ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט באַנקעט, 1טן דעצעמבער, 1963.

אַנגענומען ווי אַן איבערזעצונג פון וואָרט „סעקולאַר" מיטן שטילן צוגאָב פון אַנטי־רעליגיעז, וואָס דאָס קען זיך שווערלעך אַריינפּאַסן אין די אויפֿ־גאַבעס פון אַ יידישער שול.

די בויער פון די שלום עליכם שולן, הגם זיי האָבן אַנגענומען יידיש ווי אַ צענטראַלן לימוד, און וועלטלעך ווי אַ פירנדיקן פּרינציפּ, האָבן זיך פונדעסטוועגן אויסגעטיילט ווי אַ באַזונדער גרופּע וואָס אַנדערע האָבן שנעל באַמערקט און זיי אַ נאָמען געגעבן „שלום־עליכמניקעס". על־פּי רוב האָט זיך די דאָזיקע באַזונדערקייט געגומען פון אַ גאַנץ אָביעקטיווער לאַגע. די שלום־עליכמניקעס זיינען, בנוגע אַנדערע פּראָבלעמען פון יידישן און אַלגעמיינעם לעבן, ניט געווען איינהייטלעך, ווייל זיי זיינען לכתחילה געקומען פון פאַר־שיידענע גרופּירונגען. זיי האָט בלויז פאַרבונדן שול־אַרבעט. בנוגע אַנדערע צילן און טעטיקייטן האָבן זיי געקענט געהערן צו וואָסער אָרגאַניזאַציע זיי האָבן געוואָלט.

די דאָזיקע ווייט־געפירטע זעלבשטענדיקייט פון שולן און לערער אין שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט געבראַכט צו שווערע חסרונות, אָבער אויך צו גרויסע מעלות. אַזוי האָט דאָס סטימולירט עס זאָל אַרויסגעגעבן ווערן דאָס ערשטע — און נאָך איצט דאָס איינציקע — בוך וועגן אַ טעאָריע פון יידישן וועלטלעכן שול־וועזן און דאָס גאַנצע בוך איז געבויט אויף אַ פּאָלעמיק קעגן פּראָפּאַגאַנדע אין דערציאונג. דער באַגריף פון אַנטי־פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך אין יענער צייט לחלוטין ניט געקלעפּט צום גייסט פון אונדזער סביבה. דאָך האָט מען ביי אונדז, און בלויז ביי אונדז, זיך געקענט דערלויבן אַזאַ אָפּנייג פונעם הערשנדיקן דרך. ווען בויבעריק איז געבויט געוואָרן האָט מען דאָרט ניט בלויז אַריינגעפירט אין דער פּראַקטיק, אויף אַ סטיליזירטן אופן, פּרטים פון דער היסטאָרישער יידישער טראַדיציע, נאָר עס איז געלאָזן גע־וואָרן געגנוג פּלאַץ אַז דער דאָזיקער גאַנג זאָל וואַקסן, זיך אַנטוויקלען און פירן צו דער שאַפונג פון ריטואַלן וואָס זאָלן עסטעטיש און היסטאָריש־יידיש העלפן באַפרידיקן אַ יידיש היים־געפיל.

אין פלוג שאַפט זיך אַן איינדרוק אַזוי ווי ביי אונדז וואָלט אויפגעקומען אַ יידישע וועלטלעכקייט וואָס האָט אומבאַוואוסטזיניק זיך געצויגן פונעם רעליגיעזסטן ספר וואָס מיר האָבן, פון חומש. אָט וואָס עס זאָגט זיך אין אונדזער אַלטן חומש:

> וואָרעם דאָס דאָזיקע געבאָט וואָס איך גיב דיר היינט, דאָס איז ניט פאַרהוילן פון דיר, און דאָס איז ניט ווייט. ניט אויפן הימל איז דאָס אַז דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט אונדז אַרויפגיין אויפן הימל און עס נעמען פאַר אונדז, און עס אונדז לאָזן הערן, כדי מיר זאָלן עס טאָן? און ניט פון יענער זייט ים איז דאָס, אַז דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט אונדז אַריבערגיין אויף יענער זייט ים און עס נעמען פאַר

אונדז און דאָס אונדז לאָזן הערן, כדי מיר זאָלן עס טאָן? בייערט זייער נאָענט איז דאָס וואָרט צו דיר, אין דיין מויל און אין דיין האַרצן עס צו טאָן.

(דברים ל, 11־14)

אין דער געשיכטע פון די שלום עליכם שולן וויסן מיר פון צוויי ענלעכע אינסטיטוציעס מיטן זעלביקן נאָמען, איינע אין שיקאַגאָ, די צווייטע אין דעטרויט. די פון דעטרויט איז געגרינדעט געוואָרן פון אַ סעקרעטאַר פון ניו־יאָרקער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט — אין ניו־יאָרק. אָבער ביזן היינטיקן טאָג עקזיסטירן זיי — הלוואי וואָס לענגער — אָבער זיי זיינען ניט קיין אינעווייניקסטע מיטגלידער פון דער זעלביקער משפחה. נאָך מער, איך וויים ניט פון קיינעם פון די ניו־יאָרקער וואָס זאָל פרעגן דעם נאַטירלעכן „פאַרוואָס״? פאַרוואָס, בעת זיי האָבן אָנגענומען די פּראָגראַם און דעם נאָמען פון דער ניו־יאָרקער אינסטיטוציע, קומט ניט פאַר קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע בלוט־פאַרבינדונג צווישן זיי? דאָס וואָלט זיכער געבראַכט פּראַקטישע נוצן, כאָטש עס וואָלט אויך באַגרענעצט די אינערלעכע פרייהייט פון שיקאַגאָ און דעטרויט.

אָט דער דאַרשט נאָך מער פרייהייט פאַר אייגענער איניציאַטיוו איז, ווי געזאָגט, געווען אי אַ הילף, אי אַ שטער, אָבער דאָס איז געוואָרן אַ כאַראַקטעריסטיק וואָס האָט אָוועקגעלייגט אַ ספּעציעלן חותם אויף דער אָרגאַניזאַציע, הגם ניט אַלעמאָל צום גוטן.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז ניט געקוקט אויף דעם אָנערקענטן פּרינציפּ פון וועלטלעכקייט האָט, מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, אַ קאָנפערענץ פון די שלום עליכם שולן באַשלאָסן אַז מען זאָל לערנען געוויסע פּאָפּולערע תפילות ווי אַ טייל פון דער לימודים־פּראָגראַם. דאָס האָט ניט געפירט צו קיין היציקער מחלוקות צוליב דער קאָנצעסיע צו רעליגיע. די סיבה דערפון לאָזט זיך דערקלערן אויף אַן אופן וואָס פאַרדינט מען זאָל זיך אויף דעם אָפּשטעלן.

עס וועט ניצלעך זיין פאַר אונדזער איצטיקן ציל ווען מיר וועלן צעטיילן דאָס אַקטיווע לעבן פון מענטשן אויף צוויי חלקים: דאָס וועלטלעכע און דאָס הייליקע. איך וועל באַצייכענען מיט וועלטלעכע דאָס וואָס מיר טוען מיט אויסגערעכנטקייט צו דינען אַ געשטעלטע אויפגאַבע צוליב פּראַקטישע נוצן. מיר אַרבעטן כדי אַרויסצוברענגען אַ באַשטימטן פּראָדוקט. מיר דאַרפן דעם פּראָדוקט כדי אים צו פאַרקויפן, מיר ווילן אים פאַרקויפן כדי צו פאַרגרעסערן אונדזער הכנסה, אאַז״וו. יעדער טראַט אין דעם פּראָצעס איז אויסגערעכנט צו ברענגען באַשטימטע נוצן. אַ ביסל אַנדערש איז דאָס וואָס איך רוף הייליק. דאָ איז ניטאָ קיין ציל צו האָבן נוצן אין געוויינטלעכן זינען פון וואָרט. דאָס איז אַ טעטיקייט וואָס ברענגט אינערלעכע באַפרידיקונג,

ווערט אינטענסיוו געפילט ווי עפּעס וואָס האָט אָן עטישן ווערט און פילט אָן דאָס מענטשלעכע וועזן מיט אַ רירנדיקער קוואַליטעט.

דער באַרימטער דענקער רודאָלף אָטאָ האָט געמאַכט אַ רושם מיט זיין טעאָריע, אַז הייליקייט איז אַ ספּעציפישע איבערלעבונג וואָס ווערט געבוירן בלויז אין דער ספערע פון רעליגיעזע צושטאַנדן וואָס רופן אַרויס דעם אינערלעכן אויפרודער פון הייליקייט. יעדער פון אונדז וואָס האָט פּאָזיטיוו אויפגענומען די קענעדי־פּערזענלעכקייט האָט, גלייב איך, איבערגעלעבט ביים ניט־רעליגיעזן טייל פון זיין לוויה דאָס געפיל פון הייליקייט. בכלל, טראַגעדיע איז בכוח אַרויסצורופן אַזאַ געפיל. צו וואָסער קאַטעגאָריע געהערט סיסטעמאַטישע דערציאונג פון קינדער? אויף וויפל איז דאָס וועלטלעך און אויף וויפל הייליק לויט די געגעבענע דעפיניציעס פון די ווערטער? איך וויל אויסמיידן זיך אַריינצולאָזן טיפער אין דעם ענין און וועל זיך דעריבער אָפּשטעלן בלויז אויף יידישער דערציאונג.

אַזוי שנעל ווי מיר נעמען אָן אַז יידישע דערציאונג פאַר אַ יידיש קינד איז וויכטיק און אַז מען דאַרף זיך אָנשטרענגען אונטערצונעמען אַזאַ פּראָצעס, דעמאָלט איז אַלץ וואָס קומט נאָך דעם וועלטלעך אויסגערעכנט צו דינען דעם ציל. די מעטאָדן, טעכניק, ביכער, שול־מכשירים אאַז״וו, זיינען מיטלען וואָס ווערן ראַציאָנאַל אויסגעאַרבעט. אָבער וואו ליגט דער שכל פונעם סאַמע ערשטן טראָט? פאַרוואָס זאָל אַ יידיש קינד דאַרפן דורכגיין אַ קאָמפּליצירטן פּראָצעס אָן שום ניצלעכן ציל אין דערוואַקסענעם לעבן? מען קען מאַכן נאָך אַ טראָט ווייטער: וואָסערע ראַציאָנאַלע מאָטיוון טרייבן אונדז צו זיין אַ ייד, ווען מען קען דאָס אויסמיידן און פּטור ווערן פון אַלץ וואָס דאָס איז מחייב?

ניטאָ קיין שום ראַציאָנאַלער גרונט. יידישע דענקער האָבן זיך באַמיט צו געפינען אַזאַ ראַציאָנאַל, אָבער אָן הצלחה. יידישע דערציאונג קען בלויז זיין געבויט אויף מאָמענטן פון הייליקייט אין אונדזער לעבן. אומזיסט איז די מי דאָס וועלטלעך צו פאַרשטיין; מיר מוזן זיך אונטערגעבן דער מאָגונג פון הייליקייט וואָס ציטערט אין אונדזער בלוט. דער יידישער פּאָעט מאיר שטי־קער דערמאָנט אונדז אין זיבע שורות:

מיין בלוט זאָגט יאָ און איך זאָג ניין.
מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט פאַרשטיין.

דאָס וועלטלעכע און דאָס הייליקע באַהערשן אונדזער לעבן. ניט אַלעמאָל לעבן זיי בשלום צווישן זיך, אָבער אַלעמאָל לעבן זיי אין אונדז און פאָדערן יעדער זיין חלק. דאָס איז דער גאַנג פון לעבן ביי אַלע מענטשן, אַפילו ביי די וואָס לייקענען דאָס. ווען מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון דערפון, ספּעציעל אין די רגעס פון אינערלעכן קאָנפליקט, אינעם אויפרייסנדיקן געראַנגל צווישן דעם וועלטלעכן קאָפּ און דער הייליקייט פונעם האַרץ, דערזעען מיר די שלאַכט־סימנים צווישן די צוויי כוחות. באַטראַכט עס אין די ראַמען פון דער

אייגענער פֿאַמיליע. פֿאַרוואָס אַזאַ זאָרג פֿאַרן אייגענעם קינד? פֿאַרוואָס אַזאַ גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פֿאַרן וואוילזיין פֿון די אַזוי־גערופֿענע בלוט־נאָענטע? קיין וועלטלעכע פֿאָרעם פֿון טראַכטן קען דאָס ניט דערקלערן. ווען איך געפֿין אויס אַז פֿון די 500,000 יידישע יוגנטלעכע, איבערן גאַנצן לאַנד, לערנען אין די יידישע מיטלשולן בלויז 40,000, פֿאַרשטיי איך אַז דער וועלט־לעכער קאָפּ האָט ביי דעם עלטער טראַגיש אָפּגענייגט פֿונעם הייליקן האַרץ. אַוודאי איז דער וועלטלעכער עלעמענט זייער וויכטיק אין לעבן, אָבער מיר נעמען אויף דעם עכאָ פֿון אַ טונקעלער בשורה ווען איינער פֿון די צוויי כוחות אין יידישער דערציאונג באַזיגט דעם צווייטן.

אין מאָמענטן פֿון אַ געוויסער זעלבסט־פֿאַרגעסנקייט זיינען מיר געוואוינט צו טראַכטן אַז צוויי און צוויי איז תמיד פֿיר, אָבער דאָס איז מוראדיק פֿאַלש ווען די הייליקייט פֿונעם האַרץ לאָזט הערן איר קול אין אונדזער לעבן. אָט ווי דאָס דריקט אויס דער בריטישער פּאָעט A. E. Housman:

To think that two and two are four
And neither five nor three —
The heart of man has long been sore
And long 'tis like to be.

אין דער געשיכטע פֿון די שלום עליכם שולן האָבן מיר זיך אָפֿט געדאַרפֿט ראַנגלען מיט פֿרעמדע געדאַנקען און גרילציקע טענער וואָס זיינען געקומען פֿון דרויסן. אָן אַנדערש מאָל האָט אַן איינזייטיקער טייטש פֿון וועלטלעכקייט געוואָלט פֿאַרקרימען אונדזער פּנים. איז גוט וואָס מיר קענען איצט באַשטעטיקן בקול רם, אַז אין אונדזער געשיכטע האָבן מיר זיך כסדר געכאַפּט אַז אָן אַ פֿאַרטיפֿטן שטראַם פֿון הייליקייט קען יידישע דערציאונג קיין קיום ניט האָבן, קען דאָס יידישע פֿאָלק, בכלל ניט האָבן קיין קיום. זאָל דאָס זיין אַ קוואַל פֿון נחת ביי דער איצטיקער פֿייערלעכער געלעגנהייט.

# אַ האַלבער יאָרהונדערט קולטור־יידישקייט

פון שואל גוטמאַן

בעת מיר פייערן 50 יאָר שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן די יידישע וועלט פון 1918 — ווען דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן — און 1968. דאָס וואָלט אָבער פאַרנומען מער צייט ווי ס׳איז מיר דערלויבט. דערפאַר וועל איך זיך בלויז אָפּשטעלן אויף עטלעכע גרונט־מאָמענטן וואָס כאַראַקטעריזירן דעם אָנהייב און דעם סוף פון דעם דאָזיקן אומגעווייגלעכן צייט־אָפּשניט.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין דער אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנער אידייען־וועלט דאָמינירט דער גלויבן אין פּראָגרעס, אין וויסנ־שאַפט, ראַציאָנאַליזם. מ׳האָט געגלייבט אַז דער אינטעלעקט, דער פאַרשטאַנד איז בכוח צו לייזן אַלע שווערע פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט: קראַנקייט, אָרעמקייט, מלחמות; עס האָט געשוועבט אין דער לופט אַן אָפּטימיסטישער גייסט.

אין דער יידישער אַמעריקאַנער גאַס האָבן די אידעאָלאָגישע גרופּירונגען פון אַנאַרכיסטן, שפּעטער אַ ביסל בונדיסטן, דאָמינירט. דעם אויבן־אָן אין יידיש־ראַדיקאַלן לאַגער האָבן פאַרנומען, ווי באַוואוסט, די קאָסמאָפּאָליטן (לייען אַסימילאַטאָרן) פון אַב. קאַהאַנס און יאַנאָווסקיס חדר. די אידייע פון פּלוראַליזם פון האראס קאלען, און שפּעטער קאַפּלאַנס רעקאָנסטרוקציאָניזם — ביידע אַנטי־אַסימילאַטאָרישע אַמעריקאַנישע טעאָרעטיקער זיינען נאָך געווען ווייניק באַקאַנט און האָבן פאַרמאָגט ווייניק חסידים. דאָס זעלביקע איז געווען אמת ווענגן די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע יידיש־יידן פון חיים זשיטלאָווסקיס חדר: אויך זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גאָר קליינע מחנה.

די שלום־עליכמניקעס וואָס האָבן געהערט צו דעם קרייז זיינען געשוואוי־מען קעגן קאָסמאָפּאָליטישן שטראָם און זיי האָבן מאָטיווירט די יידיש־וועלטלעכע שול נישט ווי אַ קעגן־גיפט צו דער קאַפּיטאַליסטישער פּאַבליק־סקול, נאָר כדי צו דערציען מאָדערנע נאַציאָנאַלע יידן וואָס וועלן ממשיך זיין אַ יידישן פאָלקס־קיום אין אַמעריקע. אין דער פּרינציפּן־דערקלערונג פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער

רעדע געהאַלטן ביי ש״ע שול־קאָנפערענץ, דעם 18טן מאַי, 1968.

קאָנפערענץ אין 1927, ווערט געזאָגט אַז די יידיש־וועלטלעכע סביבה „גלייבט אין דער מעגלעכקייט פון גרויסער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט אין אַלע לענדער וואו עס געפינען זיך יידישע מאַסן. אונדזער הויפּט־ציל איז ברייטער צו מאַכן דעם קרייז פון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה, העלפן שאַפן אינסטי־טוציעס און אַנטוויקלען לעבנס־פאָרמען פאַר אַלע אירע מיטגלידער, און זען אַז זיי זאָלן ווערן פּערזענלעך און געזעלשאַפטלעך אַקטיווע מיטבויער פון דעם נייעם יידישן לעבן וואָס האַלט זיך אין קריסטאַליזירן. די וויכטיקסטע פון די דערמאָנטע אינסטיטוציעס איז די נייע שול. זי דאַרף זאָרגן פאַר דער אַלזייטיקער דערציאונג פון דעם יידישן קינד און פאַר זיין איינגעוואָקסן ווערן אין דער קולטור פון זיין פאָלק".

די רביים פון די שלום־עליכמניקעס זיינען געווען חיים זשיטלאָווסקי, שמעון דובנאָוו, י. ל. פּרץ, שמואל ניגער און דער טעאָרעטיקער־פּראַקטיקער לייבוש לעהרער.

אַ גרונט־שטריך אין פּרצוף־פּנים פון דער יידישער וועלט אין 1918 איז געווען דאָס רייסן זיך צו דער גרויסער אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישער ציוויי־ליזאַציע און קולטור. מ'האָט טיף געוואָרצלט אין אייגענעם שטייגער פון מזרח־אייראָפּע, אָבער מען האָט געשטרעבט און געפּריידיקט אַמעריקאַניזאַציע, און צום טייל — ביי געגנאָסן און יאַהודים — אַסימילאַציע.

איצט, אין 1968, האַלטן אַ ריי סאָציאָלאָגן, איז געקומען „אַ סוף צו אַלע אידעאָלאָגיעס". מען איז אַנטוישט אין אַלע פּאַנאַציייען פון די פּאַרטייען. ס'איז אַ צייט ווען עס דאָמינירט אין דער ליטעראַטור און טעאַטער דער ניהיליזם און אַבסורדיזם. די אינטעליגענץ און די יוגנט — נישט בלויז די ביטניקס און היפּיס — זעען אַז די טעכנאָלאָגישע ציוויליזאַציע, דער קאָמפּיוּ־טעריזם האָבן דערפירן צו אַן אָפּגרונט, צו אַן אַנטמענטשונג פון יחיד, צו אַ רעגימענטאַציע, צו אַ דעפּערסאָנאַליזאַציע.

זינפולקייט, רעלעוואַנס, איז איצט דער געשריי. וואָס פאַר אַן אָנהאַלט און באַזינונג קריג איך פון אָט די אַלע עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס, און פון די כלומרשט פאַרהייליקטע ווערטן! צי זיינען זיי אַן אַנקער אין אַ צעשטורעמטן אָקעאַן — ווי עס איז אונדזער עפּאָכע?

אַ סך פילן אַז צופּאַסונג צו דער געזעלשאַפט (אַדזשאַסטמענט) קען נישט זיין דער הויפּט־ציל פון דערציאונג, ווייל די געזעלשאַפט איז ווייט נישט קיין געזונטע ראַם אין וועלכער דער יחיד דאַרף זיך אַריינפּאַסן. מען דאַרף גאָר איבערמאַכן די גאַנצע ראַם! נאָך אוישוויץ, נאָך היראָשימאַ, האָט געפּלאַצט דער צוטרוי צו די ווערטן וואָס די אָפיציעלע וועלט פּריידיקט. אויב אַזעלכע פאַרברעכנס זיינען „געזעצלעך" — צי דאַרף מען נישט גיכער פאָלגן ס'אייגענע געוויסן, אָנשטאָט דעם געזעץ!?... געוויסן איז העכער ווי געזעץ — טענהן אַ סך רעוואָלטירנדיקע סטודענטן. דאָס אויסמאָרדן סיסטעמאַטיש אַ פאָלק (אוישוויץ); דאָס דורכפירן אומפּערזענלעך אַ „מיסיע" (היראָשימאַ) — צי

דעמאָנסטרירן נישט אָט די דאָזיקע שרעקלעכע געשעענישן אַז עטישע מענטשן מוזן קודם־כל זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו זייער געוויסן און נישט צו אַ נאַציאָ־נאַלער פּאָליטיק, אָדער נאַציאָנאַלן געזעץ?!

אין דער אַמעריקאַנער יידישער וועלט פון 1968 האָבן מיר איבערגעגנוג אַמעריקאַניזאַציע, אַקולטוראַציע. יידישיזאַציע איז איצט אַ שרייענדיקע נויט. נאָכן חורבן פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום און צוואַנציק יאָר נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל זיינען דער גרעסטער רוב פון אַמעריקאַנער יידן — אַריינ־גערעכנט די אַמאָליקע געגנאָסן און יאַהודים — קיומיסטן פון אַ געוויסן סאָרט. אַלע רעדן איצט „קולטור־פּלוראַליסטיש” אַפילו ווען זיי נעמען נישט אָן די טעאָריע ווי קאַלען האָט זי פאָרמולירט. אַלע זינגען איצט אין כאָר: וואָס מיר זיינען זיינען מיר, אָבער יידן זיינען מיר!

אַלע ווילן איצט המשך, אָבער דער רוב אַמעריקאַנער יידן מיינט איצט מיט יידישער קאָנטינואיטעט אין אַמעריקע ווייט נישט דאָס וואָס המשך האָט געמיינט אין 1918. דעמאָלט האָט המשך באַטייט אין אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ — לעבן ווי אין מזרח־אייראָפּע מיט אַ ברייטער קהילה־אויטאָנאָמיע — טאָקע אַ פּרייוויליקע, אָבער דאָך אַ דעמאָקראַטיש־געפירטע. מען האָט פּרו־בירט שאַפן אַן אַל־יידישע נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנץ — דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס — און מען האָט געהאָפט אויף אָרגאַנישע יידישע קהילות אין די גרויסע היגע יידישע געמיינדעס.

איצט טראַכט מען נישט מער וועגן אַן אַל־אַמעריקאַנישער דעמאָקראַ־טישער יידישער רעפּרעזענטאַנץ. ס׳הערשט אין היגן יידישן לעבן אַן אָלי־גאַרכיע, אַ פּלוטאָקראַטיע, מיט דער הילף פון אַ פּראָפעסיאָנאַלן־קלאַס. די היגע יידישע מאַסן כאַפּן זיך אויף בלויז אין אַ קריזיס־צייט, ווי מיט אַ יאָר צוריק אין מאַי 1967. המשך באַטייט איצט אַ יידישע סוב־קולטור וואָס איז סובאָרדינירט צו דער אַרומיקער קולטור. די קאָנצעפּציע פון צוויי־קולטוריש־קייט ווערט איצט אַקצעפּטירט פון אַלע וואָס רעכענען זיך מיט דער היגער ווירקלעכקייט.

אָבער אויב יידישקייט קען בלויז פאַרנעמען די פּאָזיציע פון אַ סוב־קולטור, — ווי מאַכט מען אַז דער יידישער עקסטראַקט זאָל זיך נישט אויפלייזן אין דער אַמעריקאַנער קולטור? ווי מאַכט מען אַז יידישקייט זאָל זיין זינפול פאַר מאָדערנע, וועלטלעכע יידן? וואָס זאָל מען אָפּקלייבן פון דער רייכער יידישער ירושה?

און נאָך עפּעס האָט זיך געענדערט: בעת אין 1918 האָבן אין היגן יידישן קיבוץ דאָמינירט די ראַדיקאַלע, אַפּיקורסישע יידן, באַהערשן איצט די היגע יידישע וועלט די דריי דענאָמינאַציעס פון אָרטאָדאָקסן, קאָנסערוואַטיוון און רעפאָרמער. גלייכצייטיק דערמיט האָט זיך די רעליגיעזע יידישקייט סעקולאַריזירט, בעת די וועלטלעכע יידן — אַ גרויסער טייל פון זיי, אויב נישט אַלע — האָבן זיך אַרומגעזען אַז אַפילו נישט־פרומע בייטיקן זיך, פאַר

דער באַרייכערונג פון עמאָציאָנעלן לעבן פון יידישן יחיד און פאַר זיין אינטימער פאַרבינדונג מיטן כלל־ישראל, אין געוויסע טראַדיציעס.

דער קבלת־שבת און די יום־טוב־פייערונג ווערט איצט פּראַקטיצירט פון די וועלטלעכע יידן פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. לייבוש לעהרער האָט דאָס באַצייכנט ווי טראַדיציאָנאַליזם, אַ יידישער לעבנס־שטייגער פון טראַ־דיציאָנעלע עיקרים וואָס פּאַסט זיך אַריין אין אַ סעקולאַריזירטער וועלט און וואָס וויל נישט קאַפּירן דאָס אַלטע אין אינהאַלט און פאָרעם. אין דעם זין זיינען שלום־עליכמניקעס טראַדיציאָנאַליסטן.

אָבער אויך טראַדיציאָנאַליסטן קענען נישט אַפירמירן רעליגיע און סינאַגאָגע און תפילות. די יידישע קולטור און געוויסע יידישע טראַדיציעס זיינען דער סימן מובהק פון אונדזער יידישקייט, און מיר דוכט זיך אויך — פּאַקטיש — פון רוב יידן אין אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ. מיט יידישער קולטור מיינען מיר אַלע אויסשטראַלונגען פון יידישן נאַציאָנאַלן זשעני: די יידישע עטיק, די יידישע געשיכטלעכע דערפאַרונג, יידישע חכמה, געוויסע רעליגיעזע ווערטן און מנהגים — נישט ווייל מען טאָר נישט אַנדערש, נאָר ווייל אונדזער נאַציאָנאַלער סטיל, אונדזער לעבנס־שטייגער באַרייכערט, פאַרוואַרצלט, גיט אינהאַלט דעם אויטענטישן יידישן יחיד.

נישט געקוקט אויפן פאַקט וואָס אָפיציעל זיינען מיר אַ גרופּע פון דריי רעליגיעזע דענאָמינאַציעס, איז דער רוב פון דער אינטעלעקטועלער יוגנט — גלייכגילטיק צו יידישקייט; אפשר דערפאַר ווייל ס׳איז רעדוצירט געוואָרן צו סינאַגאָגע, תפילה, ריטואַל. די 275,000 יידישע סטודענטן אין אַמעריקע זיינען נישט פאַראינטערעסירט אין אינסטיטוציאָנעלער רעליגיע.

אָבער נישט געקוקט אויף דער אָפּפרעמדונג פון דער יוגנט האָלט דער גרויסער רוב אַמעריקאַנער יידן אָן זייער אידענטיטעט — ווי עס ווייזן גלייזער און מאָיניהען, אין „ביאָנד די מעלטינג פּאָט״. הגם עס ווירקן אין אַמעריקע אַסימילירנדיקע כוחות וואָס טראַנספאָרמירן שפּראַכלעך און קולטורעל די קינדער און אייניקלעך פון אימיגראַנטן, פונדעסטוועגן פאַרבלייבן זיי באַזונ־דערע, דיסטינקטיווע גרופּעס. די סאָציאָלאָגן קומען צום אויספיר אַז דער יידישער קיבוץ אין אַמעריקע האַלט זיך נישט אין אויפלייזן; אַז די באַזונדערע גרופּעס, ווי יידן, זיינען אַ צענטראַלע טענדענץ אין געבוי פון דער אַמערי־קאַנער געזעלשאַפט און קולטור.

דער אַמעריקאַנער יידישער קיבוץ איז נישט קיין קאָפּיע נישט פון מזרח־ און נישט פון מערב־אייראָפּע: ער איז אַ נייער פענאָמען אין דער יידישער געשיכטע. די פּלוראַליסטישע אַמעריקע איז גאַנץ אַנדערש פון אייראָפּע; וואו איז פאַראַן אַזאַ ספּעציפיש־אַמעריקאַנער דערשיינונג ווי אַ לענאַרד בערנשטיין זאָל שרייבן אַ סימפאָניע „קדיש״; פריער „ירמיה״? (פעליקס מענדעלסאָן האָט פאַרפאַסט אַ „פּראָטעסטאַנטישע״ סימפאָניע) סאול בעלאָו

האָט אַרויסגעשטעלט ווי דעם הויפּט־העלד אַ ייִדישן אינטעלעקטואַל אין „הערצאָג". הייסט עס אַז אַמעריקאַנער ייִדן זיינען נישט אין סכנה פון אונטערגאַנג. אָבער אויב אַזוי פאַרוואָס זיינען אַזוי פיל יונגע ייִדן גלייכגילטיק צו זייער גייסטיקער ייִדישער ירושה? איין סיבה איז — ווי איך האָב פריער באַטאָנט — וואָס ייִדישקייט איז רעדוצירט געוואָרן צו אַ רעליגיע וואָס איז אָן באַדייטונג פאַר אַ סך אַמעריקאַנער ייִדן. דאָ קען אונדזער קולטור־ייִדישקייט מיטן טראָפּ אויף ליטעראַטור, עטיק, חכמה, די אוניווערסאַלע קאָמפּאָנענטן אין ייִדישער קולטור געווינען דעם אינטערעס און לאָיאַליטעט פון די סאָפיסטיצירטע אינטעלעקטואַלן. אונדזער אַקצענטירן סאָציאַלע גערעכטיקייט, דעם עטישן דינאַמיזם בין אדם לחבירו, די זאָרג פאַרן מענטשלעכן גורל — דאָס קען אַפּעלירן. אָבער אונדזער קולטור־ייִדישקייט מוז זיין אַ סובסטאַנציעלער עקסטראַקט; עס קען נישט גילטן אַ נעגאַטיווער צוגאַנג פון אַנטי: אַנטי־נאַציאָנאַל, אַנטי־רעליגיע, אַנטי־סינאַגאָגע. מיר מוזן פאָרמולירן אַ פּאָזיטיווע פּראָגראַם, מיר דאַרפן אויסקלייבן פון דער רייכער ייִדישער גייסטיקער ירושה אַלץ וואָס איז ווערטפול, וואָס איז זינפול, וואָס קען באַרייכערן דעם ייִדישן יחיד און כלל, און עס איז דאָ אַ סך וואָס איז רעלעוואַנט פאַר מאָדערנע ייִדן — אין אַלע שטראָמען פון דער ייִדישער געשיכטע: אין נביאישן, אין תלמודישן, אין קבלה, אין חסידות און השכלה. שלום־עליכמניקעס זיינען געבוירן געוואָרן מיט אַ ליידנשאַפט: ייִדישער שעפערישער קיום — דאָ; מיט אַ וואַרעמער באַציאונג צו ישראל; אָבער דאָ — וואו מיר לעבן — מוזן מיר פונקט ווי אין בבל, ווי אין שפּאַניע און פוילן, אויפהאַלטן אַ פולסירנדיק קולטור־לעבן. צווישן אונדזערע אָבות זיינען געווען די אַלע וואָס האָבן געהערט די שטים ביים סנה: די נביאים, די תנאים, די אמוראים, די גאונים, די מקובלים, די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע ייִדישע דענקער; די שעפער פון אונדזער מאָדערנער העברעאישער און ייִדישער ליטעראַטור.

אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט — מיט 50 יאָר צוריק, זיינען די פירער פון אַלע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען ביי אונדז געווען וועלטלעכע ייִדן: דער פּאָליטישער ציוניסט הערצל, דער העברעאיסט אחד־העם, דער אויטאָנאָמיסט דובנאָוו, דער ייִדישיסט זשיטלאָווסקי, דער פּועלי־ציוניסט באָראָכאָוו, דער בונדיסט שלמה מענדעלסאָן, דער טעריטאָריאַליסט בן־אַדיר — פונקט ווי די חלוצים, די בויער פון ארץ־ישראל זיינען אַלע וועלטלעכע ייִדן. זייער אמונה איז געווען ניט טעאיסטיש, נאָר פאַלקיש; זייער אהבת ישראל און קרבנות־גרייטקייט און אַחריות פאַרן כלל איז אָבער נישט געווען קלענער ווי פון די גאָט־צענטרישע ר' יהודה הלוי, קרעסקאָס, מהר"ם מראָטנבערג, בעל־שם־טוב און ר' לוי יצחק. דערפאַר האָבן די אַלע גרויסע מאָדערנע ייִדן איבערגעפורעמט די ייִדישע געשיכטע און אַריינגעשריבן אין איר נייע גאָלדענע בלעטער. זיי האָבן באַפליגלט דעם ייִדישן כלל און יחיד אין היינטיקן יאָרהונדערט. זיי, די אַנטי־שטראָם מענטשן, האָבן געשאַפן נייע

שטראָמען אין דער יידישער געשיכטע. זיי זיינען געווען יידישע מאַקסימאַ־ליסטן, און נישט „אויך מיר יידן".

איצט אין 1968 — פופציק יאָר שפעטער — טאָרן מיר, זייערע יורשים, נישט ווערן קיין מינימאַליסטן וואָס ווילן זיך צופרידן שטעלן מיט אַ טיי־לעפעלע יידישקייט, מיט אַן איין־טאָגיקער שול אָדער אַ יידיש־אולפּן. דאָס איז בעסער ווי גאָרנישט — אָבער נישט גענוג אויף צוגרייטן יורשים פאַר דער רייכער גייסטיקער ירושה וואָס די מזרח־אייראָפּעאישע תקופה האָט פּראָ־דוצירט. פּונקט ווי די אָרטאָדאָקסן האָבן געשאַפן אַ נעץ ישיבות וואָס גרייטן צו פאַר זיי רבנים, מוזן מיר בויען כאָטש עטלעכע טאָגשולן וואָס זאָלן צוגרייטן פאַר אונדז לערער און יידישע געלערנטע. מיר מוזן ווערן מאַקסימאַליסטישע יידן וואָס שטעלן זיך גרויסע צילן. מיר מוזן צוריק ווערן דער אַוואַנגאַרד אין יידישן לעבן, ווי מיר זיינען עס געווען מיט 50 יאָר צוריק.

ס'איז שווערער צו זיין אַ ייד אין אַמעריקע; ווייל ס'איז נישטאָ קיין אויסערלעכער דרוק פון אַנטיסעמיטיזם, און עס פעלט אונדז דער טיפער גלויבן פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס. אָבער אין האַרץ פון אונדזער יידישקייט — ווי איך פאַרשטיי עס — ליגט די אידייע פון תיקון; יעדער מענטש מוז זוכן און געפינען זיך, ד"ה עטאַבלירן זיין אידענטיטעט און זיך אַליין רעאַליזירן דורך דעם וואָס ער וועט לעבן אין הסכם מיט זיינע עכטסטע וואונטשן און איבערצייגונגען. אָט דער תיקון, דאָס גאַנץ מאַכן דעם אייגענעם איך — איז אַ פאָרבאַדינג צו קענען מתקן זיין די וועלט. אין האַרץ פון אונדזער פאָלקישער יידישקייט איז פאַרקערפּערט אַן עכטע אהבת ישראל אין מאָדער־נעם לבוש. מיר ווילן אַז אונדזער פאָלק זאָל בלייבן אַן אור לגויים, אַ ליכט פאַר די פעלקער. אונדזער אהבת ישראל מיינט אַ ליבשאַפט פאַר די עטישע ווערטן פון אונדזער פאָלק, פאַר זיין עטאָס, פאַר זיין געשיכטע — וואָרעם אויב חלילה אונדזער ניגון זאָל אויפהערן, וואָלט די וועלט אָרעמער געוואָרן. מיט אונדז און אונדזער סענסיטיוויקייט און וואַכזאַמקייט און גרייטקייט צו היילן אונדזערע אייגענע און דער וועלטס וואונדן איז דאָ אַ האָפענונג אויף אַ באחרית הימים.

# 50 יאָר שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

## פון שלמה סיימאָן

פופציק יאָר שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. מסתמא, אַז מען רעדט עס אַרויס אויף שנעל זיינען דאָס ניט מער ווי צוויי ווערטער. אָבער ניט נאָר האָב איך זיך געענדערש, נאָר עס איז געוואָרן אַן אַנדער וועלט, און אונדזער יידיש־וועלט איז ניט צו דערקענען. כדי צו געבן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון אונדזערע אויפטואונגען און דורכפאַלן, וואָלט מען געדאַרפט איבערגעבן עטוואָס פון דער געשיכטע פון אונדזערע שולן. אָבער איך וועל עס ניט טאָן, ווייל ראשית וואָלט עס פאַרנומען צו פיל צייט, און שנית איז מיין עובדה היינטיקן אָוונט רעדן מער וועגן דעם תוך פון אונדזערע שולן און וואָס מיר קענען מתקן זיין היינט. מיר איז אַלע מאָל דערווידער ניט נאָר די באַרימערײַ פון די אָפּשטאַמער פון די באַרימטע גענדז, וואָס האָלטן אין איין באַ טאָנען: „איר זאָלט וויסן, אַז אונדזערע טאַטעס האָבן געראַטעוועט רוים! דרך־ארץ!"

מיר איז אַפילו דערווידער דאָס גאַגען און באַרימען זיך פון די אַלט־געוואָרענע גענדז וואָס שטאָלצירן פאַר דער יוגנט און באַטאָנען אַלע מאָל: „דרך־ארץ, שנעקעס, ווייסט איר ווער מיר זיינען? מיר האָבן מיט אונדזער גאַגערן געראַטעוועט רוים! לערנט זיך ביי אונדז!" יעדער דור טוט זיינס און דאַרף מאַכן אָרט פאַרן נייעם דור. פאַרקערט גאָר. איך וויל היינט ביי־נאַכט פאַר אייך באַטאָנען צוויי זאַכן: אַז ניט געקוקט, וואָס מיר האָבן זיך ניט וואָס צו שעמען מיט אונדזער אויפטו, דאַרפט איר ניט אָננעמען אַלע אונדזערע וועגן. עס איז אַן אַנדער צייט און גאָר אַנדערע באַדינגונגען. מען טאָר טאַקע נישט פאַרוואַרפן אַ ירושה, אָבער מען דאַרף און מען מוז איבער־בויען די געירשנטע שטוב און עס צופּאַסן צו די נייע און אייגענע פאָדערונגען.

צו ערשט וויל איך אָפּפרעגן און אָפּלייקענען עטלעכע טעותים און פיר־וואַרפן צו יידישע שרייבער בכלל און צו די טוער פון די יידישיסטישע שולן בפרט, אַז מיר האָבן נישט געשיקט אונדזערע קינדער אין די יידישע שולן. עס איז אַן אויסגעטראַכטער בילבול. די טוער אַרום די שולן וואָס איך קאָן, און די יידישע שרייבער אין מיין סביבה האָבן יאָ געשיקט זייערע קינדער

רעדע געהאַלטן ביי יובל־קאָנפערענץ, שבת אָוונט, דעם 18טן מאַי, 1968.

אין די יידישע שולן. מיר זיינען געווען ניט נאָר נאה דורש, נאָר אויך נאה מקיים. לאָמיר דאָ זאָגן בקול רם, אַז מער פון די קינדער פון די יידישיסטישע טוער זיינען פּאַראינטערעסירט אין יידישיסטישע שולן, ווי דער צווייטער דור העברעער אַפילו. כמעט אָן אויסנאַם ווערן די יידישיסטישע שולן אין די פּאַרשטעטלעך אַרום ניו־יאָרק אָנגעפירט פון צווייטן דור יידישיסטן. אונדזער בויבעריק ווערט אָנגעפירט אין גאַנצן פון יונגע טוער, שלום־עליכמניקעס. צי מיר זיינען צופרידן מיט זיי, צי זיי זיינען צופרידן מיט אונדז — איז אַ באַזונדער זאַך. ווען איז עס געשען, אַז דורות זאָלן ניט האָבן קיין שטרייטיקייטן צווישן זיך? שטרייטערייַ צווישן דורות מיינט ניט אָפּגעפרעמדקייט.

נאָך אַ בילבול איז, אַז אונדזערע קינדער אין די שולן האָבן גאָרנישט ניט אויסגעלערנט. איך דערקלער דאָ בפני כל עם ועדה, אַז אין פאַרגלייך מיט וועלכער עס איז באַכמיטאָג־שול, סיי אַ סעקולער־העברעאישער און סיי אַ תלמוד־תורה, זיינען קינדער אין אונדזערע פינף־טאָגיקע שולן אַרויס מיט גאָר מי יודע גרעסערע ידיעות ווי פון די דערמאָנטע חינוך־אינסטיטוציעס. אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל, וואָס האָט אָפּגעלערנט די פיר יאָר אין אַ פינף־טאָגיקער שול, האָט געקענט ריידן און שרייבן יידיש, איז גוט באַהאַוונט אין יידישער געשיכטע, לויט דער עלטער פון אַ תלמיד אין אַן עלעמענטאַר־שול און קען גאַנץ גוט דעם חומש, און יידיש לעבן איז אים באַקענט און היימיש. ווי איינער וואָס איז באַקאַנט מיטן יידישן חינוך פון אַלע שאַטי־רונגען, קען איך אייך זאָגן, אַז די קינדער פון די וועלטלעכע פאָלקשולן קענען זייער שטעטל באַשטייט קעגן וועלכער עס איז שול־באַוועגונג, וואָס איז איר גלייכן. פאַרשטייט זיך, אַז איך רעד דאָ נישט וועגן טאָגשולן אָדער ישיבות, וואָס זיינען אין גאַנצן אין אַן אַנדער קאַטעגאָריע.

אָבער נאָך וויכטיקער ווי ידיעות האָט די יידישיסטישע וועלטלעכע שול געגעבן אירע תלמידים דאָס געפיל און באַוואוסטזיין, אַז יידישקייט איז דאָאיק און לעבעדיק און אַ טייל פון אונדזער לעבן אָט דאָ, פון הייַנט. די צרה מיט דער גרעסטער טייל פון יידישע שולן, העברעאישע וועלטלעכע און גאָר אַ סך שולן, וואָס קענען באַצייכנט ווערן ווי „רעליגיעזע", איז וואָס ביי די אַלע שולן קומט אויס אַז אַמאָל, אַמאָל, איז געווען אַ יידיש לעבן. עס איז געווען אַ „מאָזעס", אַן „אייבּרעהעם", אָדער אַן „אַבראַהאַם" און אַ „סאַראַ" און איצט זיינען מיר ווייטער געוואָרן אַ פאָלק. איך בין אייך מודה, אַז גאָר אָפט ווען איך גיי אַריין אַפילו אין אַ העברעאישער שול און הער ווי מען לערנט חומש אָדער יידישע געשיכטע אויף העברעאיש מיט דער ספרדישער הברה, פיל איך אַ פרעמדקייט און אַוודאי און אַוודאי ווען איך הער די נעמען פון אונדזערע אָבות און פירער אויף ענגליש. אין די יידישע שולן איז אַווראָם ניט נאָר געווען איינער פון די אָבות, ער איז אַ ייד ווי איצטיקע יידן מיט דעם זעלביקן נאָמען ווי די תלמידים. עס איז דאָ אַ המשך פון דאָווידן אין תנ"ך מיט דעם דאָווידן וואָס זיצט אויפן שולבאַנק. נעמט עס ניט

אָן מיט גרינגשעצונג. אונדזערע קינדער וואָס זיינען דורכגעגאַנגען, געלערנט אין אַ יידישיסטישער פינף־טאָגיקער נאָכמיטאָג־שול, פילן יידישקייט ווי אַ נאַטירלעכע זאַך. ביי זיי איז ניטאָ דער חלל פון דער פאַרגעשיכטלעכער יידישקייט און היינטיקער יידישקייט. אַזאַ באַציאונג איז ניט אָפּצושאַצן און ניט אָפּצוואָוועגן.

אַ סך האָט אין דעם שייכות אויפגעטאָן, וואָס די יידישע ליטעראַטור איז געווען אין די פינף־טאָגיקע שולן פון די הויפּט־לימודים, אָדער טאָקע דער הויפּט־לימוד. עס האָט פאַרהיינטיקט יידישקייט, געמאַכט עפּעס רעאַל און אייגנס. אַ וויזיט, אַ באַזוך פון אַ יידישן שרייבער אין אַ יידישער שול איז פון דערציערישן שטאַנדפּונקט ניט אָפּצושאַצן. עס האָט געמאַכט פון יידישקייט אויס אַבסטראַקציע, עפּעס וואָס עס איז אַמאָל געווען, אָדער פאַר־שריבן אין אַ בוך. אָט זיינען לעבעדיקע מענטשן וואָס שאַפן זי.

די טענות וואָס מען האָט איצט צו אונדזערע יידישיסטישע וועלטלעכע שולן זיינען באמת ניט צו דער זאַך. עס איז ווי פּרץ זאָגט: „איר פאַרגלייכט גלייכס מיט ניט גלייכס". מיר האָבן ניט געלייגט קיין וויכטיקייט אויף דאַוונען, אויף גיין אין שול, אויף אָפּהיטן מצוות. מיר האָבן געוואָלט אַן אַבסטראַקטע, איך וואָלט געזאָגט אַ נביאיש־עטישע יידישקייט, וואָס לייגט דעם טראָפּ אויף דברים שבלב, אויף אַ באַוואוסטזיניקייט פון זיין אַ ייד; אויף יידישקייט וואָס שליסט ניט אויס קיין צערעמאָניאַל און ריטואַל, אָבער האַלט עס ניט פאַר וויכטיק, לייגט ניט דעם טראָפּ אויף מצוות מעשיות. פון דעם שטאַנד־פּונקט זיינען מיר געווען אַ דערפאָלג. אונדזערע קינדער זיינען געבליבן גוטע און געטרייע יידן און עטישע מענטשן, וואָס אין טיפערן זין דאַרפן זיי ניט קיין ריטואַל און צערעמאָניאַל כדי צו פילן זיך ווי באַוואוסטזיניקע יידן. סיי די שול און סיי די יידישע היים, וואָלט איך געזאָגט, האָט זיי געמאַכט אויטאָמאַטיש פאַר יידן.

אָבער איצט קומט אַ שלעכטער אָבער. דאָס וואָס האָט געטויגט פאַר אונדז מיט 50 יאָר צוריק, איז ניט אָננעמלעך איצט, אין די נייע עקאָנאָמישע און גייסטיקע צושטאַנדן. אפשר וואָס איך וועל איצטריידן איז ניט פּאַסיק צו אַזאַ פייערלעכן מאָמענט ווען מען פייערט דעם פופציקסטן יאָר פון אונדזערע שולן. אָבער מיר יידן האַלטן אַז דווקא שטרענגע רייד זיינען אָפט מער קאָנסטרוקטיוו ווי גלאַטע רייד. אַלע נביאים האַלטן עס אין איין איבער־חזרן דירעקט אָדער דורך אימפּליקאַציע. ירמיהו חזרט עס איבער קלאָר צוויי מאָל: „און זיי ווילן היילן דעם בראָך פון מיין פאָלק אויף גרינג, אַזוי צו זאָגן: שלום, שלום — עס איז גוט און וואויל, ווען עס איז ניט גוט און וואויל". זייער אָפט דאַרף זאָגן אַ טאַטע צו אַ זון, און נאָך אָפטער אַ זון צו אַ טאַטן: „מען דאַרף ניט גיין אויף אַזאַ ענגער און שמאָלער סטעזשקע". איר פון יינגערן דור האָט דאָך אַ גרעסערן פאַרנעם פון אונדז. און עס איז גוט אַזוי.

אָבער אויף דעם זעלבןברייטן וועג וואָס איר פירט אייער טאָג־טעגלעך לעבן דאַרפט איר פירן אייער גייסטיק יידיש לעבן בכלל און שול־וועזן בפרט.

אין אַ געוויסן זין זיינען מיר געווען צעשטערער. מיר האָבן זיך אָפּגע־זאָגט פון שבת און יום־טוב, פון דער שול — די וויכטיקסטע יידישע אינסטי־טוציע זינט גלות־בבל. אָבער אונדזער צעשטערונג איז געווען בויען — עס איז געווען אַ פּאָזיטיווע נויטווענדיקייט. מיר האָבן זיך געוואָלט און געדאַרפט און באמת געגייטיקט זיך צו באַפרייען פון אַ שווערן יאָך פון יידישקייט כדי יידישקייט זאָל האָבן פאַר אונדז אַ באַטייט. יאָ, גאָר אָפט, אין געשיכטע איז צעשטערונג גאָר בויען. עס איז דאָ אַ מאמר אין גמרא: „סתירת זקנים בנין״. עס מיינט אַז די צעשטערונג פון אַן עלטערן דור איז אין תוך בויען. מיר זיינען געווען אָנגעזאָפּט מיט יידישקייט, אַן אַ שמץ פון וועלטלעכקייט. מיט דעם אויסדרוק וועלטלעכקייט מיין איך צוויי זאַכן — באַפרייאונג פון דעם יאָך פון פרומער רעליגיע, וואָס באַהערשט יעדע מינוט פון אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן, אַז אַלע מאָל איז געווען „ניטע״ — מען טאָר נישט. און שנית, אַ בענקשאַפט צו דער ציוויליזאַציע און קולטור וואָס איז פריי פון רעליגיע. אַ דערציילונג פון שלום אַש, אָדער רייזען, אָדער אַ ליד איז פאַר אונדז ניט געווען בלויז אונטערהאַלט. עס איז פאַר אונדז געווען, אַן איבערטרייבן, אַ נייע תורה. אַט ווי אין אונדזער יוגנט האָבן מיר זיך געפּילפּולט וועגן אַ מאמר פון גמרא אָדער אַ שטיקל רמב״ם, אַזוי האָבן מיר זיך געפּילפּולט וועגן דעם אינערלעכן זין פון פּרצעס אַ דערציילונג, אָדער אַ ליד פון אַ פּאָעט. אונדזער נעגאַציע איז געווען אַן אַפירמאַטיווע פאַר אַן אַנדער פאָרעם פון אויפנעמען יידישקייט.

דערפאַר האָבן מיר ניט געטראַכט פון בויען אַ געזעלשאַפט, אַ קהילה־לעבן, וואו אונדזערע קינדער זאָלן קענען פּראַקטיצירן יידישקייט. מיר האָבן זיך געפילט אַזעלכע גאַנצע יידן, אַז דאָס ניט אָפּהיטן יידישקייט איז געווען אַן אָפּהיטן, אַ דרך החיים, אַ נוסח אין אונדזער יידיש לעבן.

אַזוי האָבן מיר געמיינט וועט עס זיין אין די אויגן פון דעם נייעם דור. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן עפּעס גאָר אַנדערש. דערלויבט מיר זיין אַ ביסל פּערזענלעך. אַלע מיינע דריי קינדער האָבן ניט נאָר פאַרענדיקט אַ פאָלקשול, נאָר צוויי פון זיי האָבן אויך געענדיקט מיטלשול און באַזוכט דעם סעמינאַר. מיין זון האָט געקענט לייענען און שרייבן יידיש איידער ער האָט געקענט לייענען און שרייבן ענגליש. איצט איז אַזוי: דער זון לייענט און פאַרשטייט יידיש, אָבער ער איז שטומפּיק אין ריידן. די צוויי טעכטער ריידן יידיש בעסער פון אים און זיינען טועריגס אין שלום עליכם שולן און שיקן זייערע קינדער אַהין. אָבער איך מוז מודה זיין, אַז אַלע האָבן געקענט בעסער יידיש אין זייער יוגנט ווי איצט. פאַרוואָס? פּשוט, עס איז ניט געווען וואו זיי האָבן געקענט נוצן און פּראַקטיצירן זייער יידיש. ווען איינער קריגט זיין דערציאונג, לאָמיר זאָגן, אין אַ קאָנסערוואַטיווער שול, אָדער אין וועלכער עס

איז דענאָמינאַציע, זיינען דאָ קהילות איבער גאַר דעם לאַנד, וואו ער זאָל זיך ניט אַריבערקלייבן קען ער צושטיין צו דער קאָנגרעגאַציע און קען ממשיך זיין די אויסגעקליבענע פאָרעם פון יידישקייט. אָבער וואו קאָן אַ יונגער יידישיסט מיט זיין משפחה ממשיך זיין יידישקייט? ער האָט אַפילו ניט מיט וועמען צו רעדן יידיש, ווייל עס איז דאָך נישטאָ קיין אָרגאַניזירטער יידישיסטישער קהלשער לעבן. מיר האָבן עס דערזען ווען מיר זיינען עלטער געוואָרן און געשריען: „וואו זיינען אונדזערע קינדער?" מיר האָבן אָבער קיינמאָל ניט געטראַכט אַז טאַטע־מאַמע קענען ניט איינלאַדן די קינדער צו זיך, ווען טאַטע־מאַמע האָבן ניט קיין דירה; קינדער קענען ניט קומען צו טאַטע־מאַמע אויף יום־טוב, אָדער שבת, ווען די עלטערן האָבן נישט קיין היים. דער יידישיזם וואָס איז געווען אַזוי שעפעריש אין אונדזערע יונגע יאָרן, האָט זיך אָפּגעשטעלט שוין ווען מיר זיינען געוואָרן מיטליאָריקע מענטשן.

די צייט האָט זיך געביטן, דער דור וואָס איז נאָך אונדז, דער איצטיקער דור, דאַרף פאַרשטיין אַז אונדזער וועג פון פאַר פופציק יאָר קען ניט אָנגעווענדט ווערן היינט. ניין, מיר האָבן ניט געמאַכט קיין גרונטיקן טעות מיט אונדזער שיטה. איך מיין ניט זיין קיין אַפּאָלאָגעטיקער פאַר מיין דור. איך קען אָבער אַפילו פאַרענטפערן אונדזערע איין־צימערדיקע שולן אין קראָמען און קעלערן. מיר האָבן געהאַט אַזעלכע אָרעמע שולן טיילווייז, ווייל אונדזער קאָנטינגענט איז געווען דער אָרעמסטער אין יידישן כלל. אויך איז געווען אַ טיפערע סיבה: מיר האָבן ניט געהאַלטן פון אויסערלעכקייט. דער עיקר איז דאָך געווען ביי אונדז די אידייע, דער גייסט. מיר זיינען דאָך געווען רעבעלן. מיר האָבן זיך געשטעלט קעגן אַלטע פאָרמען. מיר האָבן נישט געוואָלט קיין אָרגאַניזירטע קהילה מיט רעגעלן און אויטאָריטעט. מיר זיינען דאָך אויסן געווען צו באַפרייען זיך פון יאָך פון יידישקייט. איצט האָט זיך די לאַגע אין גאַנצן געביטן בנוגע דיסציפּלין און פאָרעם.

ניין, די אידייע פון יידישיזם און וועלטלעכע יידישקייט איז ניט דורכגעפאַלן. מיר האַלטן אַז ס'איז נאָך אַלץ אַן אמת, אַז דאָגמע, ריטואַל און דער באַגריף אַז יידישע אמונה באַשטייט ניט נאָר פון בלינדן גלייבן אין באַלוינונג און שטראָף, זיי זיינען ניט די אמתע יסודות פון יידישקייט. דאָס זיינען ניט קיין עיקרים. יידישקייט איז אַן אמונה, אַ סיסטעם וואָס הייליקט דאָס לעבן דורך אויספילן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן מיט הייליקייט. שיינע בנינים, אַ גוט־דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציע קען ניט פאַרנעמען דעם אָרט פון אַ לעבעדיקער יידישקייט. עס איז נאָך אַלץ אַ טרואיזם, אַז עס איז אוממעגלעך צו האָבן אַ שעפערישע יידישקייט אָן אַ יידיש לשון. יידיש גיט באַוואוסטזיין אַז עס איז דאָ המשך אין יידישער געשיכטע.

אָבער דער איצטיקער דור דאַרף פאַרשטיין, אַז וואָס ס'האָט געטויגט פאַר אונדזער דור, טויג פאַר זיי ניט. דער איצטיקער דור נייטיקט זיך אין אָרגאַניזאַציע און אין אַן אָרגאַניזירטן ציבור, און אַ מער פאַרטיפטער יידיש־

קייט מיט אַ באַשטימטער פאָרעם פון ריטואַל און צערעמאָניאַל. אייער וועלט־באַגריף איז אַן אַנדערער, אייער בילדונג איז אַן אַנדערע. מיר האָבן געהאַט צו פיל יידישקייט און אונדז האָט געפעלט וועלטלעכקייט. איר האָט גענוג וועלטלעכקייט, און אייך פעלט יידישקייט. איר קענט זיך אַפילו ניט באַנוגענען מיט פינף־טאָגיקע שולן אַ שעה אַ טאָג. איר דאַרפט לערנען מיט די קינדער לכל־הפחות אַ שעה און אַ האַלב יעדן טאָג. אַוודאי איז פאַר אייך ניט גענוג קיין זונטיק־שולן. איר דאַרפט זיך נעמען און גרינדן וועלטלעכע יידישיסטישע קהילות, קאָנגרעגאַציעס. איר מוזט שאַפן אַן אָרגאַניזירטן יידישיסטישן ציבור. איר האָט די פינאַנציעלע מעגלעכקייטן פאַר דעם און איר זענט גענוג סעקו־לאַריזירט, ניט מורא צו האָבן, אַז דער צערעמאָניאַל און ריטואַל זאָלן ווערן דער עיקר, אַז די שיינע בנינים און די אָרגאַניזאַציע זאָלן אויפעסן דעם גייסט. דאָס יידישע לשון וועט אויך זיין אַ שמירה פאַר אייך.

אויף אַלע טעאָרעטישע אַסיפות אונדזערע רעדט מען וועגן פּלוראַליזם, און וועגן לעבן אין צוויי קולטורן. לעבן אין צוויי קולטורן איז ניט קיין נייער ענין אין אונדזער געשיכטע. נאָכן גלות שומרון, אַ מעשה פון זיבן און צוואַנציק הונדערט יאָר צוריק, האָבן מיר געמוזט לעבן אין צוויי קולטורן; פשוט עס איז געווען אַ נויטווענדיקייט פאַרן קיום פון דער אומה. אָבער די פראַגע וואָס שטעלט זיך שטענדיק איז, וואָס מיינט לעבן אין צוויי קולטורן? אָט האָט דער רמב״ם געלעבט און געשריבן אין צוויי לשונות. אָבער עס איז זיכער אַז ער איז געווען היימיש ניט ווייניקער אין דער יידישער קולטור ווי אין דער אַראַבישער. עס איז אַ גרויסע פראַגע, אין וועלכער קולטור האָט ער געלעבט אינטענסיווער, אין דער יידישער צי אין דער ניט־יידישער? ער האָט טאַקע אָנגעשריבן דעם „מורה נבוכים״ אויף אַראַביש, אָבער ער איז אויך דער מחבר פון „יד החזקה״ אין לשון־קודש. נאָך מער איז ער דער מחבר פון „אגרת השמד״, „אגרת תימן״ און „אגרת המוסר לאברהם בנו״. נעמט זיין ספר „אגרות ותשובות״ און משפט פאַר זיך אַליין וויפל ער איז געווען פאַר־וואָרצלט אין יידישקייט. איך מיין אַז ניט יעדער איינער קען זיין אַ גאון ווי דער רמב״ם און קען זיין אַזוי היימיש אין צוויי קולטורן. אָבער ווי אַ מאָס, ווי אַ מוסטער קען ער יאָ זיין פאַר אַ דור. לעבן אין צוויי קולטורן מיינט ניט אַ שמעק אָדער אַ לעק אין דער יידישער קולטור און לעבן דריי און צוואַנציק שעה מיט ניין און פופציק מינוט אין דער ניט־יידישער קולטור און האַלטן, אַז מיר לעבן אין צוויי קולטורן.

מיר, וואָס זיינען געווען פאַרוואָרצלט אין דער אַלטער יידישער קולטור און געלעבט מיט איר באַוואוסטזיניק און ניט באַוואוסטזיניק, האָבן זיך גע־קענט צופרידנשטעלן מיט אַן אַבסטראַקטער יידישקייט און זיין אַפילו קעג־נעריש צו פאָרמירן אַן אייגענע פאָרעם, וואָס נעמט אַריין אַ מאָס פון ריטואַל און צערעמאָניאַל. אָבער דער דור נאָך אונדז, וואָס לעבט און איז איינגע־

וואָרצלט אין דער ניט־יידישער קולטור, דאַרף און מוז שאַפֿן פֿאַר זיך ניט נאָר אַן אָרגאַניזירטע יידישקייט, נאָר אויך אַ פֿאָרעם.

איך וועל ענדיקן מיט אַ באַקאַנטן און באַוואוסטן אַנעקדאָט, וואָס אילוסטרירט בולט אָט דעם דאָזיקן געדאַנק. אַמאָל איז דער באַוואוסטער העברעאישער שרייבער משה לייב ליליענבלום, וואָס איז געווען אַ גרויסער אַפּיקורס, געגאַנגען שפּאַצירן אויף דער גאַס פֿון אָדעס אום שבת. עס איז אים געקומען אַנטקעגן דער באַנקיר בראָש מיט אַ סיגאַר אין מויל. משה לייב ליליענבלום האָט אים אָפּגעשטעלט און זיך צעשריען: „סטייטש, ווי שעמט זיך ניט אַזאַ בכבודיקער ייד ווי ער, מחלל שבת זיין בפרהסיא?" בראָש האָט אים אָנגעקוקט און געזאָגט: „גאָספּאָדין ליליענבלום, איר רויכערט אויך. איר האַלט דאָך אַן אָנגעצונדענעם ציגאַר אין האַנט. איז וואָס שרייט איר אויף מיר?" משה לייב ליליענבלום האָט אים געענטפערט: „וואָס פֿאַרגלייכט איר זיך צו מיר? וויפֿל נעכט בין איך ניט געשלאָפֿן ביז איך האָב אויסגעפֿונען אַז מען מעג רויכערן אום שבת. אָבער איר זענט גלאַט אַ הפקר־מענטש".

מיר האָבן זיך באַנוגנט ביז אַ מאָס מיט ווייניק יידישקייט, ווייל מיר זיינען דאָך געווען אין תוך גאַנצע און פֿולע יידן. אָבער נאָך איינשרומפּן מער אונדזער יידישקייט און זיך באַנוגענען מיט אַ מינימום־שבמינימום טאָר מען ניט. וואָס מער איך דערקאָן פֿון נאָענט אַנדערע באַוועגונגען פֿון יידישקייט אין אונדזער אַמעריקע, אַלץ מער זע איך ווי שעפֿעריש און נייטיק איז די יידישיסטישע באַוועגונג. אָבער לאָמיר זי מאַכן אַן אמתע און טיפֿע באַוועגונג, וואָס זאָל זיין ראוי צו טראָגן אונדזער גרויסן געדאַנק.

# די ראָלע פון לערער אין די שלום עליכם שולן

פון מ. גאָלדשטיין

עס איז דאָך אוממעגלעך צו רעדן וועגן פופציק יאָר שלום עליכם שולן און ניט זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן די ראשונים, די ערשטע לערער פון די שולן, ווייל פּאַקטיש איז דאָך זיי געווען באַשערט צו געבן אונדזער שול אַ באַשטימט פּנים. זיי, די ראשונים, האָבן דאָך געדאַרפט אויסאַרבעטן אַליין פּראָגראַמען פאַר דער נייער שול, שאַפן טעקסט-ביכלעך און בכלל טראָגן אויף זיך דעם עול פון דער שול.

די ערשטע לערער זיינען געווען יידישע אינטעליגענטן וואָס האָבן מיט-געבראַכט מיט זיך פון דער אַלטער היים אַ בענקשאַפט נאָך אַ יידישער סביבה און האָבן דעריבער אויף זיך גענומען דעם שווערן יאָך פון צעאַקערן דעם שטיינערנעם באָדן דאָ און פאַרזייען די קערנדלעך פון אַ יידיש לעבן וואָס איז זיי געווען אינטים באַקאַנט. די לערער פון יענער צייט זיינען געקומען פון דער זעלביקער סביבה ווי די טוער. ביידע האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען. ביידע האָבן געוואָלט שאַפן דאָ אין אַמעריקע אַ יידיש-וועלטלעכע שול וואָס זאָל אָפּשפּיגלען זייער קוק אויפן יידישן לעבן. עס וועט נאָך מסתמא קומען אַ צייט, ווען דער היסטאָריקער פון דער יידישער שול אין אַמעריקע וועט באַשרייבן יענע ערשטע טריט פון אונדזערע שולן, דעם מסירת-נפשדיקן אידעאַליזם פון דעם ערשטן דור יידישע לערער אין אַמעריקע. עס איז דעמאָלט געווען אַ סך פרייד אין דער אַרבעט. מען האָט נאָך געהערט אין דער יידישער היים דאָס יידישע לשון און דאָס קינד האָט פאַרשטאַנען, ווען דער לערער האָט גערעדט צו אים אויף יידיש. עס איז געווען אַ גייסטיקע נאָענטקייט צווישן לערער און עלטערן.

די פּראָגראַם פון אונדזערע שולן איז אין יענע יאָרן געווען אַ באַגרע-נעצטע. די צענטראַלע לימודים זיינען געווען יידיש, יידישע ליטעראַטור און יידישע געשיכטע. אַ סך פון די לערער זיינען געווען יידישע שרייבער. זיי האָבן געחלומט, אַז די קינדער וואָס זיי דערציען וועלן זיין די צוקונפטיקע

רעדע אויפן באַנקעט פון שלום עליכם אינסטיטוט, דעם 2טן דעצעמבער, 1962.

לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור. זיי האָבן געוואָלט דערציען אַ יידיש־לייענער.

שולן האָבן זיך געעפנט און נייע לערער זיינען אַריינגעקומען. ביסלעכוויז האָט זיך גענומען פילן זייער השפעה. קודם איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פּעדאַגאָגישער קאָנטראָל איבער די שולן. צענטראַלע עקזאַמענס זיינען איינגעפירט געוואָרן כדי מען זאָל קענען קאָנטראָלירן דעם קינדס קענטעניש. לערער פלעגן זיך בייטן מיט די שולן צוויי מאָל אַ יאָר און געבן די עקזאַמענס, אַזוי אַז די פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע האָט געקענט קריגן אַ בילד פון פּעדאַגאָגישן מצב אין יעדער שול. די עקזאַמען־קאָמיסיע האָט אויך איינגעשטעלט אַ סיסטעם פון צייכענען קאָמפּאָזיציעס און האָט שטרענג אָפּגעהיט אַז יעדער לערער זאָל צייכענען די עקזאַמענס לויט דער איינגעשטעלטער סיסטעם. אַריבערפירן די קינדער אין אַ העכערן קלאַס איז געווען אַן ערנסטער ענין. ניט איין מאָל פלעגט אַ לערער קומען מיט טענות צום סעקרעטאַר פון דער עקזאַמען־קאָמיסיע, פאַרוואָס מען האָט זיינס אַ קינד ניט דורכגעלאָזט. די פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן הילפס־מאַטעריאַלן און מעטאָדישע אָנווייזונגען. דער לערער האָט זיך מער נישט געפילט אַליין. יעדער זיצונג פון לערער־ראָט איז געווען אַ פּעדאַגאָגישע קאָנפערענץ. מען האָט אָפנהאַרציק זיך מודה געווען אין דורכפאַלן. מען האָט ניט מורא געהאַט פאַר קריטיק. מען האָט אַלעמאָל געשטרעבט צו לערנען פון דעם צווייטן לערערס דערפאַרונג.

דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן דורכצוגיין טיפע שינויים. די לערערשאַפט האָט גענומען פילן, אַז עפּעס פעלט אין אונדזער שול־פּראָגראַם, אַז די פּראָגראַם גיט ניט גענוג דעם קינד, אַז עס זאָל אים צובינדן צו אונדזער לעבן. לייבוש לעהרער, וואָס האָט געהאָלפן לייגן דעם פונדאַמענט פון דער יידישער שול אין אַמעריקע און האָט אַזוי פיל געשריבן און אויפגעקלערט דעם יידישן עולם וועגן דער וויכטיקייט פון יידישער דערציאונג און האָט דערצויגן אַ דור יידישע לערער, האָט אין זיין עסיי „יידישע דערציאונג אין אַמעריקע״, ריכטיק אָנגעוויזן „אַז די הצלחה פון יידישער דערציאונג הענגט אָפּ פון צוויי פונדאַמענטאַלע דערגרייכונגען: די אָרעמקייט פון גאַס און היים אין זייער יידישקייט־פאַרמעגן פאָדערט, אַז די שול זאָל שאַפן אַזאַ אַטמאָספער, וואו דאָס קינד זאָל קענען אַריינוואַקסן און זיך פילן באַטייליקט אין דער גורל־דראַמע פון יידישער עקזיסטענץ. אָן דעם איז יידישער המשך ניט מעגלעך. יידישע דערציאונג איז אויך פאַרבונדן מיט וויסן, אַ סך וויסן״.

אונדזערע לערער האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַריינברענגען שינויים וואָס זאָלן די שולן אָנפילן מיט מער אינהאַלט. מיר האָבן זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס אייגנטלעך דאַרף זיין דער ציל פון דער יידישער שול? מיר האָבן געזוכט אַן ענטפער וואָס זאָל אונדז באַפרידיקן און וואָס זאָל אויך

באַפרידיקן די יידישע היים און דאָס יידישע קינד. מיר זיינען געקומען צום אויספיר אַז אונדזער שול דאַרף אויסברייטערן די ידיעות וואָס זי גיט דעם יידישן קינד, כדי אונדזער תלמיד זאָל שפּעטער קענען פאַרנעמען אַ חשובן אָרט אין דער יידישער קהילה ווי אַן אינטעליגענטער ייד און מענטש. אַ שווערע אויפגאַבע! אָבער מיר האָבן געפילט, אַז אויב מיר גייען ווייטער אויף די אַלטע דרכים — וועט אונדזער תלמיד אַרויסקומען פון דער שול מיט אַזוי ווייניק יידישע ידיעות אַז ער וועט זיך פילן אַ פרעמדער אין דער אַרומיקער יידישער סביבה. ער וועט זיך פילן אַ פרעמדער ביים יידישן יום־טוב; ער וועט זיך פילן אַ פרעמדער ווען ער וועט אַריינגיין אין שול וואו יידן דאַווענען; ער וועט זיך פילן אַ פרעמדער ביי אַ בר־מצווה.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון אויסברייטערן און פאַרטיפן אונדזער קוריקולום. דער תנ״ך איז אַריינגענומען געוואָרן אין אונדזער פּראָגראַם און — וואונדער איבער וואונדער! — דאָס קינד האָט אָנגעהויבן אַנטדעקן זאַכן וואָס זיינען אים אין גאַנצן געווען פרעמדע. ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז „סאַלמס״ איז אַ טייל פון תנ״ך. ער האָט אַפילו געמיינט, אַז דאָס וואָרט הללוי־ה איז אַן ענגליש וואָרט. ער האָט געהערט אַמאָל אין פּאַבליק־סקול — „עם אַיַ מיַי בראַדערס קיפּער?״, אָדער „ביַי די סוועט אָוו דיַי בראַו״ — און עס איז אים אַפילו קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז זיי קומען פון חומש. ער האָט זיך באַקענט מיט די סאָציאַלע געזעצן פון חומש וואָס פאָדערן צו באַהאַנדלען מיט יושר דעם אַרבעטער, דעם פרעמדן, דעם קנעכט — און ביסלעכווייז איז דער חומש געוואָרן זיין ספר, אַ ספר וואָס זיין פאָלק האָט געשאַפן. העברעאיש איז אַריינגענומען געוואָרן אין אונדזער פּראָגראַם. לייבוש לעהרער האָט דער ערשטער געשאַפן אַ נוסח פאַר אַן עונג־שבת. מיר האָבן פון אים געלערנט און אַריינגעבראַכט דעם עונג־שבת אין שול.

דער יידישער יום־טוב האָט געפונען אַ תיקון אין דער יידישער שול. חנוכה האָט מזל געהאַט, פּורים אויך, אָבער סוכות, שמחת־תורה, פסח און שבועות זיינען שטאַרק באַעוולט געוואָרן. מיר האָבן באַשלאָסן אַריינצוברענגען דעם יום־טוב מיט דער גאַנצער פייערלעכקייט, מיט זיין גאַנצער שיינקייט און רייכקייט. מיר האָבן געוואָלט אַז אונדזערע קינדער זאָלן דורכלעבן די פרייד פון פייערן אַליין דעם יידישן יום־טוב, אַרום טישן, ווי יידן האָבן אַלע־מאָל געיום־טובט. וואָכן־לאַנג גרייט מען זיך צו אַ יום־טוב. מען לייענט וועגן דעם יום־טוב, מען רעדט וועגן דעם יום־טוב, מען צייכנט, מען מאָלט, מען פּוצט אויס די שול, און צום יום־טוב קומט מען אַן אויסגעפּוצטער מיט פרייד אין האַרצן. די שול איז געוואָרן אַ יידישע און ניט אַ שול אויף יידיש. און אויב עלטערן האָבן אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער עקזיסטענץ געגאַרט צו דערנענטערן דאָס קינד צו זייער לעבן, האָט דאָס יידישע קינד אָנגעהויבן דערנענטערן די יידישע עלטערן צו דעם יידישן לעבן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַריינברענגען די פרייד פון דעם יידישן יום־טוב אין דער היים. זיי האָבן

אָנגעהויבן צו זינגען יידישע און העברעאישע לידער אין דער היים, און עלטערן האָבן אָנגעהויבן פאָדערן אַז מען זאָל זיי אויסלערנען די לידער וואָס זייערע קינדער זינגען.

עס שטייט איצט פאַר אונדזערע שולן אַ וויכטיקע, אפשר די וויכטיקסטע אויפגאַבע: צו ברענגען נענטער די יידישע עלטערן צו אונדזער דערציאונגס־פילאָסאָפיע. מיר מוזן זיי איבערצייגן, אַז די גרינגע יידישקייט וועט ניט אויספילן דעם קינדס לעבן מיט דער רייכקייט און שיינקייט וואָס די יידישע קולטור פאַרמאָגט. אָנשטאָט נאָכצוגעבן זייערע פאָדערונגען פאַר אַ לייכטער יידישקייט, מוזן מיר, פאַרעקשנטע, ריידן און ריידן און אויפקלערן, אַז נאָר אַ שול וואָס קען געבן דעם קינד דעם מאַקסימום וויסן און קען „שאַפן פאַרן קינד אַזאַ אַטמאָספער וואו דאָס קינד זאָל קענען אַריינוואַקסן און זיך פילן באַטייליקט אין דער גורל־דראַמע פון דער יידישער עקזיסטענץ" — נאָר אַזאַ שול קען צובינדן דאָס קינד צו אונדזער לעבן.

לאָמיר זיך דעריבער, צו אונדזער פופציק־יאָריקן יובל, שטאַרקן און זיך שטעלן דעם וויכטיקן ציל: אַריינצוציען די עלטערן אין אונדזער שול־באַוועגונג. לאָמיר זיי דערציען, אַז אויך זיי זאָלן ווערן, ווי לייבוש לעהרער דריקט זיך אויס, „עגמת־נפשדיקע יידן".

עס זיינען קיין סך ניט פאַרבליבן פון דעם דור שלום עליכם לערער וואָס האָבן געבויט און אויסגעברייטערט די לערערישע אַרבעט אין אונדזערע שולן, נאָר זייער חותם האָבן זיי געלייגט אויף דער גאַנצער יידישער שול־באַוועגונג, און דער חותם וועט פאַרבלייבן אַזוי לאַנג ווי יידישע שולן וועלן עקזיסטירן.

# פּרינציפּן פון ש״ע פאָלק אינסטיטוט

אָנגענומען אויף דער קאָנפערענץ פונעם אינסטיטוט אין 1927

1. די נייע יידישע שול איז נייטיק און מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דער יידישער וועלטלעכער סביבה וועלכע איז אויפגעקומען אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר און וועלכע איז געוואָרן דער פּרוכטבאַרער כוח וואָס אים איז באַשערט צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער יידישער געשיכטע בכלל און אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור בפרט.

2. די יידיש־וועלטלעכע סביבה נעמט אַרום טיילן פון יענע שיכטן פון דעם יידישן פאָלק וואָס מען רופט אָן „די יידישע פאָלקס־מאַסן״.

3. די שפּראַך פון אָט דער סביבה איז יידיש. איר קולטור איז די מאָדערנע יידישע קולטור, איר בליק אויף דער וועלט איז בהסכם מיט די רעזולטאַטן פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. זי קוקט ניט אויף רעליגיע ווי אויפן יסוד פון אונדזער גייסטיקן לעבן. די יידישע רעליגיעזע מנהגים זיינען פאַר איר נאָר אַ טייל פון אונדזער דורות־לאַנגן פאָלקס־שאַפן. העברעאיש און יענע טיילן פון דעם יידישן שאַפן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט העברעאיש (אַראַמעאיש), געהערן צו אונדזער נאַציאָנאַלן קולטור־אוצר. זי באַטראַכט זיי פון דעם אָביעקטיוון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט.

4. אין סאָציאַלן און פּאָליטישן זינען איז די יידיש־וועלטלעכע סביבה דורכויס פּראָגרעסיוו. זי באַשטייט פון די שיכטן וואָס שטרעבן אויפצובויען דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן אַזוי אַזוי עס זאָלן אָפּגעשאַפן ווערן אַלע פאָרמען פון עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. בנוגע צום יידישן לעבן, גלייבט זי אין דער מעגלעכקייט פון גרויסער קאָנסטרוק־טיווער אַרבעט אין אַלע לענדער, וואו עס געפינען זיך יידישע מאַסן.

## צילן און אויפגאַבן

1. אונדזער הויפּט־ציל איז ברייטער צו מאַכן דעם קרייז פון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה, העלפן שאַפן אינסטיטוציעס און אַנטוויקלען לעבנס־פאָרמען פון אַלע אירע מיטגלידער, און זען אַז זיי זאָלן ווערן פּערזענלעך און געזעלשאַפטלעך אַקטיווע מיטבויער פון דעם נייעם יידישן לעבן, וואָס האַלט זיך אין קריסטאַליזירן.

2. די וויכטיקסטע פון די דערמאָנטע אינסטיטוציעס איז די נייע יידישע

שול. זי דאַרף זאָרגן פאַר דער אַלזייטיקער דערציאונג פון דעם יידישן קינד און פאַר זיין איינגעוואַקסן ווערן אין דער קולטור פון זיין פאָלק.

3. די אידעאַלע פּראָגראַם פון דער שול איז די סינטעטישע פאַראייניקונג פון די אויסגעבעסערטע פּראָגראַמען פון דער אַלגעמיין־אַמעריקאַנער און דער יידישער שול. בלויז אַזאַ גאַנצער און איינהייטלעכער דערציאונגס־אַנשטאַלט וואָלט געקענט אויסנוצן אויפן פּראָדוקטיווסטן אופן און האַרמאָניש באַהעפטן די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער און די יידיש־וועלטלעכע דערציאונגס־עלעמענטן. אָבער דאָס איז דערווייל נאָר אַ ווייטער אידעאַל. ביז ער וועט דערגרייכט ווערן, מוזן אונדזערע קינדער גיין אין דער איצטיקער פּאַבליק־סקול, און ווייל זי נוצט ניט אויס דעם רייכן און אַבסאָלוט נייטיקן דערציאונגס־מאַטעריאַל וואָס איז דאָ אין אונדזער קולטור־סביבה, מוזן מיר עס טאָן אין דער יידיש־וועלטלעכער שול וואָס ווערט געשאַפן פון אונדז אַליין.

4. די דאָזיקע, דערווייל־ניט־גאַנצע יידיש־וועלטלעכע שול, מוז האָבן אַזאַ פּראָגראַם און אַזאַ כאַראַקטער וואָס זאָל אויסדריקן און באַפעסטיקן די פריער דערמאָנטע יסודות פון דעם יידיש־וועלטלעכן לעבן. דאָס הייסט אַז דעם ערשטן אָרט אין איר דאַרפן פאַרנעמען די לימודים און טעטיקייטן וואָס זיינען שייך צו דעם יידיש־וועלטלעכן לעבן און שאַפן, ווי צום ביישפּיל, יידיש, יידישע ליטעראַטור, יידישע פאָלקס־שאַפונג, יידישע געשיכטע. רעלי־גיעזע גלויבונגען און מנהגים דאַרפן באַטראַכט ווערן אין איר פונעם קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט. העברעאיש און העברעאישע ליטעראַטור דאַרפן שטודירט ווערן אין די העכערע קלאַסן (דאָס הייסט, אין מיטלשול) ווי אַ טייל פון די אָנגעזאַמלטע יידישע קולטור־אוצרות.

5. שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט פון וויסנשאַפטלעכן דענקען אין אַלע פראַגן און אויך אין דער דערציאונגס־פראַגע, שטרעבן מיר דערצו אַז אונ־דזערע שולן זאָלן, ווי ווייט מעגלעך, זיך רעכענען מיט די פּרינציפּן און באַנוצן די מעטאָדן פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק און קינדער־פּסיכאָלאָגיע.

6. אינעווייניק, אין דער יידיש־וועלטלעכער סביבה, קענען זיין, און עס זיינען פאַראַן, מיינונגס־פאַרשידנהייטן בנוגע צו פאַרשיידענע נאַציאָנאַל־יידישע, אַלגעמיין־פּאָליטישע, סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און אַנדערע פראַגן. די דאָזיקע פאַרשיידנקייטן אין די מיינונגען באַרעכטיקט די פּאַרטיי־גרופּירונגען אין דער יידיש־וועלטלעכער געזעלשאַפט. אָבער, צוליב דער עקאָנאָמיע פון די באַגרענעצטע כוחות, ווי אויך צוליב דער פּרינציפּיעלער געוואונטשקייט פון צוזאַמענאַרבעט אויפן קולטורעלן געביט, דאַרפן מיר זוכן צו פאַראייניקן, ווי ווייט מעגלעך, אַלע יידישע וועלטלעכע עלעמענטן פאַר שותפות־אַקציעס לטובת אונדזער קולטור און אונדזער שול.

# ג׳רונט־פּרינציפּן אין די שלום עליכם שולן

## אָנגענומען פון 30סטער שול־קאָנפערענץ, מאַי, 1953

א. ווי יידן וואָס אידענטיפיצירן זיך מיטן יידישן פאָלק, פילן מיר אַז מ׳דאַרף אַנטוויקלען ביי די קינדער דאָס געפיל פון צוגעהעריקייט צו אונדזער פאָלק אומעטום איבער דער וועלט, מיט אַלץ וואָס דאָס איז מחייב:

1. זיך אַקטיוו באַטייליקן אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן;
2. העלפן יידן אין אַנדערע לענדער און זיין אַקטיוו פאַראינטערעסירט אין אויפבוי פון מדינת ישראל;
3. אָפּהיטן און ווייטער אַנטוויקלען יענע טיילן פון דער יידישער טראַדיציע, וואָס האַרמאָנירן מיטן יידישן לעבן אין אַמעריקע.

ב. אַנטוויקלען דאָס געפיל פון פּערזענלעכער זיכערקייט כדי צו פאַרהיטן פון אינערלעכע קאָנפליקטן וואָס קענען אויפקומען ביי מיטגלידער פון אַ מיעוט.

ג. איינפלאַנצן אין די קינדער דאָס באַוואוסטזיין אַז יידישקייט האָט אירע אוניווערסאַלע אַספּעקטן וואָס שפּילן אַ ספּעציעלע ראָלע אין דער איצטיקער צייט, ווי למשל, די אידעאַלן פון שלום און דעמאָקראַטיע.

ד. באַקענען די קינדער מיט דער ראָלע פון יידן אין דעם אויפבוי פון דער וועלט־קולטור.

ה. אונטערשטרייכן די אידעאַלן פון שיינע מענטשלעכע מידות אין יידישן וועלט־באַנעם (ווידערווילן צו שפיכת־דמים און חוב צו לערנען).

ו. באַקענען די קינדער מיט די גרויסע אויפטוען און לעבנס־פאָרמען פון אונדזערע עלטערן און אורעלטערן אין מזרח־אייראָפּע, און איינפלאַנצן אין זיי צוגעבונדנקייט און דרך־ארץ צו דער דאָזיקער קולטור־ירושה און צו דער שפּראַך, יידיש, וואָס איז אַזוי אינטים מיט איר פאַרבונדן.

ז. דערפירן די קינדער זיך אַריינצולעבן אין אונדזער היסטאָרישער דערפאַרונג, און פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון פאָלקישער שותפות.

ח. באַקענען די קינדער מיט דער העברעאישער שפּראַך וואָס איז אינטים פאַרבונדן מיט דער יידישער גייסטיקער עקזיסטענץ אין אַלע צייטן.

# קוריקולום פון אַ 5־טאָגיקער ש״ע שול

## אין דעם ערשטן לערניאָר:

צום סוף פון ערשטן לערניאָר דאַרף דאָס קינד קענען:

א. רעדן יידיש אין אַזאַ פאַרנעם אַז עס זאָל זיין ביכולת עפּעס איבערצוגעבן, צו דערציילן וועגן זיך אָדער איבערצודערציילן דאָס געלייענטע אָדער געהערטע אין צוויי־דריי זאַצן מיט אַן ערך ביז צוואַנציק ווערטער אין זיי; (פּאַסיקע טעמעס פאַר די שמועסן אין דעם ערשטן לערניאָר: וועגן דער שול, די מכשירים פון לערנען און די געוויינטלעכע טעטיקייטן פון דער שול, ווען מען גייט אין שול, וועגן אָנהייבן לייענען און שרייבן און אַנ־דערע; וועגן דער היים; וועגן דער מאַמען, מיט וואָס זי איז פאַרנומען, וואָס זי טוט פאַר דעם קינד, וועגן דעם טאַטן, זיין אַרבעט, וועגן ברידער און שוועסטער וועגן זיידעס און באָבעס; וועגן עסן און קליידונג; וועגן חברים און שפּיל; וועגן די יום־טובים; וועגן זיך, ווי מען הייסט, ווי עס הייסן די עלטערן, ווי אַלט מען איז א״אַ; וועגן די געוויינטלעכע געשעענישן אין דעם לעבן פון קינד און אַנדערע).

הערה 1: ווען דאָס קינד רעדט, לייגט אַכט עס זאָל אַרויסרעדן די יידישע קלאַנגען, באַזונדער לייגן אַכט אויף די וואָקאַלן.

הערה 2: דער ערשטער פּונקט פון אַט דעם פּראָגראַם, אַזוי ווי אַלע איבעריקע, הן אין דעם ערשטן לערניאָר, הן אין די איבעריקע לערניאָרן — דאַרף ווערן געניוי באַאַרבעט, אויסגעברייטערט און קאָנקרעטיזירט אין אַ פּרטימדיקן סילאַבוס פאַר דעם לימוד יידיש. עס דאַרפן אויך זיין סילאַ־בוסן פאַר אַלע אַנדערע לימודים פון דער פאָלקשול.

ב. פאַרשטיין יידיש אין אַזאַ פאַרנעם עס זאָל גרינג באַנעמען דאָס געלייענטע, דאָס פאַרגעלייענטע און דאָס דערציילטע וועגן ענינים וואָס זיינען אין די גרענעצן פון זייער אינטערעסן און וואָס זייער ווערטער־אוצר איז אַן ערך ביז 800־900 ווערטער.

ג. לייענען יידיש, זיך ניט פאַרהאַקנדיק אין מיטן וואָרט, אָבער בלויז אַזעלכע טעקסטן וואָס האָבן אַן ערך ביז 500־600 ווערטער.

ד. שרייבן יידיש, אַרויסברענגענדיק אַלע אותיות אויפן טאָוול אָדער אויף פּאַפּיר על־פּי דעם ריכטיקן אויסלייג, קענען ריכטיק אַראָפּשרייבן פון

---

דער קוריקולום איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אין יאָר 1953.

בוך אָדער פון טאָוול, קענען על־פּי זכרון אָנשרייבן קורצינקע לידעלעך וואָס מען האָט געלערנט אויף אויסנווייניק, קענען אָנשרייבן אייגענע זאַצן, וויסן ווי אויסצולייגן אַן ערך אַ דריטל פון דעם אַקטיוון וואָקאַ־בולאַר; לייגן אַכט אויף דעם ריכטיקן אָנשרייבן יעדן אות באַזונדער; איינלערנען צו ניצן די סוף־אותיות; ריכטיק אָנשרייבן די דיפטאָנגען און דעם אַלף אַנהייב וואָרט.

ה. קענען אויף אויסנווייניק אַן ערך 20 קליינע פיר־שורהדיקע און אַכט־שורהדיקע לידעלעך, וואָס זייער ווערטער־באַשטאַנד דאַרף ניט אַריבער־שפּרייזן די גרענעצן פון דעם איינגעשטעלטן וואָקאַבולאַר פאַר דעם ערשטן לערניאָר; (ביישפּילן פון לידעלעך צום זינגען: „אַ געבורטסטאָג־ליד״, „האָט דער טאַטע פון יאַרידל מיר געבראַכט אַ נייע פידל״, „איינס און צוויי און דריי״, די גרינגע יום־טוב־לידעלעך און אַנדערע).
הערה: מען קען אַ גרויסע צאָל לידעלעך צו זינגען און צו זאָגן אויף אויסנווייניק געפינען אין „פּעד. בול.״ נומערן 55, 56, 58 און אין גויכבערגס „די גילדענע פּאַווע״.

ו. מעשיות פון חומש: די מעשיות וועגן די אָבות, וועגן יוספן און זיינע ברידער, וועגן שקלאַפעריי אין מצרים, וועגן משהן און יציאת מצרים, וועגן וואַנדערן אין מדבר ביז משהס טויט; איינאיינעם מיט די מעשיות פון חומש דערציילן שיינע אגדות וועגן די זעלביקע העלדן און געשעע־נישן; (דוגמאות פון מדרשים: ווי אַזוי אברהם נעמט אויף געסט; אַ פּאָר ביישפּילן פון דער שלעכטסקייט אין סדום; ווי דער קליינער משה האָט זיך אויפגעפירט אין פּרעהס פּאַלאַץ; משה דער גוטער פּאַסטעך; ווי משה און אהרן קומען פאַר פּרעהן; מרימס קוואַל; משה אויפן באַרג סיני און אַנדערע).

ז. איבערדערציילן די קינדער־מעשיות פון „יינגעלע רינגעלע״; לעאָן על־בעס „מעשיות פאַר קינדער״; כאַוער־פּאַווערס מעשהלעך; ליטמאַנס „פּעטער שמחהס שפּאַסערייען״; איבערדערציילן פון תשרקס „מעשיות און לעגענדעס״ און אַנדערע פּאַסיקע מעשיות פון אַלטן יידישן קוואַל.

ח. פּייערן יידישע יום־טובים דורכן באַקענען די קינדער מיט דער קורצער געשיכטע און מיט די וויכטיקסטע מאָמענטן פון יעדן יום־טוב און דורכן דורכפירן אין דער שול פּאַסיקע פייערונגען; דורך די יום־טובים באַקענען מיט די וויכטיקסטע יידישע מנהגים.

## אין דעם צווייטן לערניאָר:

צום סוף פון צווייטן לערניאָר דאַרף דער תּלמיד קענען:

א. רעדן יידיש: צו זיין אין שטאַנד איבערצודערציילן אָדער צו דערציילן וועגן ענינים, וואָס גייען אַריין אין קרייז פון זיינע אינטערעסן און אין

גבול פון זיין באַנעמען און וואָס מען האָט וועגן זיי געלייענט און גע־שמועסט — אין אַ געבונדענער פאָרעם, אין דריי־פיר־פינף זאַצן, וואָס זאָלן אַנטהאַלטן פון דרייסיק ביז פופציק ווערטער; (חוץ די טעמעס פאַר שמועסן וואָס זיינען אָנגעצייכנט פאַר דעם ערשטן לערניאָר און וואָס מען דאַרף זיי איצט אויסברייטערן און פאַרטיפן, קענען דאָ נאָך צוקומען אַן ערך אַזעלכע טעמעס: ווי מען פאַרברענגט די צייט; וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס; פאַרשיידענע בריוו; וועגן גוטע מענטשן און שיינע מעשים; וועגן געזונט, וועגן די צייטן פון יאָר און די יום־טובים אאַז״וו. גענויע רשימות פון טעמעס און שמועסן קען מען געפינען אין דעם פּראָיעקט פון אַ פּראָגראַם פאַר יידיש, צונויפגעשטעלט פון יודל מאַרק אין 1939, אין „פּעד. בול.״ נומער 104).

ב. פאַרשטיין יידיש: דאָס הייסט באַנעמען וואָס עס לייענט, וואָס עס ווערט פאָרגעלייענט, אָדער וואָס עס הערט דערציילן אָדער שמועסן, בתנאי אַז דער ווערטער־אוצר זאָל ניט אַריבערשטייגן אַן ערך 1300־1500 ווערטער, וואָס נעמען אַריין אין זייער צאָל די אַלע ווערטער פון ערשטן לערניאָר.

ג. לייענען יידיש ביז פולקומען באַהערשן די לייען־טעכניק אין די ראַמען פון פריערדיקן פונקט. לייענען אַזוי אַז אַ צווייטער זאָל קענען גרינג פאַרשטיין, ניט אַריינקוקנדיק אין דעם געלייענטן טעקסט; לייענען זיך ניט פאַרהאַקנדיק, מיט די נאַטירלעכע פּאַוזעס און דערביי קאָרעקט אַרויס־רעדן דעם ריש, דעם כף, דעם למד און אַנדערע יידישע קלאַנגען.

ד. שרייבן יידיש: קענען לויט דער ריכטיקער שרייב־סיסטעם אָנשרייבן אַלע אותיות (אויך ח און ת); קענען ריכטיק פיקסירן אין שריפט די קאָמבינאַציעס טש, זש, נדז; קענען אויסלייגן אַן ערך 400־500 ווערטער, איינגעשלאָסן די וואָס גייען אַריין אין קורס פון קלאַס א; פון דעם יידישן אויסלייג לייגן מער אַכט ווי׳ פריער אויף דעם ר סוף וואָרט (פאָטער, מוטער, ברודער אאַז״וו), און אויף דער ענדונג ע אין אַזעלכע ווערטער ווי: דער טאַטע, דער זיידע; אויף אַ אין אַן; אויף דעם י אָנהייב וואָרט; אויף די ענדונגען עלע, עלעך; אויף אַ צאָל פאַרטראַפן; אויף די קאָמבי־נאַציעס טש (זיך גליטשן); זשע (זאָג זשע); דז (אונדז).

ה. קענען אויף אויסנווייניק נאָך אַ צען־צוועלף לידער, אויף צו זינגען אָדער דעקלאַמירן (למשל, „דער מאַמעס געבורטסטאָג״, „דער ליבער זומער איז אַוועק״, „דער ווינטער איז געקומען״, „גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן״, „האָב איך אַ פאָר אָקסן״, „שפּילן מיר אין קעסטעלעך״ און אַנדערע.

ו. צוגרייטן צום לימוד העברעאיש:

1. קענען אויסלייגן אַן ערך 75 ווערטער וואָס שטאַמען פון העברעאיש און וואָס געהערן צו די דריי קאַטעגאָריעס:

א) חומש און תנ״ך ווערטער, למשל: אברהם, יצחק, יעקב, משה אאַז״וו;

ב) יום־טוב־ווערטער, למשל: יום־טוב, חנוכה, פסח, סדר, משה אאַז״וו;

ג) די אָפטע העברעאיזמען וואָס מען טרעפט אין יידיש, למשל: אַ סך, מורא, אפשר, אמת אאַז״וו;

2. באַקענען מיט די נקודות, אויסניצנדיק דערביי נעמען און העברע־איזמען;

3. אויסלערנען עטלעכע העברעאישע לידעלעך, וואָס חזרן כסדר איבער די זעלביקע ווערטער, אָדער וואָס באַשטייען נאָר פון עטלעכע ווער־טער, למשל: „עם ישראל חי״, „רוח, רוח, רוח, רוח, מן העץ נפל תפוח״ און אַנדערע;

4. איינלערנען ווערטער און אויסדרוקן וואָס שטאַמען פון העברעאיש און וואָס האָבן צו טאָן מיט יום־טובים און מיט אַ צאָל גרונט־באַגריפן פון יידישן לעבן, למשל: צדקה, יושר, אליהו הנביא, ברכה, תורה און אַנדערע.

**ז.** מעשיות פון תנ״ך בשייכות מיט די יום־טובים און אַנדערע געלעגנהייטן, זיך דערמאָנען די מעשיות פון חומש וואָס גייען אַריין אין קורס פון קלאַס א; דערציילן מעשיות וועגן יהושע און וועגן איינבעמען כנען, וועגן די שופטים דבורה, גדעון און שמשון, וועגן שמואל הנביא, וועגן שאול, דוד און שלמה, צוגעבן צו די אגדות און לעגענדעס וואָס קענען פאַראינטערע־סירן און העלפן די דערציערישע צילן פון דער שול; (דוגמאות פון אגדות: דוד המלך און די שפּין, ווי שלמה קלייבט אויס חכמה, פאַרוואָס האָט דוד ניט געדאַרפט בויען דעם בית־המקדש, ווי אַזוי דער בית־המקדש איז געבויט געוואָרן). אין אַ געניוען סילאַבוס וועלן ווערן אויסגערעכנט אַלע מעשיות פון תנ״ך און פון מדרשים אַרום זיי, וואָס דאַרפן אַריינגיין אין דעם קורס.

**ח.** פייערן מיט די קינדער יידישע יום־טובים, פאַרטיפנדיק דערביי זייערע ידיעות וועגן די יום־טובים און וועגן די מנהגים וואָס זיינען מיט זיי פאַר־בונדן. אין דעם געניוען סילאַבוס וועט ווערן אָנגעוויזן וואָסערע מאָמענטן פון אַרום די יום־טובים קומען דאָ צו אין פאַרגלייך מיט דעם ערשטן לערניאָר, און שפּעטער אין דריטן לערניאָר לגבי דעם צווייטן אאַז״וו.

**ט.** איבערדערציילן די קינדער גרינגע און פאַסיקע מעשיות פון דער יידישער ליטעראַטור און פאָלקלאָר: „זיבן גוטע יאָר״, „דער קונצנמאַכער״, „דער אַרענדאַר״ און אַנדערע פון י. ל. פּרצן. פון שלום עליכמען — „די פאָן״,

„וועגן דער ל״ג־בעומר סעודה״ און נאָך פון דער סעריע „פאַר יידישע קינדער״. פון פאָלקלאָר — אַ צאָל אליהו הנביא מעשיות און שבת מעשיות (זען „פעד. בול.״ נומערן 42 און 46) ווי אויך פאָלקס־מעשיות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די יום־טובים. אין דעם פּרטימדיקן סילאַבוס וועלן אַלע מעשיות אויסגערעכנט ווערן.

י. אויב דער עלטער פון די קינדער דערלאָזט עס, אָנהייבן באַקענען זיי מיט דעם יידישן לעבן אין פאַרשיידענע לענדער, זיך אָפּשטעלנדיק באַזונדער אויף די רעזולטאַטן פון דער לעצטער מלחמה און דעם לעבן אין ישראל. די אַרבעט דאַרף ווערן דורכגעפירט זייער קאָנקרעט אין פאַרבינדונג מיט יום־טובים און געדענק־טעג, למשל: מיטן אָנצינדן ליכט אין אָנדענק פון זעקס מיליאָן אומגעקומענע, מיטן קריגן בלימעלעך פון ישראל ערב דעם יום־העצמאות אאַז״וו.

## אין דעם דריטן לערניאָר:

צום סוף פון דעם דריטן לערניאָר דאַרף מען קענען:

א. רעדן יידיש ביז אַזאַ מדרגה, דער תלמיד זאָל קענען איבערדערציילן דאָס געלייענטע אָדער געהערטע, אָדער אַליין דערציילן וועגן ענינים וואָס מען האָט וועגן זיי געלערנט אָדער געהערט רעדן אויף יידיש אין אַ געבונ־דענער פאָרעם; (חוץ די טעמעס פאַר שמועס, וואָס זיינען דערמאָנט אין די פריערדיקע לערניאָרן און וואָס ווערן איצט דורכגענומען ברייטער און טיפער, קענען דאָ נאָך צוקומען אַן ערך אַזעלכע ענינים: די שול — צו וואָס גיי איך אין דער שול, היימאַרבעט, לערער; די היים — דעם טאַטנס געשעפטן, דער מאַמעס באַשעפטיקונגען, זיידע־טאַטע־איך, דער יום־טוב אין דער היים; געשעענישן — די פריידיקסטע, די שרעקלעכסטע געשעענישן אין לעבן, אין טאָג פון וואַלן; צווישן מענטשן — אַ געטרייער פריינד, ווען מען איז אין כעס, פון וואָס מענטשן לעבן אויף דער וועלט; דאָס יידישע לעבן — מיר וואוינען צווישן יידן, מיינע יידישע חברים, אין יידישן טעאַטער, די קראָמען פאַר פסח, ווי זעט אויס אונדזער גאַס ווען עס קומט יום־כיפור אאַז״וו. מער פּרטים — אין דעם סילאַבוס).

ב. פאַרשטיין יידיש: תופס זיין געַנוי, פּינקטלעך דעם אינהאַלט פון געלייענטן אָדער געהערטן אין ראַמען פון אַ וואָקאַבולאַר פון אַן ערך 2,000 ווערטער.

ג. לייענען יידיש געלויפיק און פריי אין די גרענעצן פון פונקט ב; זיין ביכולת זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין יידישע טעקסטן, אויב זיי באַרירן ענינים וואָס מען האָט וועגן זיי געלערנט; לייענען זעלבשטענדיק דער־ציילונגען און גאַנצע ווערק, געשריבענע ספּעציעל פאַר קינדער.

ד. שרייבן יידיש אין ראַמען אַ ביסל גרעסערע ווי די וואָס זיינען אָנגעמערקט פאַרן רעדן (וועגן דער שול, דער היים, וועגן קליידונג און עסנוואַרג, וועגן געוויינטלעכע געשעענישן, וועגן פאַרברענגען די צייט, וועגן חברים, וועגן דער גאַס און דער שטאָט, וועגן פּשוטע פּאַסירונגען אין לעבן פון מענטשן, וועגן דעם אַרומיקן יידישן לעבן און איבערגעבן וואָס ער האָט געלערנט אָדער געלייענט אויף יידיש, פאַרשיידענע מינים בריוו). אַ קאָמפּאָזיציע סוף דריטן לערניאָר דאַרף שוין אַנטהאַלטן צווישן 70 און 100 ווערטער; דער אויסלייג דאַרף זיין פריי פון גרייזן; דער אויסלייג פון די ווערבן (די ענדונגס — סטו, ד און ט אין רעדט אאַז״וו, בט, גט, זט אין לעבט, זאָגט, ווייזט אאַז״וו); דער אויסלייג פון פּרעפיקסן און סופיקסן; די קירצונגען מ׳, ס׳.

ה. אָנהייבן סיסטעמאַטיש צו לערנען העברעאיש: לערנען אַ בוך וואָס האָט דעם ציל צוצוגרייטן צו פאַרשטיין גרינגע טעקסטן; אויסלייגן ריכטיק 150 העברעאיזמען; קענען די מערצאָל־ענדונגען — ים און ות, ה׳ הידיעה, ו׳ החיבור; די פּרעפיקסן ב, ל, מ; די גרינגסטע פאַלן פון כינוים; די דריטע פּערזאָן, איינצאָל פון עבר און דעם הוה; קענען מער־וויניק פריי לייענען מיט נקודות; קענען אויף העברעאיש אַ צאָל לידעלעך צו זינגען און קורצינקע פאָעמעלעך (למשל: ארצה עלינו, עמק, שבת המלכה, לשנה הבאה בירושלים, ברוך אלהינו, התקוה).

ו. חומש: לערנען „חומש פאַר קינדער״, אַריינברענגענדיק אַ צאָל באַגריפן און אויסדרוקן פון אָריגינאַל און אונטערשטרייכנדיק די אידיאָמען און אויסדרוקן פון חומש וואָס זיינען אַריין אין יידיש און האָבן זיך פאַרבונדן מיט דעם יידישן שטייגער; אָנהייבן פון אברהמען — ענדיקן מיט יוספס טויט.

ז. אָנהייבן אַ סיסטעמאַטישן קורס פון יידישער געשיכטע: ביים לערנען געשיכטע ווערט געניצט אַ ביאָגראַפישער צוגאַנג. געשיכטע אין דער פאָלקשול איז אַ סעריע מעשיות וועגן העלדן און וויכטיקע געשעענישן. אין דעם לערניאָר שטעלט מען זיך אָפּ אויף אַזעלכע פּונקטן: די אָבות, יידן אין מצרים, משה, יהושע, דבורה, גדעון, שמשון, שמואל, שאול, דוד, שלמה, די שפּאַלטונג פון דער מלוכה, אליהו, עמוס, דער סוף פון מלכות ישראל, ישעיהו, דער געפונענער ספר, ירמיהו, דער ערשטער חורבן, תשעה באָב, יידן אין בבל, יחזקאל, דניאל, שיבת ציון, עזרא און נחמיה, די סופרים, תנ״ך.

ח. פון פאָלקלאָר און ליטעראַטור: באַקענען די קינדער מיט עטלעכע מעשיות וועגן אליהו הנביא, וועגן שבת און יום־טובים (למשל: ר׳ אמנון, דער ניינטער טאָג פסח, דער פּורים פון סאַראַגאָסע אאַז״וו; דערציילן אַ פּאָר

מעשיות וועגן ל״וניקעס; פאַרלייענען אין אַ פאַרגרינגערטער רעדאַקציע, אָדער דערציילן פּרצעס: „דער אַרענדאַר״, „שרה בת-טובים״, „אַ דין־תורה מיטן ווינט״, „אויב נישט נאָך העכער״ אאַז״וו; שלום עליכמס: „דאָס מעסערל״, אַ פּאָר קאַפּיטלען פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס״ אאַז״וו, אויסניצן ווערק געשריבן ספּעציעל פאַר קינדער; סיסטעמאַטיש אויס־ניצן „קינדער־זשורנאַל״ און „קינדער־צייטונג״; לערנען אויף אויסנווייניק אַ צען לידער און פּאָעמעס, למשל: „העלפט מיר קינדער אונטער״, „דאָס וואָלקנדל״, „קינדער, מיר האָבן שמחת־תורה״, פּאָעמעס פון אברהם רייזען, יהואָש אאַז״וו).

ט. פּייערן אַלע יידישע יום־טובים אויף אַן אופן וואָס איז צוגעפּאַסט צום עלטער פון די קינדער, פּאַרטיפּנדיק זייערע קענטענישן וועגן מנהגים בשייכות מיט די יום־טובים און אויסניצן וואָס מען לערנט פון דער ליטעראַטור צו באַקענען מיט יידישע פּירונגען און לעבן־שטייגער.

י. פּירן שמועסן וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע, ישראל און אומעטום איבער דער וועלט, צופּאַסנדיק זיך צו די קענטענישן אוןאויפנעם־פעאי־קייטן פון די קינדער, און האָבנדיק אין זינען די אַלגעמיינע צילן פון דער דערציאונג אין די שלום עליכם שולן.

# אין דעם פערטן לערניאָר:

צום סוף פון דעם פערטן לערניאָר דאַרף מען קענען:

א. רעדן יידיש ביז אַזאַ מדרגה, דער תלמיד זאָל קענען איבערדערציילן וואָס ער האָט געלייענט אָדער געלערנט אין דער יידישער שול, אָדער געהערט דערציילן אויף יידיש, און ער זאָל קענען אין אַ געבונדענער פאָרעם זיך אויסדריקן אויף יידיש וועגן די ענינים וואָס ער האָט וועגן זיי געלייענט אָדער געלערנט אויף יידיש: (חוץ די טעמעס פאַר שמועס וואָס זיינען דערמאָנט אין די פריערדיקע לערניאָרן און וואָס ווערן איצט אויסגעברייטערט און פאַרטיפט, קענען אין פערטן לערניאָר צוקומען אַזעלכע ענינים: שול — וועגן יידישע שולן אין אַנדערע לענדער, וועגן פאַרשיידענע מינים יידישע דערציאונג; אַרבעט — די אַרבעט אין סוועט־שאַפּ, יוניאָנס, סטרייק, קינדער־אַרבעט, די וועלט האַלט זיך אויף אַרבעט; יידן — וועגן יידישע רעכט אומעטום, באַציאונגען צווישן יידן און ניט־יידן אאַז״וו; דאָס יידישע לעבן אַמאָל — וואָס דער זיידע דערציילט פון זיינע קינדער־יאָרן, אַ פּאַסירונג אין אַ יידיש שטעטל, אַן אַמאָליקע יידישע שמחה, אַ חתונה; דאָס יידישע קינד אַמאָל; דאָס איצטיקע יידישע לעבן — זען פּונקט י).

ב. פאַרשטיין יידיש: באַנעמען געגנוי און פּינקטלעך דעם אינהאַלט פון דעם וואָס מען לייענט אָדער מען הערט אין ראַמען פון אַ וואָקאַבולאַר אַן ערך ביז 3,000 ווערטער.

ג. לייענען יידיש געלויפיק און פריי אין גרענעצן פון פונקט ב; לייענען זעלבסטשטענדיק דערציילונגען און גאַנצע ווערק, געשריבענע ספּעציעל פאַר די קינדער.

ד. שרייבן יידיש וועגן די ענינים וואָס זיינען אָנגעמערקט פאַר דעם דריטן לערניאָר און אויך וועגן באַציאונגען צווישן מענטשן, וועגן אַרבעט און אַרבעטער, וועגן אָרעם און רייך, וועגן דעם יידישן לעבן איצט און אַמאָל, וועגן יידישן קינד אַמאָל, וועגן דעם אימיגראַנט אאַז״וו; פאַרפעסטיקן וואָס מען האָט אין די יינגערע קלאַסן געלערנט פון יידישן אויסלייג; זיך מערקן די אַלצאיינע אותיות אין אַזעלכע ווערטער ווי: אָננעמען, איבער־רייסן אאַז״וו; פשוטסטע כללים וועגן אויסלייגן העברעאיזמען.

ה. העברעאיש: ניצן אַ לערנבוך וואָס זאָל העלפן צוגרייטן צו פאַרשטיין גרינגע טעקסטן; קענען בייגן ווערבן אין הוה און אין עבר; איינלערנען די סיסטעם הכנוים; אויסלייגן ריכטיק לכל־הפחות 200 העברעאיזמען (אין דער צאָל גייען אַריין די נייטיקע נעמען און באַגריפן פון געשיכטע, חומש, יום־טובים); לערנען אויף אויסנווייניק אַ צאָל לידער (למשל: מעוז צור, תורה לי, ישראל ואורייתא, הנה מה טוב ומה נעים, אָגיל ואשמח, אָבינו מלכנו אאַז״וו).

ו. חומש: לערנען „חומש פאַר קינדער" אויף דעם זעלביקן אופן ווי אין פריערדיקן לערניאָר; פאַרפעסטיקן דעם גאַנצן דערציילערישן מאַטעריאַל וואָס איז איבערגעבליבן פון פריער („די קינדער פון ישראל ווערן קנעכט אין מצרים", „די צען מכות", „די קינדער פון ישראל גייען אַרויס פון מצרים", „די קינדער פון ישראל ציען צום באַרג סיני", „מתן־תורה — די צען געבאָט" (די זייטן 125—176), „די קינדער פון ישראל וואַנדערן אין מדבר", „משהס לעצטע רייד און משהס טויט" (די זייטן 198—255).

ז. יידישע געשיכטע: לערנען אויף דעם אופן ווי עס איז אָנגעמערקט געוואָרן אין דעם פריערדיקן לערניאָר. זיך אָפּשטעלן אויף די ווייטער־דיקע פונקטן, אָנהייבנדיק מיט אַ געוויסער איבערחזרונג:

1. שיבת ציון; 2. עזרא און די סופרים; 3. דער יום־טוב פורים; 4. אלכסנדר מוקדון און די יידן, שמעון הצדיק; 5. די איבערזעצונג פון די זיבעציק, יידן און גריכן; 6. דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים, דער יום־טוב חנוכה; 7. די דינאַסטיע חשמונאים; 8. דער סנהדרין, פרושים און צדוקים; 9. הלל און שמאי; 10. הורדוס און די רוימער; 11. די

אסיים, דער אויפקום פון קריסטנטום ; 12. דער צווייטער חורבן ; 13. יבנה און אירע חכמים ; 14. רבי עקיבא ; 15. דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא ; 16. רבי מאיר, רבי יהודה הנשיא, די משנה ; 17. יידן אין בבל, רב און שמואל ; 18. די שולן און דער תלמוד אין בבל ; 19. די מוכאַמעדאַנער און די יידן, בוסתנאי ; 20. סעדיה גאון ; 21. יידן קומען קיין שפּאַניע ; 22. חסדאי, די כוזרים ; 23. שמואל הנגיד ; 24. יהודה הלוי ; 25. דער רמב״ם ; 26 אינקוויזיציע, אנוסים ; 27. דאָן יצחק אברבנאל, גירוש שפּאַניע ; 28. קאָלומבוס און יידן ; 29. די ערשטע יידן אין אַמעריקע.

ח. פון פאָלקלאָר און ליטעראַטור: דערציילן אָדער פאָרלייענען פאָלקס־מעשיות וועגן תנאים, תלמידי־חכמים און העלדן פון יידישן גייסט (למשל: נחום איש־גמזו, ר׳ אליעזר בן הורקנוס, ר׳ שמעון בן יוחאי אאַז״וו); לערנען אַ צאָל פאָלקס־לידער (למשל: „דריי בעלי־מלאכות״, „דו מייד־עלע דו שיינס״, „מיט אַ נאָדל״, „אונטער אַ קלייןביימעלע״, „הער נאָר דו שיין מיידעלע״ אאַז״וו); לערנען פּאַסיקע דערציילונגען פון פרץ, שלום עליכם, אברהם רייזען אאַז״וו (למשל: „דער קונצנמאַכער״, „זיבן גוטע יאָרן״, „דער דין־תורה מיטן ווינט״, „דער אוצר״, „דער אָרענדאַר״, „אויב נישט נאָך העכער״, „חנוכה־געלט״, „אליהו הנביא״, „איך און דאָס קעלבל״, „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום״, „קוואַס״, „מיר פאַרפלייצן אַ וועלט מיט טינט״, „פאַרשפעטיקט״, „די נייע לאַטע״, „מיינע ערשטע האָנאָראַרן״, „דער דאָרפס־צדיק״). ביים לערנען ליטעראַטור האָבן אין זינען די טעמעס: די באַציאונגען צווישן יידן און ניט־יידן, יידישע העלדישקייט אין פאַרשיידענע צייטן, דאָס יידישע קינד אין פאַרשיידענע צייטן, דאָס לעבן פון דעם אימיגראַנט און דאָס איצטיקע יידישע לעבן אין אַמעריקע, אויפקום און אויפשטאַנד אין געטאָ, דער ווידעראויפבוי פון ארץ־ישראל און אויפקום פון מדינת ישראל. לערנען פון אויסנווייניק אַ פינף־זעקס לידער פון מאָריס ראָזענפעלד, יהואָש, רייזען אאַז״וו (למשל: „מיין ייִנגעלע״, „דער צויבערמאַן״, „זאָג מאַראַן״, „דער פרעמדער״, „זאָג ניט קיין מאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״).

ט. פייערן אַלע יידישע יום־טובים און געדענק־טעג וועלכע פאַרטיפנדיק דערביי די יידישע ידיעות פון די תלמידים; באַקענען די תלמידים מיט אַ צאָל גרונט־באַגריפן פון דעם טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן (פרטים אין סילאַבוס).

י. פירן שמועסן וועגן דעם איצטיקן לעבן פון יידן איבער דער וועלט, פון צייט צו צייט אויסניצנדיק אויסצוגן פון דער יידישער פרעסע; באַקענען מיט אַ צאָל יידישע אינסטיטוציעס אין אַמעריקע (פרטים אין סילאַבוס).

# אין דעם פינפטן לערניאָר:

פון אַ שלום עליכם פאָלקשול דאַרפן די תלמידים, ביים פאַרענדיקן, אַרויסטראָגן אַזעלכע קענטעניש אין יידיש:

א. רעדן יידיש וועגן אַלע ענינים פון טאָג־טעגלעכן לעבן און וועגן אַלע ענינים פון יידישן לעבן און פון דער געשיכטע וואָס מען האָט וועגן זיי געלערנט אָדער גערעדט אין שול; מען דאַרף קענען איבערדערציילן וואָס מען האָט געלייענט אָדער געהערט אויף יידיש; (ווי פאַסיקע טעמעס פאַר שמועסן אין פינפטן לערניאָר קומען אין באַטראַכט די ענינים וואָס זיינען אָנגעמערקט פאַרן פערטן לערניאָר, אָבער מיט מער פאַרטי־פונג און אויסברייטערונג); באַזונדער נייטיק איז צו פאַרבינדן דאָס לערנען געשיכטע מיט די סיסטעמאַטישע שמועסן צו באַרייכערן דאָס יידיש לשון פון די תלמידים. דאָס איצטיקע לעבן פון יידן איבער דער וועלט און יידישע אידייען זיינען די צוויי צענטערס פאַר שמועסן אין לערצטן לערניאָר פון דער פאָלקשול (פּרטים — אין סילאַבוס).

ב. פאַרשטיין יידיש ווען אַ צווייטער רעדט, אויב די ענינים זיינען בכלל אין גבול פון דעם תלמידס באַנעמען און האָבן ניט צו טאָן מיט ספּעציפישע ענינים.

ג. לייענען יידיש מיט לייכטקייט און פאַרשטענדעניש אין די גרענעצן פון אַ וואָקאַבולאַר אַן ערך ביז 4,000 ווערטער און פון די געביטן וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם וואָס מען האָט געלערנט אָדער געלייענט אין שול.

ד. שרייבן יידיש אין ראַמען פון די באַוואָרענישן וואָס זיינען געמאַכט ביים פונקט ב און פונקט ג, מיט אַ מער־וויניק קאָרעקטער גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפיע; (ביים לערנען אויסלייג אין פינפטן לערניאָר לייגן אַכט אויף: דעם איבערקלאַנג וי — יי, למשל: בוים — ביימער, פויגל — פייגעלע; דעם ע פאַר דער ענדונג — ן, למשל: דאַנקען, זינגען, האָרעווען; אויסלייג פון ניט־קאָמפּליצירטע צונויפהעפטן; די ענדונגען און די פאַרטראַפן; די וויכטיקסטע כללים וועגן אויסלייגן העברעאיזמען).

ה. העברעאיש: פאַרשטיין לייכטע טעקסטן און פאַרגרינגערטע שטעלן פון תנ״ך און מדרש; די עלעמענטאַרע ידיעות פון העברעאישער גראַמאַטיק, אָנגעוויזן אין די פריערדיקע לערניאָרן, און עתיד פון רעגלמעסיקע ווערבן; לערנען אַ צאָל פּסוקים און אויסדרוקן פון תנ״ך וואָס האָבן אַ באַזונדערן קולטור־היסטאָרישן ווערט; באַקענען מיט געקליבענע תפי־לות און מיט זייער סדר אין סידור. ביים פאַרענדיקן די פאָלקשול דאַרפן די תלמידים קענען אויסלייגן אַן ערך 300 העברעאיזמען (אין דער צאָל גייען אַריין די נייטיקע חומש־ווערטער, געשיכטע־באַגריפן און אויסדרוקן

וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיטן טראַדיציאָנעלן יידישן שטייגער). לערנען אויף אויסנווייניק אַ צאָל לידער (למשל: אדמה, ירושלים, שירו לה׳, בשום ה׳, מי יבנה, שושנת יעקב, אין כאלהינו אאַז״וו).

ו. חומש: פֿאַרענדיקן „חומש פֿאַר קינדער״, די געזעצן און דינים (זייטן 177—197), וועגן וועלט־באַשאַף און מבול (ביז זייט 19).

ז. יידישע געשיכטע: ביים לערנען יידישע געשיכטע, שטענדיק אונטערשטרייכן יידישע העלדישקייט, קאַמף פֿאַרן קיום, יידישן צושטייער צו דער וועלט און דעם דראַנג צו אַ זעלבשטענדיק לעבן אומעטום; מען דאַרף אַרויסהייבן קידוש־השם און ווידערשטאַנד קעגן שונאים.
אין פֿינפֿטן לערניאָר נעמט מען דורך דעם גאַנצן מזרח־אייראָפּעאישן פּעריאָד פֿון יידישער געשיכטע און מען שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אויף די געשעענישן פֿון דער גייסטער יידישער געשיכטע. מען קען איינטיילן דעם קורס אויף אַזעלכע פּונקטן:
1. אשכנזים און ספרדים, רבינו גרשום; 2. רש״י; 3. די קרייצוגן; 4. רבי יהודה חסיד, דער שוואַרצער טויט, גירושים; 5. אונטערן חסד פֿון קיניגן און פֿירשטן, רבי מאיר פֿון ראָטנבערג; 6. בלוט־בלבולים, דער מהר״ל פֿון פּראָג; 7. דער אויפֿקום פֿון יידיש, „פֿון וואָרמס, פֿון מיינץ און פֿון שפּייער, דורך פּראָג און לובלין ביז אָדעס״...; 8. דוד הראובני און שלמה מולכו; 9. ווי יידן קומען קיין פּוילן, דער רמ״א; 10. די גזירות ת״ח ות״ט; 11. שבתי צבי; 12. יידן אין אַמסטערדאַם, מנשה בן ישראל, יידן קומען קיין ענגלאַנד; 13. משה מענדעלסאָן; 14. גלייכע רעכט פֿאַר יידן דורך דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, און קאַמף פֿאַר גלייכע רעכט אין פֿאַרלויף פֿון 150 יאָר; 15. דער בעל־שם־טוב, רבי לוי־יצחק באַרדיטשעווער, דער ווילנער גאון; די ערשטע יידן אין ניי־אַמסטערדאַם און אין ניו־פּאָרט; 17. יידן אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, חיים סאָלאָמאָן, מרדכי עמנואל נח; 18. יידן אין רוסלאַנד, די קאַפּערס, דער תחום; 19. משה מאָנטעפֿיאָרע; 20. פּאָגראָמען אויף יידן אין רוסלאַנד, ביל״ו; 21. דער דרייפֿוס־פּראָצעס; ד״ר הערצל, די ציוניסטישע קאָנגרעסן; 22. די גרויסע אימיגראַציע פֿון מזרח־אייראָפּע קיין אַמעריקע, עמאַ לאַזאַרוס; 23. דער גרינער און דער סוועט־שאַפּ, דער פּעדלער; 24. ווי יידן העלפֿן בויען אַמעריקע, די יוניאָנס, אַרויס פֿון דעם סוועט־שאַפּ; 25. די זעקס מיליאָן יידן אין רוסלאַנד פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, יידישע רעוואָלוציאָנערן, י. ל. פּרץ און די יידישע קולטור־באַוועגונג; 26. יידן אין אַמעריקע העלפֿן זייערע ברידער, מאַרשאַל און בראַנדייס; 27. יידישע צייטונגען און יידישע שולן, אייב קאַהאַן און ד״ר חיים זשיטלאָווסקי; 28. די באַלפֿור־דעקלאַראַציע, ארץ־ישראל אונטערן מאַנדאַט, חיים ווייצמאַן; 29. ח. נ. ביאַליק, העברעאיש און ישראל,

חלוצים און קיבוצים; 30. ווי אַזוי יידן פון מזרח־אייראָפּע האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט; 31. יידן אין פּוילן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה; 32. חורבן היטלער, די זעקס מיליאָן קדושים, אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, יידישע פּאַרטיזאַנען; 33. דאָס ווייסע פּאַפּיר, די פּליטים־לאַגערן, דער באַשלוס פון די פאַראייניקטע פעלקער; 34. די פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, די מלחמה פאַר זעלבסטשטענדיקייט, בן־גוריון, דער שטראָם קיין ארץ־ישראל; 35. דאָס יידישע לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד; 36. דאָס איצטיקע יידישע לעבן אין אַמעריקע, איינשטיין.

ח. פון פאָלקלאָר און ליטעראַטור: ווייטער באַקענען מיט אַ צאָל פאָלקס־מעשיות, פאָלקס־לידער (למשל: „אַ ניגונדל״, „וואָס זשע ווילסטו״, „לאָמיר זיך איבערבעטן״, „לייג איך מיר מיין קעפּעלע״, „דו וועסט זיין אַ גביר מיין זשאַמעלע״) און פאָלקסטימלעכע לידער (למשל: „רעגנדל״, „טייערע מלכה״, „דאָס ליד פון ברויט״ אאַז״וו); לערנען אויף אויסנווייניק 6־5 לידער פון גרויסע יידישע פּאָעטן (למשל: „דאָס ליד פון אַרבעט״, „אונדזער חלום״, „די יידישע שיף״, „און זאָל ווי ווייט נאָך זיין די צייט״ אאַז״וו); לערנען פּאַסיקע דערציילונגען פון פּרץ, שלום עליכם, אברהם רייזען אאַז״וו (למשל: „דריי מתנות״, „ביים גוסס צוקאָפּנס״, „שרה בת־טובים״, „דאָס מעסערל״, „פּורים צו דער סעודה״, „בערל אייזיקס״, „אין שאָפּ״, און „מיר סטרייקן״, „רייזעלע״, „צוויי ברידערלעך״, „אַ יידיש מיידעלע פון יאָר תש״ב״); אויסניצן ליטעראַרישע יובלען און אַנדערע וויכטיקע דאַטעס צו באַקענען מיט דעם לעבן פון די גרעסטע יידישע שרייבער; צוגעוואוינען אַליין צו לייענען דערציילונגען; סיסטעמאַטיש אָפּגעבן לייען־באַריכטן.

ט. פייערן אַלע יידישע יום־טובים, פּאַרטיפּנדיק דערביי די יידישע ידיעות פון די תלמידים. ביים פאַרענדיקן די עלעמענטאַרע שול, דאַרפן די תלמידים זיין באַקאַנט מיט די גרונט־באַגריפן, טערמינען און אויסדרוקן וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן (פּרטים אין סילאַבוס).

י. אויסניצן די יידישע פּרעסע, פירן סיסטעמאַטיש שמועסן וועגן דעם איצטיקן לעבן פון יידן איבער דער וועלט. ביים פירן די שמועסן האָבן אין זינען די צילן וואָס די שולן שטעלן זיך, האָבן אין זינען צוצוגרייטן צום אַקטיוון אָנטייל אין יידישן לעבן.

אַלגעמיינע באַמערקונג: ניט אַלע פּונקטן ווערן אָנגעגעבן מיט די ביייטיקסטע פּרטים. אַלץ וואָס איז דאָ ניט דערזאָגט אָדער בלויז אָנגעדייט דאַרף ווערן אויסגעאַרבעט מיט אַלע פּרטים אין די סילאַבוסן פאַר יידיש, העברעאיש אאַז״וו.

# דעקלאַראַציע פון ש"ע פאָלק אינסטיטוט

אָנגענומען ביים יערלעכן באַנקעט, דעם 11טן דעצעמבער, 1949

מיר לעבן אין אַ צייט, ווען אין די לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט איז געוואָרן טיפער און טראַגישער דער גוראַל פאַרן קיום פון אונדזער פאָלק. אין אַזאַ צייט דאַרף זיך הערן שטאַרקער און אָנזען בולטער יעדער בויענדיקער יידישער כוח. דאָס איז ניט קיין צייט פון שוויגן און וואַרטן. דאָס איז אַ צייט פון אויפקלייבן יעדעס ביסל אָפּענע און פאַרבאַהאַלטענע יידישע ענערגיע, און מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פון דער נשמה דינען אונדזער פאָלק אינעם קאַמף פאַר אונדזער קיום. דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט נעמט אויף דעם דאָזיקן רוף און ענטפערט:

מיר האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן, וואָס האָט אומגעבראַכט אַזוי פיל פון אונדזער פיזישער און גייסטיקער עשירות. עס האָט אונדז דורכגענומען דער אויפקום פון מדינת ישראל; דאַרפן מיר דעם טרויער פון דער אומגעקומענער מזרח־איראָפּע און די פרייד פון דער אויפגעקומענער מדינת ישראל פאַרוואַנדלען אין אַ לעבעדיקן כוח צו באַנייען און לייטערן דעם גייסט פון דער יידישער קולטור וואָס אַנטוויקלט זיך דאָ, און דער יידישער שול וואָס מיר בויען דאָ.

עס לעבט נאָך און עס ווירקט נאָך דאָס אַלטע לשון־קודש. עס לעבט שוין און עס בליט דאָס נייע העברעאיש.ביידע זיינען אונדז טייער. מיר זיינען געקניפּט און געבונדן מיטן לעבעדיקן יידיש, און פון דער שפּראַך פון די לעצטע דרייסיק דורות הויכט אויף אונדז די הייליקייט פון די מיליאָנען אומגעקומענע. דאַרף דער דאָזיקער גייסט אָנפילן די שלום עליכם פאָלקשול און דורכנעמען די הערצער פון אונדזערע קינדער.

די ערשטע פונדאַמענטאַלסטע פונקציע פון אונדזער דערציאונג איז דער ווייטערדיקער קיום פון יידישן פאָלק. כדי דאָס צו דערגרייכן איז נייטיק, אַז אויך די יידישע היים זאָל באמת זיין אַ יידישע היים. רופן מיר דעריבער אַלע אונדזערע עלטערן, און יידישע עלטערן בכלל, ברענגט אַריין וואָס מער יידישן אינהאַלט אינעם היים־לעבן. זאָל דאָס יידישע בוך און דאָס יידישע ליד זיין אַן אָפטער גאַסט ביי אייך. זאָל דער יידישער יום־טוב און די יידישע פייערלעכע געלעגנהייט באַשאַפן די לופט, וואָס אייער קינד זאָל אין זיך איינזאַפּן אין די צאַרטע יאָרן פון זיין לעבן.

מיר זעען אין דער יידישער אמונה דעם גוואַלדיקן כוח, וואָס איז געווען אַ קוואַל פון טרייסט און שטאַרקונג פאַר דעם יחיד און אַ פאַנצער פאַר דעם יידישן פאָלק במשך פון אונדזער לאַנגער געשיכטע. ווי אַן אָרגאַניזאַציע זיינען מיר פריי פון יעדער רעליגיעזער דאָגמע און לאָזן איבער פאַר יעטוועדן מיטגליד זיין אייגענע איינשטעלונג בנוגע דער יידישער אמונה.

אין מאָדערנער יידישער געשיכטע האָט די אַרומיקע וועלט מיט אַלע אירע אַנטי־יידישע עלעמענטן פון צעשטערונג געפונען איר שטאַרקסטן ווידערשטאַנד אינעם פעלזיקן גייסט, וואָס דאָס יידישע מזרח־אייראָפּע האָט אויסגעשמידט. דער מזרח־אייראָפּעאישער גייסט איז ניט געאָגראַפיש באַ־גרענעצט. אויך דאָ אין אַמעריקע האָט ער אונדז באַגלייט און באַלויכטן אויף אַלע אונדזערע יידישע וועגן. די שלום עליכם שול איז דורכגעדרונגען מיט יידישן פּאַטאָס פון וואַרשע און לובלין, פון ווילנע און קאָוונע.

מיר, פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם דאָזיקן טיפן געפיל, וואָס פירט אונדז און ווייזט אונדז דעם וועג. האָבן מיר געבויט שולן און מיר פילן, אַז דורך זיי ווערט דער קיום פון אונדזער פאָלק געשטאַרקט. רופן מיר צו אַלע יידן: העלפט אונדז בויען דאָס גרויסע ווערק פון דער יידישער שול, פאַר זיך, פאַר אונדזערע קינדער, פאַר אונדזערע קינדס־קינדער.

# די צילן פון יידישע געשיכטע־לימוד

## פון שואל גוטמאַן

דער ערשטער, עיקרדיקסטער ציל פון יידישער דערציאונג איז צו גע־ווינען דעם תלמידס לאָיאַליטעט צו אונדזער פאָלק; צו פאַרקניפּן אים אַזוי אינטים מיט אונדזער גורל אַז ער זאָל זיין באַזאָרגט וועגן אונדזער היינט און אונדזער מאָרגן. אַלע לימודים אין אונדזער שול — יידיש, העברעאיש, ליטע־ראַטור, תנ״ך, שבת־ און יום־טוב־פייערונגען — צילן, פאַרשטייט זיך, ביודעים ובלא יודעים, צו פאַרבינדן דעם יחיד מיטן כלל־ישראל. אויב דאָס איז חל אויף די אַלע אויסגערעכנטע לימודים, איז דאָך יידישע געשיכטע, אין פלוג, אפשר דער לייכטסטער און זיכערסטער מיטל פאַר דעם צוועק. וואָרעם דאָ האָבן מיר אַזאַ זעלטן רייכן און איינדרוקספולן פּאַנטעאָן פון העלדן, נביאים, פּאַרכאַפּנדיקע פּערזענלעכקייטן וואָס זיינען עלול צו אינספּי־רירן די יוגנט און זי צובינדן צום אייגענעם פאָלק!

און דאָך ליוועט אונדז דאָס לעבן אַזוי פיל קעגנבאַווייזן וואָס מוזן צעטרייסלען אונדזער זיכערקייט. צווישן די אַלע אָפּגעפרעמדטע יידישע אינ־טעלעקטואַלן וואָס ווילן נישט „היטן דעם אייגענעם ווייגאָרטן״ געפינען זיך אויך אַזעלכע וואָס האָבן געלערנט יידישע געשיכטע, און דאָך פרעגן זיי ווי דער רשע אין דער הגדה: מה העבודה הזאת לכם? מיט אַ קורצער צייט צוריק, למשל, האָט אַ רעצענזענט איבער יעקב אייגוסעס צוויי בענדער: „דער זין פון דער יידישער געשיכטע״ באַוויזן אַז ער האָט געלערנט און קען אונ־דזער היסטאָריע, און דאָך פרעגט ער: אויב גייסטיקער הומאַניזם איז דער זינען פון דער יידישער געשיכטע, טאָ צו וואָס דאַרף מען אויפהאַלטן אַ באַזונדער פאָלק ישראל? די אוניטאַריער ווילן אויך דאָס זעלביקע. הייסט עס, אַז וויסן יידישע געשיכטע האָט אין אים נישט פאַרפלאַנצט קיין געפיל אַז דאָס איז זיין געשיכטע. און טאָמער איז די ראיה נישט געגוג, וועלן מיר אייך דערמאָנען אין אַ צווייטער דערשיינונג וואָס באַשטעטיקט ווידעראַמאָל אַז ס׳איז נישטאָ קיין גאַראַנטיע אַז וויסן איז מחייב באַציאונג, אידענטיפי־קאַציע, איבערגעגעבנקייט! אַ סימן — די ישראלדיקע יוגנט.

ווי באַקאַנט, האַלטן אַ ריי ישראלדיקע דערציער אַז דער יידישער חינוך אין מדינת־ישראל האָט ניט באַוויזן צו פאַרפלאַנצן ביי אַ סך פון דער דאָר־טיקער יוגנט קיין אהבת־ישראל. און דאָרט לערנט מען דאָך נישט בלויז

די יידישע געשיכטע, — נאָר מען לעבט און מען אָטעמט זי! אוודאי ווייס איך און געדענק אַז דאָ האָט געשפּילט אַ ראָלע די אידעאָלאָגיע פון שלילת־הגלות, און די ספּעציפישע באַדינגונגען אין וועלכע דער ישוב האָט געלעבט פאַרן אויפקום פון דער מדינה. אָבער אַפילו ווען מיר ווייסן די אַלע שוועריי־קייטן — בלייבט נאָך אַלץ אַ רעטעניש צי ס׳איז דאָ אַ זיכערער מעטאָד, אַן אַבסאָלוטע גאַראַנטיע, אַז דער לימוד יידישע געשיכטע וועט שאַפן אַ שטענ־דיקן קנופּ צווישן יידישן תלמיד און יידישן פאָלק.

מיר דאַכט זיך אַז דער אַמעריקאַנער יידישער דערציער קען פון די געבראַכטע ראיות אָפּלערנען עטלעכע זאַכן. פאַר אַ היינטיקן ייד וואָס לעבט אין אַ לאַנד פון פרייהייט, וואו מען קען זיך אַסימילירן בנשיקה און וואָס האָט נישט קיין אמונה אין אונדזער איסדערוויילטקייט — פאַר אַ וועלטלעכן ייד איז שווערער איבערצוגעבן אונדזער גייסטיקע ירושה צו די קומענדיקע דורות איידער פאַר אַ באמת־פרומען ייד. פאַר יידישע הומאַניסטן, פאַר ווערמען עס גילט נישט די אידייע פון עם הנבחר, און פאַר ווערמען עס זיינען נישטאָ קיין ספּעציפיש־יידישע ווערטן, נאָר אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן מיט אַ יידישער באַפאַרבונג — פאַר אַזעלכע יידן איז שווערער אויפצוהאַלטן יידיש־קייט, ווי עס איז געווען פאַר אונדזערע טאַטעס. והשנית, אויף ריינער לאָגיק, אויף בלויז אינטעלעקטועלע מאָמענטן און ראַציאָנאַלע אַרגומענטן קען מען נישט פאַרקניפּן די יונגע דורות מיט אונדזער אומה. דאָ, דאַכט מיר, מוז דער יידישער לערער אויסניצן זיין גאַנצן פּעדאַגאָגישן טאַלאַנט צו פאַרפלאַנצן אין תלמיד אַן אהבה שאינה תלויה בדבר; אַז עם ישראל זאָל ווערן פאַר אונדזערע קינדער ווי אַ מאַמע, וואָס ווערט נישט געמאָסטן מיט אָביעקטיווע קריטעריעס, נאָר ווערמען איך האָב ליב אַפילו ווען זי איז נישט די שענסטע און די קליגסטע פון פרויען — ווייל זי איז מיין מאַמע און איר לעבן שפּיגלט זיך אָפּ אין מיין לעבן, און איז משפּיע אויף מיין לעבן. פּונקט אַזוי דאַרף זיין די שייכות צום יידישן פאָלק.

הייסט עס אַז אויב מיר ווילן דורך דער יידישער געשיכטע פאַנגען, פאַרכישופן קינדערשע הערצער, מאַכן אַז זיי זאָלן זיך פאַרליבן אין אונדזער פאָלק, אין זיינע חכמים און פּאָעטן — דעמאָלט ווילן מיר האָבן דערגרייכט דעם עיקר־ציל וואָס מיר שטעלן זיך מיט דעם לימוד. און אויב דער לערער קען אינספּירירן און אינטערעסאַנט פאַרטייטשן, און אַקטואַליזירן די סאַגאַ פון אונדזער געשיכטע — דעמאָלט איז טאַקע דער לימוד דער לייכטסטער מיטל אויף צו פאַרפלאַנצן אהבת־ישראל.

אָבער כדי קלוגע, איבערגעשפּיצטע יידישע קינדער — און גאַנץ אָפּט „מוח־געוואַשענע" („ברעין־וואַשד" בלעז) פון דער נישט־יידישער סביבה — זאָלן זיך אַזוי פאַרליבן אין אונדזער געשיכטע אַז זיי זאָלן אויף אייביק ווערן צוגעבונדן צו אונדזער פאָלק, זיין לעבן און זיינע זאָרגן, דאַרף דער לערער געדענקען אַ ריי גרונט־זאַכן. בלויז אויף עטלעכע וויל איך דאָ אָנווייזן:

א) מיר לעבן אין די תפוצות אין אַ קריסטלעכער וועלט, וואו די קינדער זיינען אויסגעשטעלט צו שטענדיקער אַנטי־יידישער אינדאָקטריני־רונג, וואָס זיי זאַפּן איין נישט וויסנדיק אַפילו אַז דאָס איז פאַלש, איינזייטיק, אַנטי־יידיש. די תלמידים אין די העכערע קלאַסן פון פאָלקשול, למשל, האָבן שוין געהערט אַז יידן האָבן „פאַרענדיקט זייער מיסיע" מיטן קומען פון קריסטלעכן משיח, אַז די יידישע עטיק איז אַן „עגאָאיסטישע", בעת די קריסט־לעכע איז אַן אַלטרואיסטישע, און נאָך און נאָך אַזעלכע האַלב־אמתן און גאַנצע ליגנס. דער לערער פון יידישער געשיכטע טאָר נישט זיין דאָגמאַטיש און אָפּשטופּן קינדערשע ספקות וועגן ענינים וואָס זיינען ביי אונדז שוין טרואיזמען. ער דאַרף זיין גרייט אויפצונעמען יעדע קשיה און פראַגע און זי דיסקוטירן געדולדיק. דירעקטע פּראָפּאַגאַנדע טויג נישט — עס ווירקט ווי אַ בומעראַנג, פונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג. דער לערער טאָר זיך לפי־דעתי נישט שרעקן, ווען אַ תלמיד געפעלט נישט דער אויפפיר, די האַנדלונג פון אַ גרויסער יידיש־געשיכטלעכער פערזענלעכקייט; פאַרקערט — דער לערער זאָל דערמוטיקן תלמידים זיך פריי אויסצודריקן וועגן נעגאַטיווע דערשיינונגען אין עבר און הווה, און דיסקוטירן אָדער דעבאַטירן אַזעלכע ענינים. למשל: די האַנדלונגען פון ירמיהו און ר' יוחנן בן זכאי אין דער צייט פון ערשטן און צווייטן חורבן דאַרפן דעבאַטירט ווערן פאַר און קעגן. עס מוז נישט זיין קיין איינשטימיקייט בנוגע זייער אויפפיר.

ב) דער לערער דאַרף נישט אַרויסשטעלן יעדע גרויסע פערזענלעכקייט וואָס איז פאַרהייליקט אין אונדזער געשיכטע ווי אַן אומבאַפלעקטן מלאך. דאָס איז חל אויף משה רבינו, אויף דוד המלך, אויף אליהון און אויף אַ סך אַנדערע. פאַרקערט: נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון תנ"ך און מדרש, וואָס מאָלן נישט די העלדן מעלאָדראַמאַטיש, אין שוואַרץ־און־ווייס־קאָלירן, נאָר גיבן איבער אי ליכט, אי שאָטן — וועט דער לערער גיכער איבערצייגן די תלמידים אין דער מענטשלעכער גרויסקייט פון אַלע אונדזערע גייסטיקע ריזן.

פונקט אַזוי מעג דער לערער אַריינטראָגן אַ נייעם קנייטש, אַן אַנדער אינטערפּרעטאַציע בנוגע געוויסע באַוועגונגען, ווי עס גיבן די אָקצעפּטירטע היסטאָריקער אָדער אונדזערע טעקסטביכער אין געשיכטע. למשל: אונדזער נעגאַטיווע שטעלונג צו די מתנגדים איז לפי־דעתי עקסטרעם־איינזייטיק. מיר האָבן זעלטן ווען זיך אָפּגעשטעלט אויף די געפאַרן וואָס זיינען געלעגן אין חסידיזם וואָס האָט מוותר געווען אויף דער שטרענגער אָפּהיטונג פון דער הלכה. דער ווילנער גאון — וואָס האָט זיך געשראָקן פאַר דער אָפּשוואַכונג פון דער באַציאָנאַלער דיסציפּלין, דער הלכה, און פון לומדות — האָט אין אונדזערע קרייזן גאָר אַ שוואַכע מערבה.

ג) יעדער דור, יעדע נייע ווירקלעכקייט האָט אַ רעכט צו רעווידירן, צו פאָרמולירן אַ נייעם קוק אויף געוויסע עפּאָכעס און דערשיינונגען אין דער

יידישער געשיכטע. אַזוי למשל דיסקוטירן איצט ישראל־היסטאָריקער וועגן אַ נייעם אופן באַנעמען די יידישע גלות־געשיכטע. די עקסטרעמע שוללי־הגלות טענהן, למשל, אַז דובנאָווס היסטאָריאָסאָפיע האָט געליטן פון אַ „נאַאיוון אָפּטימיזם" אַז ס'איז מעגלעך אַ קאָ־עקזיסטענץ צווישן יידישן פאָלק און די גוים אין די גלות־לענדער. זיי מיינען אויך אַז אַ רעווידירטער קוק אויף דער יידישער געשיכטע פאָדערט אַ רעהאַביליטאַציע פון די פאַלשע משיחים וואָס זיינען געווען די ערשטע שאָסן אין קאַמף פאַר אַן אייגענער מדינה. זיי זעען פּאָזיטיווע מאָמענטן נישט נאָר אין די דורכגעפאַלענע פּלענער פון דוד ראובני, נאָר אַפילו אין דער פראַנקיסטישער באַוועגונג.

אַפילו ווען מיר נעמען נישט אָן די אָדער יענע „רעוויזיע", מוז מען צוגעבן אַז עס זיינען נייטיק — ווי איך האָב פריער אָנגעוואונקען — נייע אַקצענטירונגען. מיר האָבן איצט נישט יענע נעגאַטיווע באַציאונגען צו רעפאָרם־יידן (יאַהודים) וואָס יידיש־יידן האָבן געהאַט אין אָנהייב 20סטן י"ה ביים אָנהייב פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַציע קיין אַמעריקע. די רעפאָרם־יידן האָבן זיך רעפאָרמירט און מיר — וועלטלעכע יידן — זיינען „רעפאָרם־יידן" וואָס קאָנצענטרירן זיך אויף אומה אָנשטאָט אמונה.

שוין אין לעצטע קלאַסן פון פאָלקשול דאַרפן מיר זיך מיען אַז עס זאָלן אַריינדרינגען אַ ריי גרונט־קאָנצעפּציעס אין די מוחות פון די תלמידים — ביים אָפּשלוס פון דער בבלישער תקופה, למשל, אַז מיר זיינען אַן אייגנאַרטיק פאָלק און דאָס מאַכט אונדז ווערטפול פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, ווי דובנאָוו האָט אָנגעוויזן.

ס'איז נישט גענוג אַרויסצולאָזן די קינדער פון פאָלקשול אין עלטער פון 12־13 יאָר בלויז מיט לעגענדעס און ביאָגראַפישע מאָמענטן אין לעבן פון די היסטאָרישע פערזענלעכקייטן. מיר דאַרפן אונטערשטרייכן עטלעכע תוכיקע אידייען וואָס זיינען אין צענטער פון אונדזער נאַציאָנאַל־קולטורעלער יידישקייט. למשל, די קאָנצעפּציע נצח־ישראל: מיר האָבן באַוויזן אויפצו־האַלטן אונדזער נשמה, אונדזער קולטור אונטער אַלערליי הימלען, אין אַלע צייטן, אין אַלע פּאָליטישע קלימאַטן — דאָס איז צענטראַל אין אונדזער איינשטעל. און ווייל מיר גלייבן אין נצח־ישראל, דעריבער גלייבן מיר אַז אויך איצט אין אַמעריקע און אַפילו אין רוסלאַנד, וועלן מיר בייקומען די דיסאינטעגרירנדיקע כוחות פון אַרום, און די רעפּרעסיעס פון די מאַכט־האָבער.

ד) אַקטואַליזירונג פון עבר איז אַ מיטל צו מאַכן די יידישע געשיכטע לעבעדיק — ווי עס איז באַקאַנט יעדן לערער. די באַגריפן דאַאיקייט און דאָרטיקייט — וואוינלענדער און ארץ־ישראל — טאָפּלטע לאָיאַליטעט — (הגם די טערמינאָלאָגיע איז אַ נייע) זיינען נישט אויפגעקומען ערשט נעכטן. שוין אין אַלעקסאַנדריע, פון פילאָנס צייטן, האָבן מיר זיך געראַנגלט מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען.

ה) ס׳איז דאַכט מיר איבעריק צו באַטאָנען אַז דער סכום פאַקטן איז ניט דער עיקר, און ס׳איז באמת אַ שאָד די צייט וואָס לערער פטרן אויף איינחזרן מיט קינדער פראַגעס און ענטפערס. וויכטיקער פון אַלץ איז דעם לערערס וואַרעמקייט, זיין פאַרליבטקייט אין די העלדן, אין יידישן פאָלק, זיין שיין דערציילן, זיין פעאיקייט צו פאַראינטריגירן דעם תלמיד, זיין איבער־ציינונג אין די אידעאַלן וואָס מיר ווילן פאַרפלאַנצן אין די תלמידים. דאָס מיינט, פאַרשטייט זיך, נישט אַז דער לערער מוז זיך אומבאַדינגט אידענטי־פיצירן מיט אַ צד — מיט בית־הלל אָדער בית־שמאי, מיטן בעש״ט אָדער ווילנער גאון. נייז, ער קאָן האַלטן מער מיט איין צד, און דאָך אָנשטעקן די תלמידים מיט דער איבערצייגונג אַז אלו ואלו דברי אלקים חיים. און צי איז דען נייטיק צו דערמאָנען אַז כדי דער לערער זאָל קענען מאָטיווירן אַ לימוד, מוז ער אַליין קודם־כל זיין מאָטיווירט! דער לערער איז דאָך נישט בלויז אַן איבערגעבער פון וויסן, נאָר אַ מאָדעל. דאַרף ער זיין אַ מוסטער פון וויסן, פון אהבת־ישראל, מיט וועמען די קינדער וועלן זיך אידענטיפיצירן און פאַרגלייכן. אויב ער, דער מאָדעל פאַר די תלמידים, זעט גרויסקייט, שיינקייט, ווערטפולקייט אין דער יידישער געשיכטע, דעמאָלט מעג מען אָנ־נעמען אַז עס וועט אים זיך איינגעבן צו פאַרוואַרפן פונקען וואָס וועלן אָנצינדן די פאַנטאַזיע און דאָס געוויסן פון דער יוגנט.

הכלל, ס׳איז נישטאָ קיין זיכערע טעכניק אויף פאַרפלאַנצן אידעאַלן אין תלמיד און האָבן אַ גאַראַנטיע אַז שפּעטער, ווען ער וועט זיין אַ רייפער מענטש, וועט ער לעבן מיט זיי. ס׳איז אויך ניטאָ קיין הונדערט־פּראָצענטיקע זיכער־קייט אַז דער בעסטער אופן פון לערנען יידישע געשיכטע מיט אונדזערע תלמידים וועט זיי אויף אייביק פאַרבינדן מיטן יידישן פאָלק. אָבער אַ לערער וואָס קען דעם אָרום און די אַלגעמיינע קולטור; אַ דערציער וואָס קען אינטים דאָס קינד און זיין וועלט; איז פאַרליבט אין אונדזער געשיכטע, און איז גלייכצייטיק נישט דאָגמאַטיש, און נישט נעגאַטיוו צו אַלצדינג ביי די אומות־העולם; דערצו האָט ער מאָס, טאַקט, פּראָפּאָרציע און פאַרשטענדעניש — אַזאַ לערער קען האָפן אַז נאָך דעם ווי די תלמידים וועלן האָבן פאַרגעסן אַ סך פאַקטן אין דער יידישער געשיכטע, וועלן זיי נאָך אַלץ געדענקען זיין וואַרעמקייט, זיין פאַרליבטקייט, זיינע אידעאַלן — און דורך דעם וועלן זיי זיך דערנענטערן צו זיין — זייער פאָלק.

# פעדאַגאָגישע קאָנפערענצן פון די ש״ע שולן
# אין 1954 און 1955 *)

פרייטיק, דעם 23סטן אַפּריל, 1954 (חול־המועד פסח), איז אין בנין פון יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט — 1776 בראָדוויי, ניו־יאָרק — פאָרגעקומען די פעדאַגאָגישע קאָנפערענץ פון די שלום עליכם שולן.

ביי דער ערשטער זיצונג האָט י. גויכבערג געגעבן אַן איינלייטונג וועגן דעם לימוד יידיש אין די ערשטע צוויי יאָר פון דער פאָלקשול. ער האָלט אַז אַמאָל פלעגן די קינדער קענען אַליין לייענען און הנאה האָבן פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס״. איצט קען מען אויף דעם ניט האָפן. מוז מען דעריבער באַגרענעצן די צילן. דער ציל אין די ערשטע צוויי יאָר דאַרף איצט זיין אויסצולערנען פאָרלייענען און רעדן אַ ביסל. אַפילו די בעסטע תלמידים זיינען געליימטע אויף דער צונג. די אַלע איבונגען וואָס די קינדער מאַכן האָבן ניט קיין באַדייטונג; ווייל ביים שרייבן די קאָמפּאָזיציעס פאַרגעסט מען די אַלע קונצן און מען מאַכט די זעלביקע גרייזן. ער מיינט דעריבער אַז מען דאַרף זיך וויניקער אָפּגעבן מיט איבונגען, און מער מיט איינשטודירן פּאָע־מעס, מוסטערן וואָס די קינדער וועלן געדענקען. אַזוי אַרום, האָלט ער, האָבן זיך יידישע בחורים אין די שטעטלעך אויסגעלערנט רוסיש — וואָס איז זיי אויך געווען אַ פרעמדע שפּראַך. מען דאַרף איצט, האָלט ער, אָפטער פאָר־לייענען אין קלאַס און פאַרלאַנגען לייען־באַריכטן. מען דאַרף אויך אויס־אַרבעטן אַ נייעם מאָדוס אויף צייכענען קאָמפּאָזיציעס.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט די דאָזיקע חברים: מ. גאָלד־שטיין האָלט אַז דער לערער אין קלאַס דאַרף ניט טראַכטן וועגן ענד־ציל, נאָר דאַרף זיך שטעלן אַן אויפגאַבע פון שעה צו שעה. ער האָלט אויך אַז מער לערער דאַרפן זיך באַנוצן מיט שמועסן אַרום די בילדער, און אויך זינגען אין קלאַס לידער. דער עיקר איז, דער לערער זאָל שאַפן שטימונג פאַרן לימוד. זילבערבערג האָלט אַז אין ערשטן קלאַס גייט ניט שלעכט, אָבער די הויפּט־צרה הייבט זיך אָן אין דריטן קלאַס. וואָס שייך די עלטערן זיינען זיי צופרידן מיט די דערגרייכונגען. שפּיטאַלניק האָלט אַז מיר ווענדן אָן אַ מאַקסימאַליסטישע מאָס, דערפאַר זיינען מיר פעסימיסטן, אָבער אין דער

*) זע: „שלום עליכם בולעטין״ (מימיאָגראַפירט), נומערן 39 (מאַי 1954) און 45 (אַפּריל 1955).

אמתן דערגרייכן מיר אַ סך מער. ש. גוטמאַן מיינט אַז אַ חבר גויכבערגס רייד זיינען זייער רעאַליסטיש. דער לערער קען ניט זיין צופרידן מיט לערנען אַ פונקציאָנעלן, אַלטעגלעכן יידיש, וואָס די קינדער באַנוצן ניט שפּעטער; ער קריגט דעמאָלט אַ געפיל אַז ער אַרבעט אומזיסט. דאָס לערן־ביכל אין ערשטן יאָר איז געבויט אויף אַ פאַלשער הנחה: אַז יידיש איז שוין טויט פאַר מערסטע קינדער און אַז עס וועט ווערן אַ געדעטע שפּראַך ביי זיי. די ביידע הנחות זיינען פאַלש אין אַ סך פאַלן. וואָרעם אין געוויסע געגנטן פאַרשטייען נאָך די קינדער אַ היפּש ביסל יידיש, און דאָך באַנוצן זיי זיך ניט אין היי־סקול־עלטער מיט יידיש אין טאָג־טעגלעכן לעבן. שמועסן אַרום בילדער איז זייער אַ גוטער מעטאָד צו לערנען יידיש, אָבער ניט אַלע לערער באַהערשן די טעכניק פון שמועסן. מען דאַרף דעריבער געבוי דעטאַליזירן אַזאַ שמועס אַרום די בילדער, כדי די יונגע לערער זאָלן דאָס קענען טאָן אויף אַ פּראָדוקטיוון אופן. ער האַלט אויך, אַז מען מוז פאַראַלעל מיטן טעקסט־ביכל לייגן אַ סך געוויכט אויף לערנען די קינדער פּאָעמעס פון אויסנווייניק.

יודל מאַרק האַלט אַז מען דאַרף האָבן אַן אַרבעטס־ביכל. מען דאַרף אויך אַרויסגעבן 15 בילדער. די לערער דאַרפן באַזוכן קלאַסן פון אַנדערע לערער, און דער סעמינאַר דאַרף זיך מער אָפּגעבן מיט לערנען פּראַקטישע מעטאָדיק — ניט בלויז טעאָריע. וואָרעם אונדזערע יונגע לערער האָבן גרויסע שוועריקייטן נאָך דעם ווי זיי ענדיקן דעם סעמינאַר. ער מיינט אויך אַז מען דאַרף האָבן אַן אַנדער ביכל פאַר 9־10־יעריקע קינדער. מען לערנט צו פיל לייענען און שרייבן אין ערשטן לערניאָר. די לערער טאָשע סימאָן און ש. גאָלדמאַן שטיצן דעם געדאַנק צו באַזוכן קלאַסן פון עלטערע חברים לערער. זיי האַלטן אויך אַז מען דאַרף איינשטעלן מאָדעל־לעקציעס פון עלטערע חברים לערער און פון ייִנגערע חברים.

ביי דער צווייטער סעסיע איז ח׳ ל. שפּיטאַלניק געווען דער ערשטער איינגלייטער אויף דער טעמע: דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע אין קוריקולום פון די ש״ע שולן. ער זאָגט אַז דער יידישער יחוס אין אַמעריקע דאַרף אַרויסגעבראַכט ווערן פאַר אונדזערע קינדער. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס ביים שאַפן דעם אַמעריקאַנער לעבנס־סטאַנדאַרד. ער מיינט אַז יעקב גאָרדין, קאָברין, מאָריס ראָזענפעלד, ליעסין, אברהם רייזען און אַנדערע דאַרפן צוריקגעבראַכט ווערן אין שול אַריין. מען דאַרף אויך זיך אָפּגעבן מיט בילדער און אַלבאָמען פון יידישן לעבן אין אַמעריקע. מען דאַרף אויך אַרויספאָרן אין היסטאָרישע פלעצער וואָס זיינען פאַרבונדן מיט יידיש־אַמעריקאַנער געשיכטע.

דער לערער גאָלדשטיין איז געווען דער צווייטער איינלייטער אויף דער זעלביקער טעמע. ער שטרייכט אונטער אַז צו ערשט דאַרף דער לערער אַליין גלייבן אין יידישן לעבן פון אַמעריקע, און דערצו דאַרף מען אונטערשטרייכן דעם היינט וואָס זאָל באַגייסטערן די קינדער. אַמעריקאַנער־יידישע געשיכטע

דאַרף איינגעטיילט ווערן אין טעמעס. אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלע יום־טובים דאַרפן פאַרבונדן ווערן מיט היגע יידישע אויפטואונגען. מיר דאַרפן אויך באַזוכן מיט די קינדער אַלע אינסטיטוציעס פון די פאַרשיידענע סאָרטן יידן און זיי באַקענען מיט אַלע שטרעמונגען אין היגן יידישן לעבן. דער עיקר דאַרפן מיר זיך אָפּגעבן מיט דער נאָענטסטער עפּאָכע — אָנהייבנדיק פון יאָר 1881. מען דאַרף אונטערשטרייכן די באַוועגונג פון עם־עולם. יידישע דער־ציאונג אין אַמעריקע דאַרף זיין אַ טעמע פאַר אונדזערע קינדער. יידישע צדקה אין אַמעריקע און אויך די שייכות צווישן אַמעריקע און ישראל דאַרפן זיין וויכטיקע טעמעס.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט די דאָזיקע חברים: ש. גאָלדמאַן האַלט אַז מען האָט דאָ צו פיל גלאָריפיצירט אַמעריקע, און מ׳טאָר דאָך ניט פאַרגעסן אַז מיר האָבן נאָך עפּעס צו לערנען די קינדער אַ חוץ דעם קאַפּיטל אַמעריקע. ער שלאָגט פאָר אַז דער „קינדער זשורנאַל״ זאָל במשך דעם יאָר דרוקן ביאָגראַפיעס פון אַמעריקאַנער־יידישע פערזענלעכקייטן. ש. גוטמאַן ווייזט אָן אויף דער סיבה פאַרוואָס אַמעריקע מוז שטאַרק אַקצענטירט ווערן אין דער יידישער שול. דאָ לעבט דאָך אַ העלפט פון יידישן וועלט־פאָלק! אָבער דאָס ערשטע פּראָבלעם איז אַז אַלע יונגע לערער זאָלן טאַקע קענען די יידישע אַמעריקע מיט אַלע אירע שטרעמונגען און אינסטיטוציעס. מ׳מוז זיך באַמיען אַז דער יידישער לערער־סעמינאַר זאָל זיך ברייטער אָפּגעבן מיט דעם לימוד. ער ווייזט אויך אָן אויף דער דראַמאַטישקייט — אויב ניט לעגענדאַרישקייט, ווייל זיי זיינען נאָך צו נאָענט צו אונדז — וואָס ס׳איז פאַראַן אין די לעבנס־געשיכטעס פון אַ בראַנדייס, אַ סטיפען וויז, אַ ליעסין, מאָריס ראָזענפעלד, יהואש און אַנדערע. לויט זיין מיינונג וואָלט מען געדאַרפט דעם לעצטן זמן אין פאָלקשול זיך אָפּגעבן בלויז מיט אַמעריקאַנער־יידישער געשיכטע און יידישע פּראָבלעמען. מיר מוזן האָבן אַ ספּעציעל ביכל פאַר דעם לימוד. מ׳דאַרף אויך אַרויסגעבן אַ טעקסט־ביכל מיט ביאָגראַפיעס פון אַמעריקאַנער־יידישע דיכטער און דערציילער, צוזאַמען מיט מוסטערן פון זייערע שאַפונגען. י. גאַר ווייזט אָן אַז ביידע רעפערענטן האָבן אָנגעגעבן צו פיל מאַטעריאַל פאַר אונדזערע קינדער אין פאָלקשול. די לעצטע צוויי זמנים אין פאָלקשול וואָלט מען געדאַרפט לערנען אַמעריקאַנער־יידישע געשיכטע. יודל מאַרק מיינט אַז מ׳קען אין דער עלעמענטאַר־שול ניט לערנען די יידיש־אַמעריקאַנער געשיכטע אַנדערש ווי דורך ביאָגראַפיעס. ערשט אין דער מיטל־שול קען מען לערנען געשיכטע, ווייל אַרום די העלדן פון אונדזער היגן יידישן לעבן זיינען דערווייל ניטאָ קיין לעגענדעס. מיר האָבן אין אונדזער ליטעראַטור ווייניק וועגן אַמעריקע. דאָס היגע יידישע לעבן שאַפט זיך ערשט. ער שלאָגט פאָר אַז במשך דעם זומער זאָל אַראַנזשירט ווערן פאַר די שלום עליכם לערער אַ סעמינאַר אין בוויבעריק. י. נאַסקאָוויץ האַלט אַז מען דאַרף געבן אַ פּריווילעגירט אָרט דער אַמעריקאַנער יידישער געשיכטע, ווייל דורך

דעם קען מען גיכער צובינדן אונדזערע קינדער צום יידישן לעבן איידער דורך אַלטער געשיכטע. די פעדאַגאָגישע קאָמיסיע דאַרף אויסאַרבעטן קאָנ־ספּעקטן פון לעבן פון יידן אין אַמעריקע פאַר די לערער. אסתר קאָדאר מיינט אַז די פראַגע וועגן יידיש לעבן אין אַמעריקע דאַרף באַהאַנדלט ווערן אויף מער ווי איין קאָנפערענץ.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן:

1) אַז במשך דעם זומער זאָל אַראַנזשירט ווערן אַ סעמינאַר אין בויבעריק פאַר די לערער וועגן לימוד אַמעריקאַנער יידישע געשיכטע.

2) דער „קינדער זשורנאַל" זאָל במשך דעם יאָר דרוקן קורצע לעבעדיק־געשריבענע ביאָגראַפיעס פון יידישע העלדן אין אַמעריקע.

3) די פעדאַגאָגישע קאָמיסיע זאָל צוגרייטן אַ ביבליאָגראַפיע וועגן אַמעריקאַנער יידישן לעבן פאַר די לערער.

4) די פעדאַגאָגישע קאָמיסיע זאָל זיך באַמיען אַז מיר זאָלן אַרויס־געבן אַ ביכל וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע.

5) עס זאָל אויך צוגעגרייט ווערן אַ טעקסט־ביכל פאַרן לעצטן קלאַס וועגן יידישע שריפטשטעלער און פּאָעטן אין אַמעריקע, צוזאַמען מיט קורצע אויסצוגן פון זייערע שאַפונגען.

ח׳ ל. כאַנוקאָוו איז געווען פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ און שבע שמוקלער — סעקרעטאַרין.

* * *

דינסטיק, דעם 12טן אַפּריל, 1955 (חול־המועד פסח) איז אין משך פון גאַנצן טאָג פאָרגעקומען — אין בנין פון יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, 1776 בראָדוויי, ניו־יאָרק — די יערלעכע פעדאַגאָגישע קאָנפערענץ פון די שלום עליכם שולן.

ביי דער ערשטער זיצונג האָט דער לערער מ. אָליצקי געגעבן אַן איינ־לייטונג וועגן דעם לימוד יידישע געשיכטע. נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ריי שוועריקייטן ביי דעם לימוד — ווייל ניט אַלע תקופות אין דער יידישער געשיכטע פאַרמאָגן פאַרכאַפּנדיקע ביאָגראַפישע מאָמענטן — האָט ער אויסגעפירט, אַז דער לימוד איז זייער אינטערעסאַנט פאַר די קינדער, אַפילו ווען מען באַנוצט ניט קיין לערן־ביכער. וואָרעם די גרויסע פערזענלעכקייטן מיט וועלכע די יידישע געשיכטע איז פול זיינען אויסער־געוויינלעך אינטערעסאַנט פאַר אונדזערע קינדער — ספּעציעל טאַקע די לעגענדעס און ביאָגראַפישע מעשהלעך. לויט זיין מיינונג זיינען פאַראַן אַ ריי צענטראַלע דאַטעס וואָס מ׳דאַרף אונטערשטרייכן און וואָס די קינדער קענען

געדענקען. מיר מוזן אויך געפינען מער בעלעטריסטישן מאַטעריאַל אין דער יידישער ליטעראַטור וואָס זאָל באַלעבן די אַלע היסטאָרישע געשעענישן.

דער צווייטער איינלייטער, דער לערער שלמה גאָלדמאַן, האָט אָנגעוויזן אויף די גרויסע מעגלעכקייטן פון דעם לימוד צו באַווירקן די קינדער און זיי צו מאַכן פאַר אינטימע שותפים אין אונדזער לעבן. ער האָט זיך ברייטער אָפּגעשטעלט אויף דעם פאַקט וואָס מען מוז זיך באַנוצן אַ היפּש ביסל מיט ענגליש ביי דעם לימוד. דערצו זיינען מיר אויסן צו אַקצענטירן די קולטור־סאָציאַלע מאָמענטן דורך וועלכע דאָס קינד דאַרף אינטים באַהאַפטן ווערן מיט די העלדן, ווי אַ רבי עקיבאַ, אַ רבי יהודה הלוי, אַ רש"י און אַ רמב"ם. אַרויסצורופן רעספּעקט און ליבשאַפט צו די דאָזיקע העלדן פון גייסט מוז מען די קינדער אויך באַווייזן דעם פּלאַץ וואָס דער העלד האָט פאַרנומען ניט בלויז אין יידישן לעבן, נאָר אויך אין אַלגעמיינעם לעבן פון זיין עפּאָכע. דער רעדנער האַלט אַז די הויפּט־שוועריקייט ביים לימוד איז דאָס פעלן פון אַ בוך וואָס די קינדער קענען אַליין לייענען מיט אינטערעס. דער לערער מוז דערוויל אַלץ לערנען פון אויסנווייניק, וואָרעם עס איז ניט פאַראַן קיין איין געשיכטע־ביכל אויף יידיש וואָס זאָל די קינדער געבן אַן אַריינבליק אין אינערלעכן יידישן לעבן: פון דער משפחה, קהילה, חדר אָדער ישיבה; אָדער ווייזן זיי אַ חתונה, ווי בכלל יידישע טראַדיציעס און מנהגים. אַן אַזאַ ראַם בלייבט דאָס ביסל געשיכטע וואָס מען לערנט דעם תלמיד הענגען אין דער לופטן. דערפאַר איז מען געצוואונגען זיך באַנוצן מיט ענגליש פון צייט צו צייט. ער שטרייכט אויך אונטער, אַז ער באַמיט זיך אַז די קינדער זאָלן זיך פילן דערהויבן און זאָלן פאַרשטיין דאָס ספּעציפיש־יידישע אין אונדזער געשיכטע. ער פאַרבינדט אויך דעם לימוד מיט היינטיקע סיטואַציעס און פּראָבלעמען וואָס ווערן אָפט דיסקוטירט אין קלאַס. ספּעציעל ווערן די קינדער שטאַרק באַווירקט פון די געשעענישן אין מדינת ישראל. דורך מדינת ישראל האָבן מיר אַ גלענצנדיקע געלעגנהייט צו אינספּירירן אונדזערע קינדער און פאַרבינדן זיי עמאָציאָנעל סיי מיט ישראל, סיי מיטן כלל ישראל.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט די דאָזיקע חברים לערער: יודל מאַרק דריקט אויס זיין מיינונג, אַז דער לערער דאַרף זיך אין קלאַס מצמצם זיין, אַז עס דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן אַ רשימה פון נעמען, וויכטיקע דאַטעס און אויסדרוקן. אויך לערנבויגנס דאַרפן צוגעגרייט ווערן פאַר דעם לימוד. עס איז איצט איבער די כוחות צוזאַמענצושטעלן אַ לערן־ביכל אין יידיש וואָס די קינדער זאָלן פון דעם הנאה האָבן. י. גויכבערג מיינט אַז די הויפּט־שוועריקייט ביים לימוד איז די שפּראַך, וואָרעם די קינדער פאַרשטייען ניט גענוג יידיש. מוז מען דערפאַר זיך באַנוצן אַ היפּש ביסל מיט ענגליש. אונדזערע געדרוקטע קאָנספּעקטן, מיינט ער, טאָר מען אין קלאַס ניט לייענען, ווייל דאָס איז ניט קיין לייען־בוך. מען דאַרף אויך צוגרייטן בלעטלעך מיט אַ געשיכטע־וואָקאַבולאַר כדי צו פאַרגרינגערן דעם לימוד, אָבער מען דאַרף ניט

מורא האָבן זיך צו באַנוצן מיט ענגליש. געלע פישמאַן שלאָגט פאָר, אַז אין יעדער שול־ביבליאָטעק זאָלן זיך געפינען די בעסטע געשיכטע־ביכלעך אין ענגליש וואָס די קינדער זאָלן אַהיים נעמען צו לייענען. מיר דאַרפן אויך שאַפן געשיכטע בליץ־קאַרטלעך פאַר איבערחזרן דאָס געלערנטע. ל. כאַנוקאָוו האַלט אַז די געשיכטלעכע העלדן דאַרפן דראַמאַטיזירט ווערן, און וואָס וויניקער פאַקטן אַלץ בעסער, אָבער מען דאַרף געדענקען אַז יעדע מעשה וועגן אַ העלד מוז אַרויסהייבן די אינדיווידועלע שטריכן פון דער פערזענ־לעכקייט. אויך ער באַנוצט זיך אַ סך מיט ענגליש און צוליב דעם איז דער לימוד דער באַליבטסטער ביי די קינדער. ש. גוטמאַן ווייזט אָן אַז שוין אַ סך יאָרן ווי מען רעדט ביי אונדז וועגן אַ געשיכטע־ביכל אין יידיש, וואָס ווערט ניט געשאַפן ווייל ס׳איז זייער שווער צו שאַפן אַן אינטערעסאַנט ביכל האָבנדיק אין זינען דעם באַגרענעצטן וואָקאַבולאַר וואָס די קינדער פאַרשטייען. ס׳איז כמעט אוממעגלעך אויף אַ „בייסיק יידיש״ אָנצושרייבן אַ פאַרכאַפּנדיקע דראַמע, און אַזוי מוז די יידישע געשיכטע געשריבן ווערן פאַר אונדזערע קינדער. ליידער האָבן מיר אַפילו אין ענגליש אויך ניט קיין פּאַסיק ביכל פאַר אונדזערע קינדער, ספּעציעל פאַר די לעצטע 150 יאָר. וואָרעם אין די אַלע ענגלישע ביכלעך וואָס זיינען איצט דאָ אויפן מאַרק, ווערן אונדזערע גרעסטע נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און קולטורעלע אויפטואונגען פון די לעצטע 150 יאָר אָדער איגנאָרירט, אָדער דערמאָנט מיט אַ פּאָר לעבלעכע זאַצן. מען דאַרף דעריבער האָבן אי אַ יידיש ביכל, אי אַן ענגליש ביכל, ספּעציעל פאַר אונ־דזערע שולן, וואָס זאָל דראַמאַטיזירן סיי דעם חסידיזם, סיי די השכלה, די יידישע און העברעאישע ליטעראַטור, די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועג־גונגען אין מזרח־אייראָפּע און אַמעריקע. י. זילבערבערג האַלט אַז מען דאַרף ניט געבן די קינדער בלויז מעשיות און אַוודאי ניט בלויז נעגאַטיווע מאָמענטן. ער האַלט אויך, אַז מען קען שאַפן אַ געשיכטע־ביכל אויף יידיש. י. ירושלמי מיינט אויך אַז מען דאַרף האָבן אַ טעקסט־ביכל אין ענגליש פאַר די קינדער, ווייל קינדער האָבן דרך־ארץ פאַר אַ ביכל. אין איצטיקן מאָמענט — ווען מיר האָבן ניט קיין אייגן טעקסט־ביכל — דאַרפן מיר באַנוצן די מאַטעריאַלן און די טעקסטן וואָס די יונייטעד־סינאַגאָגס האָבן אַרויסגעגעבן.

געלע פישמאַן האָט רעפערירט וועגן דעם יידיש־לימוד אין אַן איין־טאָגיקער שול. זי האָט אונטערגעשטראָכן, אַז בעת דער קוריקולום אין אונ־דזערע דריי־ און פינף־טאָגיקע שולן איז געבויט געוואָרן אויף לאַנג־יעריקער דערפאַרונג און עקספּערימענטן מיט די לימודים אין די קלאַסן, איז דאָס ניט מעגלעך דערווייל אין די איין־טאָגיקע שולן וואָס עקזיסטירן ערשט 2־3 יאָר; ס׳איז אוממעגלעך שוין איצט צו פאָרמולירן גענוי די צילן פון יידיש־לימוד אין אַן איין־טאָגיקער שול. זי גיט דאַן איבער אַ דעטאַליזירטן באַריכט וועגן אירע דערפאַרונגען אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר אין אַן איין־טאָגיקער שול, סיי אין אַ פאָרשול־קלאַס, סיי אין אַן ערשטן־קלאַס. אין פאָרשול־קלאַס

לערנט מען יידיש איין שעה אַ וואָך און מען באַמיט זיך, אַז דער תלמיד זאָל פאַרשטיין וואָס דער לערער רעדט און דערציילט אויף יידיש, און אַז ער זאָל זיך אַליין קענען באַנוצן מיט אַ צאָל יידישע ווערטער, אויסדרוקן און זאַצן; דאָ לערנט מען נאָך ניט די תלמידים לייענען און שרייבן. די הויפּט־מעטאָדן אין פאָרשול־קלאַס זיינען שפּיל, בילד און געזאַנג. אין משך פון יאָר האָבן זיך די קינדער אויסגעלערנט אַרום 30 קורצע לידעלעך, אַ ריי שפּילן אויף יידיש און אַ געוויסע צאָל אויסדרוקן און ווערטער אויף יידיש. ביי די יום־טוב־פייערונגען טרעטן די קינדער אויף מיט יידישע רעציטאַציעס און שפּילן.

אין ערשטן לערניאָר, האָט די לערערין אָנגעוויזן, ווערט דער יידיש־לימוד געלערנט פאָרמעל. מען גיט אָפּ 45 מינוט אויף דעם לימוד — אַ חוץ געזאַנג, יום־טובים־פּראָיעקטן, קלאַס־שפּילן און אַנדערע טעטיקייטן אין וועלכע יידיש איז אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל. דאָ שטעלט מען זיך די אויפגאַבע אויסצולערנען לייענען גרינגע טעקסטן וואָס זיינען ספּעציעל צוגעגרייט גע־וואָרן פאַר דעם קלאַס. די דאָזיקע לייען־טעקסטן באַשטייען פון עטלעכע סעריעס פיר־שורהדיקע לידלעך וואָס זיינען אילוסטרירט און באַאַרבעט אַזוי, אַז די קינדער זאָלן זיך אויסלערנען די טעקסטן לייענען, שרייבן און פאַרשטיין. דריי אותיות ווערן אין יעדן לידל באַאַרבעט און באַפעסטיקט דורך פאַרשיידענע טעטיקייטן און אַרבעטס־בויגנס. אַ סעריע ווערטער־בליץ־קאַרטלעך, געבויט אויפן וואָקאַבולאַר פון די לידער, ווערט גענוצט פאַר איבערחזרן און שפּיל. די בילדער פון די אַרבעטס־בויגנס זיינען הילפס־מיטלען צום שמועס און וואָקאַבולאַר־שפּיל. די קינדער זאַמלען די אַרבעטס־בויגנס אין לויזע העפטן, און יעדע סעריע אַרבעטס־בויגנס פאַרמאָגט אויך געניטונגען וואָס די קינדער גרייטן צו אין דער היים. אַ חוץ דעם פאָרמעלן יידיש־לימוד, קומען צו אַנדערע טעטיקייטן ביי וועלכע יידיש ווערט געלערנט, ווי למשל יום־טובים פּראָיעקטן און פייערונגען וואָס שליסן אויך איין געזאַנג.

מ׳קען זאָגן — אויב מ׳האָט אין זינען די באַגרענעצטע צייט — אַז די רעזולטאַטן פון יידיש־לימוד אין ערשטן לערניאָר זיינען צופרידנשטעלנדיק, ווייל די קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט אָט וואָס: 1) ענטפערן אויף די פראַגעס אין שייכות מיט די לידער און בילדער; 2) זיי פאַרשטייען יידיש אין די גרענעצן פון 150 ביז 200 ווערטער; 3) זיי קענען לייענען צוגעגרייטע טעקסטן וואָס ציילן אַן ערך 100 ביז 150 ווערטער: 4) די קינדער קענען אַראָפּשרייבן פון טאָוול און פון טעקסטן מיט געדרוקטע אותיות; 5) די קינדער קענען פון אויסנווייניק זינגען פון 25 ביז 30 לידעלעך. די רעדנערין פירט אויס, אַז מיר פאַרנעמען זיך איצט מיט צוגרייטן מאַטעריאַלן וואָס וועלן דעם לימוד סיסטעמאַטיזירן און מאַכן פעולהדיקער. ביים סוף פון קומענדיקן יאָר וועלן די רעזולטאַטן אפשר זיין בעסערע; און דער עיקר, האָפט זי, אַז מען וועט בהדרגה פאַרגרעסערן די לערן־שעהן אין די דאָזיקע שולן, וואָרעם אין

צוויי איין־טאָגיקע שולן ווערט איצט באַטראַכט צוצוגעבן נאָך אַ טאָג לערנען אויף קומענדיקן יאָר.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט די פאָלגנדיקע חברים לערער: חוה טעפּליצקי גיט צו צום באַריכט אירע דערפאַרונגען מיטן יידיש־לימוד אין דער מאונט־ווערנאָן שלום עליכם שול, וואו זי לערנט מיט די עלטערע קלאַסן. דערווייל איז ניטאָ קיין פּאַסיק טעקסט־בוך פאַרן יידיש־לימוד אין אַן איין־טאָגיקער שול. אָבער צווישן די געווינסן פון דער דאָרטיקער שלום עליכם שול דאַרף מען אַריינרעכענען דעם פאַקט וואָס די עלטערן האָבן געקראָגן אַזאַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידיש, אַז זיי פאַרלאַנגען מען זאָל איינפירן קורסן אין יידיש פאַר דערוואַקסענע וואָס האָבן קיינמאָל קיין יידיש ניט געלערנט. איידע גאָלדמאַן מיינט אַז פאַר די קינדערגאָרטנס דאַרף מען אַנדערע מאַטעריאַלן ווי די וואָס מיר האָבן. זי האַלט אויך, אַז פאַר די קינדער, אָפילו אין ערשטן קלאַס, איז לייכטער צו שרייבן די אותיות איידער דרוקן זיי. שלמה גאָלדמאַן דריקט אויס אַ מיינונג, אַז די זונטיק־שולן נייטיקן זיך אין ספּעציעל־צוגעגרייטע לערער, וואָרעם פאַר אַ לערער פון אַ פינף־טאָגיקער שול איז כמעט אוממעגלעך דאָרטן עפּעס צו דערגרייכן. י. גויכבערג מיינט אַז מען דאַרף האָבן אַ ספּעציעל ביכל פאַרן יידיש־לימוד, אָבער מען דאַרף ניט קיין ספּעציעלן קוריקולום, נאָר נאָכגיין אונדזער קוריקולום, אָבער דעקן ווייניקער מאַטעריאַל. מ. גאָלדשטיין האַלט אַז דער מעטאָד לויט וועלכן די לערערין פישמאַן לערנט איז אַ גוטער, אָבער מען טאָר זיך ניט שאַפן קיין אילוזיע, אַז מען קען אַ סך אויפטאָן בנוגע יידיש־קענטעניש אין אַ זונטיק־שול. יודל מאַרק האַלט אַז אין דער איין־טאָגיקער שול דאַרף מען אַנדערע לערער און אַנדערע מאַטעריאַלן. מען דאַרף אויך אַ געדרוקטע זאַמלונג מיט קליינע לידעלעך. ש. גוטמאַן גיט איבער וועגן דער עלטערן־קאָנפערענץ, דעם 19טן מערץ, 1955, אין מאונט־ווערנאָן, וואו מען האָט אין משך פון אַ גאַנצן טאָג פאַרזיכטיק באַטראַכט די לימודים אין דער דאָרטיקער איין־טאָגיקער שול, און מען האָט אַריינגעבראַכט אַ ריי רעקאָמענדאַציעס וואָס באַווייזן, אַז צוזאַמען מיט דער שול וואַקסט דער יידיש־באַוואוסטזיין פון די עלטערן. ס׳איז געווען דערמוטנדיק, אַז ווי אַן ענטפער אויף דער אַנקעטע וואָס די שול האָט אַרויסגעשיקט צו די עלטערן און די קינדער, האָבן אַ צאָל עלטערן פאַרלאַנגט מען זאָל פאַרגרעסערן די לערן־טעג אין שול. זיי האָבן אויך רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל איינפירן צו רעדן יידיש אויף די עלטערן־פאַרזאַמלונגען, כדי די עלטערן זאָלן זיך אויסלערנען די שפּראַך און יידיש זאָל געהערט ווערן אין דער אייגענער היים.

חבר משה גורין האָט, אין נאָמען פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, באַגריסט די קאָנפערענץ און געבעטן אַלע לערער אַז זיי זאָלן זיך באַמיען צו העלפן אַז די קינדער פון די שלום עליכם שולן זאָלן זיך מער אָנזען אין קעמפּ־בויבעריק. מיר ווילן טאַקע האָבן אַלע יידישע קינדער אין קעמפּ־

בויבעריק, אָבער ספּעציעל וואָלטן מיר געוואָלט זען וואָס מער קינדער פון די שלום עליכם שולן. דאָס וועט זיין גוט אי פאַרן קעמפּ, אי פאַר די שולן.

אויף דער טעמע: „ווי ווייט מען מעג זיך באַנוצן מיט ענגליש ביים לערנען יידיש אין די ערשטע צוויי קלאַסן", האָבן געגעבן איינלייטונגען די לערער מ. גאָלדשטיין און י. גויכבערג. מ. גאָלדשטיין האָט אין זיין אַריינפיר אָנגעוויזן, אַז אין די ערשטע צוויי קלאַסן מוז דער לערער רעדן ענגליש, אָבער נאָר ווי אַ מיטל אַז די קינדער זאָלן זיך אויסלערנען יידיש; דאָס הייסט, אַז עס מוז זיין אַ צייטווייליקע דערשיינונג. דער לערער דאַרף אין דעם מעשהלע, וואָס ער דערציילט אין ענגליש, גראַדועל אַרייננעמען דעם יידישן וואָקאַבולאַר וואָס די קינדער קענען שוין. מען מוז האָבן בילדער כדי ביסלעכווייז צו עפענען די מיילער ביי די קינדער אויף יידיש. דער לערער דאַרף זיין עקשנותדיק בנוגע די יידישע נעמען פון די קינדער, ווייל דאָס פּירט צו שמועסן וועגן זיידע, באָבע אד״גל. דעם איבערגאַנג פון ענגליש צו יידיש דאַרפן די קינדער בהדרגה באַמערקן, און ווען דער לערער רעדט ענגליש דאַרף עס ניט זיין בגנבה, נאָר פריי און אָפן — אָבער די קינדער דאַרפן פילן, אַז דאָס איז אַ צייטווייליק מיטל וואָס ווערט לאַנגזאַם אָבער זיכער פאַרביטן דורך יידיש. י. גויכבערג האַלט אַז אויך אין דריטן יאָר מוז דער לערער נוצן ענגליש, וואָרעם די קינדער פאַרשטייען ניט דעם לימוד געשיכטע אויף יידיש. ס'וועגדט זיך דער עיקר אין קלאַס, און אין די קינדער ווי ווייט מען דאַרף גיין מיט ענגליש, וואָרעם מען קען ניט אָנווענדן דעם זעלבן פּרינציפּ אין פאַרשיידענע געגנטן, גרופּעס און סיטואַציעס.

יודל מאַרק שטעלט זיך אָפּ אויף זיינע דערפאַרונגען אין אַ ריי שולן וואו לערער זיינען אַריבער פון נויטווענדיקן צום גרינגן. צופיל לערער זיינען אויך צוגעבונדן צום לערן־ביכל און גיבן זיך צו ווייניק אָפּ מיט לערנען יידיש. י. זילבערבערג מיינט אַז דאָס פּראָבלעם לאָזט זיך ניט לייזן אויף איין אופן אומעטום. דאָרטן וואו מען רעדט ניט קיין יידיש אין דער היים איז ניט מעגלעך אויסצולערנען די קינדער זיך פריי באַנוצן מיט יידיש. גערע פישמאַן שלאָגט פאָר אַז מיר זאָלן שאַפן מאַטעריאַלן פאַרן יידיש־לימוד, קאַלענדאַרן, בילדער און בליץ־קאַרטלעך. ש. גוטמאַן ווייזט אָן אַז אין ערשטן און אַפילו אין צווייטן יאָר איז אַמלייכטסטן אויסצוקומען מיט יידיש — אַ חוץ בנוגע דעם מעשהלע וואָס מען דאַרף דערציילן אויף ענגליש — וואָרעם ווען די קינדער זיינען נאָך יונג און דער לערן־מאַטעריאַל איז אַ גרינגער, איז לייכט פאַרן לערער זיך צו באַוועגן אין אַ יידישן וואָקאַבולאַר פון עטלעכע הונדערט ווערטער. אָבער וואָס עלטער עס איז דער קלאַס, אַלץ שווערער ווערט פאַרן לערער אויסצוקומען מיט יידיש, וואָרעם יידישע געשיכטע, צייט־פראַגן, יום־טובים און מנהגים צו דערקלערן און מאַכן לעבעדיק מיט אַ באַגרענעצטן וואָקאַבולאַר איז אוממעגלעך. ער שלאָגט דעריבער פאָר, אַז מען זאָל רעקאָרדירן עטלעכע מוסטער־לעקציעס פון אונדזערע בעסטע לערער פון

די ערשטע קלאַסן און זיי שפּעטער אָפּדרוקן אין „פּעדאַגאָגישן בולעטין". וואָרעם די בעסטע מאַטעריאַלן וועלן ניט העלפן אויב דער לערער וועט ניט וויסן ווי זיך צו באַנוצן מיט זיי אויף אַ שעפערישן אופן. ל. שפּיטאַלניק האַלט אַז די לערער דאַרפן אין די ערשטע קלאַסן וואָס ווייניקער זיך באַנוצן מיט ענגליש אויך צוליב דעם וואָס די עלטערן ווילן די קינדער זאָלן הערן און רעדן יידיש. אָבער שווערער ווערט דאָס אין די עלטערע קלאַסן וואו מען קען זיך קיין עצה ניט געבן מיטן לימוד געשיכטע אין יידיש.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן:

1) אַז די פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע זאָל צוגרייטן אַרבעטס־בויגנס מיט וואָקאַבולאַר, נעמען און וויכטיקע דאַטעס אין דער יידישער געשיכטע;

2) מיר זאָלן זיך באַמיען צו שאַפן אַן אינטערעסאַנט טעקסט־ביכל פאַר יידישער געשיכטע אין די עלטערע קלאַסן.

3) אַז עס זאָלן צוגעגרייט ווערן אַרבעטס־בויגנס, בליץ־קאַרטלעך און בילדער פאַרן לימוד יידיש, און אויך אַ זאַמלונג פון קליינע לידעלעך פאַר די ייִנגערע קלאַסן.

4) עטלעכע מוסטער־לעקציע אין לימוד יידיש און געשיכטע זאָלן רעקאָרדירט ווערן און זאָלן נאָך דעם אָפּגעדרוקט ווערן אין „פּעדאַגאָגישער בולעטין".

די ערשטע זיצונג איז געפירט געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פון י. נאָסקאָוויץ, און ל. שפּיטאַלניק איז געווען פאָרזיצער פון דער צווייטער זיצונג. טאָשאַ סימאַן איז געווען די סעקרעטאַרין פון דער קאָנפערענץ.

# שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט — 50 יאָר

## פון א. אויערבאַך

פופציק יאָר איז געוואָרן זינט דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט זיך באַוויזן אויף דער יידיש־קולטור־גאַס אונדזערער. אַ פולער יובל, וואָס איז דורכגעגאַנגען פאַר אונדזערע אויגן, און וואָס אַ סך פון אונדז זיינען די פופציק יאָר מיטגעגאַנגען מיט פרייד און מיט טרויער, מיט יונגשאַפט און מיט פאַרעלטערונג, מיט די ריינסטע האָפענונגען און אָפט מיט די ביטערסטע אַנטוישונגען.

אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן צו פראַווען דעם יובל פאַר זיך אַליין, אין דער אייגענער דערמאָנונג פון די אָפּגעגאַנגענע פופציק יאָר. ביים סאַמע אָנהייב פונעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט בין איך געווען אַ לערער אין איינער פון די שולן זיינע — אין דער שול צוויי, אויף דער 180סטער גאַס, בראָנקס. מיר איז אויך באַשערט געווען צו זיין אַ נאָענט־באַטייליקטער אין אַנדערע אַרבעטן פונעם אינסטיטוט, וואָס רעדן וועל איך פון זיי שפּעטער.

ווי אַזוי איז דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט געקומען אויף דער וועלט? קודם, געבוירן האָט אים דער געדאַנק, אַז עס איז נייטיק ביי יידן אַ שול־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל נישט זיין אָנגעבונדן אין קיין שום פּאַר־טייאישער אידעאָלאָגיע. די ערשטע יידיש־שולעס, די פאָלקס־שולן, האָבן זיך אויסגעוואַרעמט אינעם שויס פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. זיי האָט אויפגעבויט דער יידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד און די אידעאָלאָגיע זייערע איז געווען, ווי זי איז עד־היום, אַן אַרבעטער־ציוניסטישע. די אַרבעטער־רינג־שולן, וואָס זיינען אויפגעקומען אַ סך שפּעטער, זיינען טאַקע ניט געווען קיין בונדיסטישע, אָבער פון זיי האָט זיך געטראָגן דער ווינט פון עקסטרעמען ראַדיקאַליזם. די שלום עליכם שולן האָבן געדאַרפט זיין פריי פון פאַרטייאישער באַפאַרבונג. די גרונט־אידייע איז געווען יידישע פאָלקישקייט.

וואָס אַזוינס איז יידישע פאָלקישקייט? מיר דאַכט זיך, אַז די פונדאַמענט־לייגער פונעם דאָזיקן נייעם טיפּ שול האָבן זיך קיין קלאָרן חשבון נישט אָפּגעגעבן וועגן דעם. דער עיקר איז געווען דער לימוד פונעם יידישן לשון און אויפן שפּיץ־מעסער יידישע געשיכטע. די לערער זיינען אָבער געווען

---

פאַרקירצט פון אַרטיקל אין „דער טאָג־מאָרגען־זשורנאַל“, 28סטן אָקט. 1968.

פרייער ביים אויסאַרבעטן דאָס פּראָגראַם פון די לימודים. מיינען מיינט עס, אַז אַזאַ ייד ווי איך, וואָס האָט געהאַלטן פונעם טראַדיציאָנעלן יידישן לעבנס־שטייגער און אַפילו פון דער אין־פאָלק־איינגעוואָרצלטער ליבשאַפט צו ארץ־ישראל, האָט געקענט דורכפירן זיין אייגן לימודים־פּראָגראַם.

איז כאָטש קיין קלאָר אָנגעצייכנט פּראָגראַם איז נישט געווען, האָט דאָך דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט געפורעמט אַ טיפּ שולן, וואָס איז געווען אַנדערש ווי די אידעאָלאָגיש־צוגעבונדענע שולן. ערשט שפּעטער איז צום אינסטיטוט צוגעשטאַנען לייבוש לעהרער ע״ה און ער האָט געפּרואווט פאָר־מולירן אַן אידעאָלאָגיע. אָבער אַפילו מיטן אידעאָלאָגישן הינטערשלאַק זיינען אַלץ די שלום עליכם שולן געווען פרייער, עלאַסטישער, ווי די אַנדערע.

אָנגעהויבן האָט זיך דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט פון איין איינ־ציקער שול אין די בראָנקס. דער גרינדער אירער איז געווען יהושע קאַמינסקי, וואָס די פרוי זיינע איז געווען חיים ליבערמאַנס שוועסטער. דאָס הויז פון דער שול איז געווען אומגעלומפּערט און אומהיימלעך גרויס. ביז היינט איז ביי מיר פאַרבליבן דער איינדרוק, אַז געווען איז עס אַ וואַלד מיט הויז. דער דריבנער קאַמינסקי האָט אויסגעקוקט פּאַטעטיש אינעם דאָזיקן ריזיקן הויז. ער און די אַנדערע טוער האָבן די שול געפירט מיט עקשנות, מיט אויפ־ריכטיקן אידעאַליזם. שפּעטער, אַז עס איז געוואָרן אַ שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, איז די שול וואָס קאַמינסקי האָט זי געגרינדעט, געוואָרן די שול נומער איינס.

## „קינדער זשורנאַל״, קעמפּ בויבעריק

געווען איז אין ניו־יאָרק אַ לערער — אַן אויסגעפּוצטער, אַ באַוואָנצלטער, אַ מוראדיק ערנסטער, און געהייסן האָט ער האָלמשטאָק. ער איז געווען, דאַכט זיך, אַ לערער אין דער שול איינס פונעם נאָר־וואָס אויפגעקומענעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. אַזוי ווי די שול־נעץ פונעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט, איז אויפגעקומען דער געדאַנק אַרויס־צוגעבן אַ זשורנאַל פאַר קינדער, וואָס הייסן זאָל ער טאַקע „קינדער זשורנאַל״.

איז האָלמשטאָק געוואָרן דער דורכפירער פונעם דאָזיקן פּראָיעקט. מיטן ערשטן נומער „קינדער זשורנאַל״ האָב איך זיך אויך מטפּל געווען. געשריבן האָב איך קליינע לידעלעך צו בילדלעך, צו רעטענישן, צו קאָמישע סצענקעס. אַ גרויסער יום־טוב איז געווען אַפילו ביי מיר, וואָס מיין אָנטייל איז געווען נישט מער ווי אַ צוגעטשעפּעטער, בעת דער ערשטער נומער איז אַרויסגע־קומען אויף דער ליטעראַרישער וועלט.

דער גרויסער שרייבער פאַר קינדער איז דעמאָלט געווען לעאָן עלבע, אָדער ווי גערופן האָט ער זיך, לייבע דער רויטער. ער האָט געשאַפן דעם קינדער־טיפּ יינגעלע רינגעלע, וואָס האָט אַ מעשהלע אין אַ מעשהלע. ער איז געווען אין לעבן אַ ייד אַ פאַרכמורעטער, אָבער אין דער קינדער־דערציילונג

איז ער געווען פול מיט געלעכטער און פלינקייט. אַ יידישע קינדער־ליטע־ראַטור האָט זיך אָנגעהויבן פונעם „קינדער זשורנאַל" און איז דערנאָך אַריבערגעגאַנגען צום אַרבעטער־רינג און נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

וואָס איז געוואָרן פון האַלמשטאָקן? ער איז אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, וואו ער האָט געהאַט אַ ברודער — אַן אָנגעזעענער קאָמוניסטישער טוער, און ער אַליין, וואָס איז ביי אונדז געווען דער סאַמע אויסגעפוצטער יידישער לערער, איז דאָרטן געוואָרן אַ פאַרברענ־טער קאָמוניסט. „פאַרברענטער" איז אפשר אויך צוגעפּאַסט צום גורל זיינעם, ווארעם דער סאָוועטישער קאָמוניזם האָט אים דערנאָך פאַרברענט...

קעמפּ בויבעריק איז אויך געווען אַ נייער איינפיר אין דער יידישער שול־באַוועגונג. די טוער פונעם אינסטיטוט האָבן געוואָלט אַ זומער־קעמפּ פאַר די קינדער זייערע און פאַר זיך אַליין. אַ דראַנג אַזאַ איז געווען זיך אויסצולעבן זומערדיק בחברותא. די ערשטע יאָרן פון קעמפּ בויבעריק זיינען געווען כאַאָטישע, רויע, אָבער עפּעס האָט געברויזט אין די טיפענישן פון דעם עולם, וואָס האָט דעם קעמפּ דערהייבן אין די סאַמע פרימיטיווסטע באַדינגונגען פון די ערשטע יאָרן זיינע.

דער קעמפּ־דירעקטאָר איז געווען לייבוש לעהרער, און ער איז געקומען צום קעמפּ מיט אַן אידייע: אויסצופורעמען אַ נייעם יידישן שטייגער, וואָס זאָל וואָרצלען אין דער טראַדיציע און זאָל דאָך זיין אַ היפּשע מאָס רעפאָר־מיסטיש. ביזן היינטיקן טאָג איז קעמפּ בויבעריק איינער פון די שענסטע, און היינט, אַז אַ סך פון די אָנהייב־אידייען זיינען צערונען, איז נאָך אין קעמפּ געבליבן די אייגענע יידיש־לופט, וואָס איז דער אָנהייב זיינער.

דער איצטיקער דירעקטאָר פונעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט איז שואל גוטמאַן. ער פּרואווט אָנהאַלטן די טראַדיציע, וואָס האָט זיך אויסגע־שמיד אין משך פון די פופציק יאָר. נאָר פאַרשטייט זיך, אַז די אַטמאָספערע איז איצט אַן אַנדערע; דער יידיש־אָטעם איז ביי אונדז אַ סך קירצער געוואָרן.

אַז איך בין לעצטן זומער געווען אין קעמפּ בויבעריק, האָב איך געטראָפן אַמאָליקע טוער, אָבער די ממשלה האָבן איבערגענומען די יינגערע עלעמענטן — די, וואָס זיינען אַמאָל געווען תלמידים אין די שלום עליכם שולן און זומער־באַוואוינער פון קעמפּ בויבעריק. איז אַפילו אַז זיי, די יונגע פירער, ברענגען אַריין אַן אַנדער גייסט אינעם אינסטיטוט, איז אָבער פאָרט אַ נחת צו וויסן, אַז די אַרבעט פון די עלטערע איז נישט אַרויסגעוואָרפן: יינגערע זיינען געקומען און איבערגענומען דאָס שווערע אַחריות פאַרן שלום עליכם אינסטיטוט.

מיט פרייד און טרויער באַגריס איך דעם אינסטיטוט צו זיין פולן יובל. מיט אַ סך חברשאַפט באַגריס איך די יינגערע טוער זיינע, און האָפן האָף איך, אַז זיי — די איצטיקע יונגע — וועלן דערלעבן דעם נחת איבערצוגעבן דאָס אַחריות צו די יונגע, וואָס וועלן קומען נאָך זיי.

# 50 יאָר שלום עליכם שולן

## פון א. גלאַנץ

ערשט נעכטן איז עס געווען, נאָר אָט זיינען שוין אַוועק פופציק יאָר. איך מיין — דאָס האַלבע יאָרהונדערט זינט עס זיינען געשאַפן געוואָרן די יידישע שולן אויף דעם נאָמען פון שלום עליכמען.

איך געדענק גוט יענע יאָרן. אין 1913 בין איך געווען אין שיקאַגאָ, אַליין פאַרבונדן מיט אַ יידישער שול. איך בין גערופן געוואָרן אַהין צו ווערן דער פּרינציפּאַל (ווי עס האָט דעמאָלט געהייסן), דאָס הייסט דער אָנפירער פון דער דאָרטיקער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַר־בונדן מיט דער שולן־נעץ פון דעם אַרבעטער־רינג.

די פירנדיקע מענטשן פון דער שיקאַגער שול זיינען געווען מערסטנס טעריטאָריאַליסטן. די ערשטע שלום עליכם שול אין ניו־יאָרק האָבן אויך געשאַפן דער עיקר מענער און פרויען פון דעם זעלבן אידייען־שניט — טערי־טאָריאַליסטן. איך געדענק לייבוש און ליפע לעהרער, קאַמינסקי, מילבויער, חייקע און משה שעלובסקי, און אַ סך אַנדערע, וואָס מוזן מיר מוחל זיין, אויב איך קאָן זיך נישט דערמאָנען זייערע נעמען.

זיי אַלע זיינען געווען גרויסע מאמינים אין יידיש, גרינטלעך פאַר־וואָרצלטע אין דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אין אַ היפּשער מאָס אויך געווען „ראַדיקאַל" לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן און טערמינען. אַ סך זיינען אויך געווען איבערצייגטע סאָציאַליסטן.

עס איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז לייבוש לעהרער איז גיך געוואָרן דער אָנערקענטער מנהיג פון דער גאַנצער שול־באַוועגונג אויף דעם נאָמען פון אונדזער גרויסן הומאָניסט און הומאָריסט. ער האָט די דאָזיקע פּאָזיציע אָנגעהאַלטן יאָרצענדליקער — עד היום הזה.

מען האָט געגלייבט אין דעם כוח פון יידיש און מען האָט זיך גענומען זייער געשמאַק צו פאַרפעסטיקן יידיש פאַר די נייע דורות. נישט בלויז באַוואָרענען דעם היינט, הייסט עס, נאָר אויך דעם מאָרגן.

איך קאָן זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט קיין שאַצונגען, מיט אונטערציען וועלכן ס'איז סך־הכל.

עס איז פאַר קיינעם נישט קיין סוד, אַז די רעזולטאַטן זיינען נישט מי־יודע ווי ספּעקטאַקולער. דער גאַנצער יידיש־נוסח איז לפי ערך יונג. וואָס

---

דער אַרטיקל איז דערשינען אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", דעם 28סטן נאָוו. 1962.

זיינען פופציק אָדער אַפילו הונדערט יאָר אין דעם לעבן פון אַזאַ אַלט פאָלק, ווי אונדזערס? ווינציקער ווי אַ טראָפּן אין ים. ווען מען נעמט נאָך אין באַטראַכט די געשעענישן פון די פאַרגאַנגענע פופציק יאָר, וואָס זיינען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט קאַטאַסטראָפע און חורבן, מוז מען אויך איינזען, אַז מען האָט גאָרנישט געקאָנט דערוואַרטן קיין דערציאונג־אויפטוען, וואָס וועגן זיי זאָל מען היינט קאָנען קלאַפּן אין די טאַצן מיט פּאַראַד און הוראַ־געשרייען.

דאָך — עפּעס איז אויפגעטאָן געוואָרן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ באַשטימטער נאַציאָנאַלער נוסח, וואָס האָט זיינע זאַפטן געצויגן פון אַן אידייע.

די אידייע איז געווען יידיש, ווי אַ וויכטיקער כוח אין דעם יידישן לעבן, אין דער יידישער מחשבה. יידיש אין דעם ברייטסטן זינען פון דעם וואָרט, נישט בלויז אין דער באַגרענעצטער ראָם פון שפּראַך און שפּראַכיזם, נאָר טאַקע אין דער פיל גרעסערער ראָם פון אַ באַזונדערן וועלט־באַנעם.

## וועלטלעכקייט און דער מאָרגן

אַן אינטעגראַלער טייל פון אָט דעם באַנעם איז געווען די וועלטלעכקייט — ווי אַן אַנדערשקייט לגבי דעם אויסשליסלעך רעליגיעזן תוכן פון דער יידישער דערציאונג. אָט דער תוכן האָט דאָך אָנגעהאַלטן הונדערטער און הונדערטער יאָרן.

וועלטלעכע יידישקייט איז פאַר זיך אַליין אַ שפּאָגל־נייע זאַך. זי האָט זיך געמוזט אָנשטויסן אין אַ סך שטערונגען. איך דערמאָן זיך געענוי, ווי אומעטום, וואו עס זיינען אויפגעקומען די נייע יידישע שולן, האָט מען פון די רעליגיעזע קרייזן אויפגעהויבן גאַנצע טרעוואָגעס און די פירער פון די שולן האָבן געמוזט זיך גריילעך פאַרטיידיקן קעגן די אָנגריפן.

אַזוי איז עס געווען אין ניו־יאָרק און אין שיקאַגאָ, אין טאָראָנטאָ און אין מאָנטרעאָל.

פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרן זיינען געמאַכט געוואָרן פּרואוון צו געפינען עפּעס אַ בריק צווישן דער וועלטלעכקייט און די טראַדיציאָנעלע צוגאַנגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט רעליגיע. די דאָזיקע פּרואוון האָט ספּעציעל דערמוטיקט לייבוש לעהרער. פאַר זיי האָט לויט מיין וויסן שטאַרק אַגיטירט אויך שלמה סיימאָן.

געוויס, יעדער איז באַרעכטיקט צו זיין מיינונג. נאָר עס איז פון אָנהייב אָן געווען קלאָר, אַז פרומקייט איז נישט קיין זאַך, וואָס מען קאָן פּרעדיקן מיט הצלחה, אויב מען איז אַליין נישט קיין גלויבער. דער באַגריף גופא פון פרומקייט פאַרמאָגט שוין אין זיך אויך דעם מוז פון לשמה. דאָס הייסט, עס קאָן בלויז זיין אַ זעלבסט־ציל, אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער דערצו, נישט אַ מיטל פאַר אַן אַנדערן צוועק.

דעריבער הערן מיר טאַקע, ווי געוויסע אָנפירער פון די יידישע שולן

הייבן אָן מיט אַ נייער באַטאָנונג צו פּרעדיקן וועלטלעכקייט אין דער שול־אַרבעט. איך רעד שוין נישט וועגן אַזעלכע מענטשן, ווי ז. יעפּרויקין, וואָס פירט אָן די פּרץ־שולן פון דעם אַרבעטער־רינג, נאָר אַפילו אין די שלום עליכם שולן זעען מיר מענטשן ווי שואל גוטמאַן, דער היינטיקער אַנפירער, וואָס ווייזן אָן, אַז מען קאָן נישט קינסטלעך פלאַנצן אַ גאָרטן פון רעליגיאָ־זיטעט, אויב דאָס אייגענע לעבן איז נישט גרינטלעך דורכגעלויכטן דערמיט.

חוץ דעם שטויסט מען זיך אָן אין אַן אַנדער דערשיינונג.

שולן זיינען טאָקע פאַר קינדער. אָבער די דערציאונג איז געווענדט אין די עלטערן.

זיינען פאַראַן עלטערן, הי־געבוירענע אָדער הי־דערצויגענע, וואָס פאַר־שטייען די נייטיקייט פון איבערגעבן זייערע קינדער די געהויבנקייט פון זייער אָפּשטאַם, אָבער זיי ווילן דאָס אין אַ נאַציאָנאַל־סעקולערער פאָרעם. יידישע עטיק און מאָראַל; יידישער דאָרשט נאָך גערעכטיקייט; יידישע מידת הרחמים — דאָס אַלץ יאָ. אָבער אינסטיטוציאָנעלע רעליגיע — נישט. זיי פּראַקטיצירן דאָס אַליין נישט און זיי ווילן נישט אַרויפצווינגען אויף די קינ־דער עפּעס, וואָס מוז זיי מאַכן פאַר היפּאָקריטן אין די קינדערס אויגן.

דער גאַנצער לפי־ערך נייער טיפּ יידישע שולן דאַרף דעריבער קלעטערן אויף אַ צווייפאַכן באַרג, באַזיגן אַ טאָפּלטע שוועריקייט. זיי מוזן איבער־צייגן, אַז יידיש איז אַ גרויסער פּאָזיטיווער כוח פאַר דעם נאַציאָנאַלן באַ־וואוסטזיין און אויפהאַלט און קעגן דער אַסימילאַציע. זיי דאַרפן דערביי זיין נאַציאָנאַל־וועלטלעך, ס'הייסט, גיין נישט בלויז קעגן דעם שטראָם, נאָר אין אַ באַשטימטן זינען קעגן אַ טויזנט־יעריקער טראַדיציע.

## טראַדיציע — פאַר און קעגן

געוויס, דאָס זיין נאַציאָנאַל, ווי דאָס קלאָמערן זיך אין יידיש, איז אויך אַ פאָרעם פון האַלטן זיך אין טראַדיציע. אָבער דער סעקולערער נוסח באַטאָנט גלייכצייטיק אַ גרויסע נויטווענדיקייט, אויך אַ היסטאָרישע.

די טראַדיציע טאָר נישט זיין קיין פּאַרגליווערטע אַזערע, קיין טאָטאַלער רוף אויף צוריק. עס דאַרף זיין אָפּקלייב און אַ פליסן מיט דעם גאַנג פון דער צייט, מיט די מאָנונגען פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

דאָס אַלץ געזאָגטע איז אַ פּרואוו אַרויסצוזאָגן אויפן קול אַ ריי מחשבות וועגן די פּראָבלעמען, וואָס עס האָבן פאַר זיך אַלע אונדזערע וועלטלעכע שולן.

די שלום עליכם שולן זיינען אָפּגעגאַנגען אַ גרויסן מהלך און געשאַפן אַ רייכע, וואַגיקע דערפאַרונג. די שוועריקייטן זיינען דורך דעם נישט געוואָרן קלענער, אָבער די אויפגאַבעס זיינען געוואָרן קלערער. אַזוי דאַכט זיך מיר.

די שלום עליכם שולן האָבן אין משך פון זייער עקזיסטענץ געמאַכט עקספּערימענטן צו קערן זיך אויף צוריק, צו דער טראַדיציע, אַריינגערעכנט

אַ גרעסערע אָדער קלענערע רעליגיעזע באַפּאַרבונג. איך בין מסופּק, צי אָט די ווענדונג האָט געבראַכט אַ סך קענטיקע רעזולטאַטן, פּשוט גערעדט: פאַרשטאַרקט די מערכה פון די שולן.

אין יעדן פאַל: איך אַליין ווייס וועגן עלטערן, וואָס ווילן געבן זייערע קינדער אַ נאַציאָנאַלע דערציאונג פון אַ וועלטלעכן כאַראַקטער און וואָס זעען איין, אַז אָט די דערציאונג דאַרף צום שטאַרקסטן באַטאָנען יידיש און אַלץ וואָס איז דערמיט פאַרבונדן.

מיין איך, אַז דאָס איז דער וועג. עס איז שווער? נאָר וועלכע יידישע אַרבעט איז אַ פלאַטערנדיק פעדערל? וועלכע אויפגאַבע איז גרינג און פלינק?

# 50 יאָר פאָלק־אינסטיטוט

### פון ד״ר שלמה ביקל

### א.

איך ווייס, אַז ס׳זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס טענהן, אַז דער יידיש־וועלטלעכער סעקטאָר אין אַמעריקע האָט נישט קיין גרונט צו יום־טובן. די רעזולטאַטן, זאָגן זיי, באַרעכטיקן נישט קיין יום־טוב־שטימונג, נאָר גיכער אַ שטימונג פון חשבון־הנפש. אַנשטאָט פרייען זיך איז אין אָנגעזיכט פון דער שווערער מערכה פון דער יידישער קולטור־אַרבעט אין אַמעריקע, פּאַסיקער זיך צו פאַרטראַכטן, וואו עס ליגן אונדזערע אידייאישע און אָרגאַניזאַטאָרישע זינד, וואָס האָבן גורם געווען, אַז די יידיש־וועלטלעכע קולטור־האָרעוואַניע זאָל נישט דערגרייכן וואָס זי האָט געוואָלט דערגרייכן.

איך געהער בטבע נישט צו יענע, וואָס מאַכן אַוועק דעם פאַרלאַנג פון חשבון־הנפש און די וויכטיקייט פון זעלבסט־קריטיק. אַוודאי טאָר מען מיט אַ געקינצלטער יום־טוב־שטימונג נישט פרואוון פאַרדעקן די טענה, די נאַקעט־קריטישע טענה צו זיך אַליין אויף אויסצוגעפינען די פעלערן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אידייאיש און אָרגאַניזאַטאָריש ביים בויען יידישע שולן און ביים אויפשטעלן יידיש־וועלטלעכע אינסטיטוציעס.

דאָס דאַרפן מיר טאָן אַלעמאָל צו יעדער צייט און בפרט ביי דער געלעגנהייט פון קיילעכדיקע דאַטעס. אָבער חשבון־הנפש מיינט נישט נעמען אין אַכט בלויז דאָס נעגאַטיווע, בלויז דאָס, וואָס מען האָט נישט דערגרייכט, נאָר עס מיינט אויך אונטערשטרייכן דאָס פּאָזיטיווע, דאָס פריידיקע, וואָס ליגט אין דער אידייאישער נייקייט, מיט וועלכער מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן און אין דער בוי־עקשנות, מיט וועלכער מיר זיינען אָנגעגאַנגען אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט. אויב מען פאַרבינדט נישט די זעלבסט־קריטיק מיט דער פרייד פון זיך האָבן גייסטיק פאַרמאָסטן און פון זיך האָבן אידייאיש פאַרעקשנט, איז דער חשבון־הנפש קיין חשבון־הנפש נישט. ער איז דעמאָלט נישט מער ווי פשוטע באַרעדעריי. און באַרעדן — האָט געשריבן דער ראַדינער גדול, דער חפץ חיים ז״ל — איז אַ זינד אַפילו ווען מען באַרעדט בלויז זיך אַליין.

---

דער אַרטיקל איז דערשינען אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״ דעם 17טן מאַי, 1968.

ב.

דער יובל פון דעם שלום עליכם אינסטיטוט, וואָס האָט געבויט יידיש־שולן און האַלט זיי אָן עד־היום מיט היסטאָריש־יידישער עקשנות; האָט אויפגעשטעלט דעם זומער־קעמפּ „בויבעריק“, וואָס איז אין משך פון די קנאַפּע פופציק יאָר פון זיין קיום געוואָרן אַ באַזונדער שיינער און אינטערע־סאַנטער ווינקל פון יידישער דערציאונג און פאַרווײלונג פאַר יונג און אַלט; האָט געגרינדעט דעם פאַרלאַג „מתנות“, וואָס האָט מיט אַזוי פיל מי און אָנשטרענגונג אַרויסגעבראַכט פון דאָס שענסטע און בעסטע פון אונדזער ליטעראַרישער שעפערישקייט, און האָט אַרויסגעגעבן, און גיט אַרויס, דעם „קינדער זשורנאַל“, וואָס ווערט געלייענט איבער גאָר דער וועלט פון די טויזנטער קינדער (עס זיינען, גאָט צו דאַנקען, נאָך אַלץ דאָ טויזנטער אַזעלכע), וואָס לערנען יידיש אין יידישע טאָג־ און צוגאָב־שולן — דער דאָזיקער יובל באַרעכטיקט צו פרייד מיט דעם פאַרמעסט, וואָס איז אַליין שוין דערגרייך און מיט דער אָפּגעטוענער עבודה, וואָס איז נישט געבליבן אָן רעזולטאַטן.

עס האָבן געבויט יידישע שולןביידע גרויסע פראָטערנאַלע אָרדנס אונדזערע, דער אַרבעטער־רינג און דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, און ביידע האָבן דאָס געטאָן מיט אידעאָלאָגישער טענדענץ. די עיקר־אידייע פון אַרבעטער־רינג איז געווען סאָציאַליזם און די הויפּט־כוונה פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד — ציוניזם.

דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט דער ערשטער אין דער יידיש־וועלטלעכער אַמעריקע געבויט שולן לשמה, אָן שום דרויסנדיקער טענדענץ, נאָר „קונסט צוליב קונסט“, יידישע שולן צוליב דער יידיש־דערציאונג פון די יידישער קינדער אין אַמעריקע.

די ערשטע יידישע שול אין ניו־יאָרק האָט אויפגעשטעלט יואל ענטין ז״ל, וואָס איז געווען איינער פון די גרעסטע אידייאישע עקשנים אין דער אַמעריקאַנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. דאָס איז געווען מיט אַכט־און־פופציק יאָר צוריק, סוף 1910. די שול איז געווען לויט איר אידעאָלאָגיע אַ פועלי־ציוניסטישע.

אין נאָוועמבער, 1913, האָט אַ גרופּע יידן, בראש מיטן באַוואוסטן בראָנקסער פאָלקס־דאָקטאָר יחיאל קלינג ע״ה, וואָס האָבן נישט באַלאַנגט צו קיין פּאַרטיי, נאָר זיינען געווען בלויז חובבי יידיש, באַשלאָסן צו גרינדן נאָך אַ שול, וואָס זאָל זיין „אַנדערש“ ווי ענטינס. אַנדערש דערמיט, וואָס זי האָט געלייגט דעם טראָפּ פון דערציאונג נישט אויף אידעאָלאָגישער צוגרייטונג פון די קינדער, נאָר אויף יידיש לשמה. פון דער דאָזיקער שול און נאָך אַנדערע פיר שולן, וואָס זיינען געווען אַנדערש ווי ענטינס, איז לויט דער איניציאַטיווע פון לייבוש לעהרער ז״ל, געגרינדעט געוואָרן אַן אינסטי־טוט, אויף צו קאָאָרדינירן און פאַרוואַלטן די שוין פאַראַנענע „אַנדערע“

שולן, וואָס האָבן זיגט דער פּטירה פון אונדזער גרויסן הומאָריסט אין 1916, געהייסן שלום עליכם שולן, און אויף צו בויען נייע שולן.

די אמתע אַנדערשקייט פון די שלום עליכם שולן איז געוואָרן אַנזעעוודיק מיטן אויפקום פון די אַרבעטער־רינג־שולן, די אַרבעטער־רינג־שולן, וואָס אַ גרופּע נאַציאָנאַל־געשטימטע צווייגן האָבן קעמפּעריש דורכגעזעצט קעגן דעם קאָסמאָפּאָליטיזם פון די גרינדער און עלטערע פירער פון דעם פּראָטערנאַלן אַרבעטער־אָרדן, האָבן אין דעם קוריקולום פון די שולן געלייגט דעם טראָפּ אויף סאָציאַליזם און אַנטי־קלעריקאַליזם. אי זייער אייגענע איבערצייגונג און אי די מורא פאַר די שטרענגע אַנטי־קלעריקאַלע גענאָסן פון פייגענבוימס חדר און פון די אויסגעהאַלטענע קאָסמאָפּאָליטן פון אייב קאַהאַנס לאַגער האָט זיי דיקטירט זיך אָפּצוגרענעצן פון אַזעלכע לימודים, ווי העברעאיש און חומש.

דער שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט איז געגאַנגען דעם מיטלוועג צווישן אַרבעטער־רינג און נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, דעם מיטלוועג צווישן יעקב לעווין און יואל ענטין.

דער אידעאָלאָג און דער וואָרטזאָגער פון דעם פאָלק־אינסטיטוטס אַנ־דערשקייט איז געווען לייבוש לעהרער ז״ל. לייבוש לעהרער איז אין דער געשיכטע פון דער יידיש־דערציאונג אין אַמעריקע געווען דער שטענדיקער זוכער פון אַ סינטעז צווישן וועלטלעכקייט און טראַדיציע.

ער, לייבוש לעהרער, האָט דאָס אויסגעאַרבעט די פּרינציפּן, וואָס דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט אָנגענומען אויף זיין קאָנפערענץ אין יאָר 1927. אין די פּרינציפּן ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז „די שפּראַך פון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה איז יידיש און איר קולטור איז די מאָדערנע יידישע קולטור און איר בליק אויף דער וועלט איז בהסכם מיט די רעזולטאַטן פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג״.

דאָס איז דער פּרינציפּ נומער איינס. אָבער שוין דער נומער צוויי איז, אַז „די יידישע רעליגיעזע מנהגים זיינען אַ טייל פון אונדזער דורות־לאַנגן פאָלקס־שאַפן. העברעאיש און יענע טיילן פון דעם יידישן שאַפן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט העברעאיש (אַראַמעאיש) געהערן צו אונדזער נאַציאָנאַלן קול־טור־אוצר״.

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז שוין לויט די פּרינציפּן פון 1927 אַקצעפּטירט דער פאָלק אינסטיטוט, אַז תנ״ך און גמרא געהערן צום קולטור־אוצר, וואָס דאַרף איבערגעגעבן ווערן דעם קינד אין די יידיש־וועלטלעכע שולן.

אין די פּרינציפּן פון 1927 ווערט אין לעצטן פּאַראַגראַף ממש קלאָר־זעעוודיק גערופן צו אַ פּאַראייניקונג פון אַלע ריכטונגען אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט. „די פאַרשיידנקייטן פון מיינונגען באַרעכטיקט די פּאַרטיי־גרופּירונגען אין דער יידיש־וועלטלעכער געזעלשאַפט, אָבער צוליב דער עקאָנאָמיע פון די באַגרענעצטע כוחות, ווי אויך צוליב דער פּרינציפּיעלער

געוואונטשנקייט פון צוזאַמענאַרבעט, דאַרפן מיר זוכן צו פאַראייניקן ווי ווייט מעגלעך אַלע יידיש-וועלטלעכע עלעמענטן לטובת אונדזער קולטור און אונדזער שול״.

און דער גאַנג האָט אין די פערציק יאָר זינט דעמאָלט געפירט צו פאַראייניקונג נישט בלויז מחמת „דער עקאָנאָמיע פון באַגרענעצטע כוחות״, נאָר קודם-כל, צוליב דעם בשותּפותן אידייאישן וועג, אויף וועלכן אַלע דריי ריכטונגען פון יידיש-וועלטלעכע שולן האָבן בהכרח אונטערן דרוק פון דער צייט און פון אירע געשעענישן געמוזט זיך פאַרנעמען.

אין דער פּרינציפּן-דעקלאַראַציע פון דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט פון יאָר 1927, פעלט איין וויכטיקער פּרינציפּ, וואָס איז היינט-צו-טאָג אַן עיקר אין דער יידיש-וועלטלעכער דערציאונג, כ׳מיין: דער מקוים געוואָרענער היסטאָרישער חלום פון אַ יידישער מדינה.

ישראל איז היינט אַ יש אין דעם לערן-קוריקולום פון די שלום עליכם שולן און פעלט אויך נישט אין די לימודים פון די אַרבעטער-רינג-שולן. פון די פאַרבאַנד-שולן איז דאָך אָפּגערעדט.

דער ארץ-ישראל-פּרינציפּ איז היינט-צו-טאָג גילטיק פאַר אַלע דריי יידיש-וועלטלעכע שול-ריכטונגען. וואָס שייך דעם פאָלק אינסטיטוט איז גענוג אַריינצוקוקן אין דעם באַריכט צו דער היי־יאָריקער שול-קאָנפערענץ פונעם איצטיקן עקזעקוטיוו-סעקרעטאַר, שואל גוטמאַן, כדי צו זען, מיט וואָס פאַראַ התלהבות ער דערציילט די דעלעגאַטן וועגן די געשעענישן אין און אַרום ישראל.

אָבער אין דעם דאָזיקן באַריכט פון דעם פירער פון פאָלק אינסטיטוט איז אויך צו זען, וואָס פאַר אַ ווייטן מהלך די שלום-עליכמיסטן זיינען אָפּגעגאַנגען אויף דעם וועג פון סינטעז צווישן וועלטלעכקייט און טראַדיציע, ווי עס האָט דאָס מיט זיי פערציק יאָר לאַנג געקנעלט לייבוש לעהרער ז״ל. אין דעם פּאַראַגראַף פיר פון דעם באַריכט זאָגט שואל גוטמאַן צו די חברים-דעלעגאַטן: „מיר מוזן אָנהייבן אַרויסגעבן אַ וועלטלעכן ׳מחזור׳ מיט אָנווייזונגען און מאַטעריאַלן פאַר יעדן יום-טוב, פּונקט ווי מיר האָבן די הגדה אויף פּסח״.

די הגדה איז שוין אַ קנין אויך ביי דעם פּרעכטיקן דריטן סדר פון די אַרבעטער-רינג-שולן. איצט גייט דער וועג צום מחזור. דער וועגווייזער צו דעם סינטעז פון וועלטלעכקייט און טראַדיציע איז פאַר די פופצן יאָר געווען דער פאָלק אינסטיטוט. די דאָזיקע וועגווייזערישקייט באַשיינט זיין יובל.



V.

# לערער און טוער
# אין שלום עליכם
# פֿאָלק אינסטיטוט

# פרעזידענטן פון ש״ע פאָלק אינסטיטוט

| | | |
|---|---|---|
| יעקב דוד בערג | שמואל ניגער | ד״ר ש. עלסבערג |
| יצחק בראקארזש | עדי סאָלאָמאָן | אפרים פאָגעל |
| יצחק מילבויער | ד״ר שלמה סיימאָן | דוד שיין |

# צענטראַלע טוער און לערער וואָס זיינען אַוועק אין דער אייביקייט

פון י. זילבערבערג

איך וועל פּרואוון אויפלעבן אין מיין זכרון די פּיאָנערן, טוער און לערער וואָס האָבן געהאָלפן אויספורעמען דאָס אייגנאַרטיקע געשטאַלט פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. דער יידיש־פאָלקסטימלעכער איינשטעל פון די שלום עליכם פאָלקשולן האָט זיך אויסקריסטאַליזירט בהדרגה.

איך האָב אָנגעהויבן לערנען אין די שלום עליכם פאָלקשולן דעם 15טן יוני 1923. דעמאָלט האָב איך שוין ניט באַגעגנט ל. האָלמשטאָקן, איינעם פון די גרינדער פון „קינדער זשורנאַל" און פון „קעמפּ בויבעריק"; ער איז אַוועקגעפאָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און דאָרטן ווייטער זיך אָפּגעגעבן מיט יידישער פּעדאַגאָגיק. אויף דער ערשטער לערער־ראַט־זיצונג, וואָס איך האָב בייגעוואוינט אין אָנהייב יוני 1923, זיינען בייגעווען: ליפּע לעהרער, יצחק קרעמען, ח. י. ליפּשיץ, א. גאָלדמאַן, אברהמל קאַפּלאַן, ה. קאַפּלאַן — מחבר פון „יידישער דעקלאַמאַטאָר", יוסף וואָל און י. קאַמינסקי, וואָס איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער שלום עליכם פאָלקשול נומער איינס, און פאַר־וואַלטער פון „קינדער זשורנאַל".

די גרעסטע צאָל לערער אין די שלום עליכם שולן זיינען פאַרבליבן אין די שולן ביז זיי זיינען אַוועקגעריסן געוואָרן אין מיטן פון זייער אַקטיווער דערציאונג־טעטיקייט. און עס איז אַ חסד של אמת אָנצואווייזן דאָס אָרט, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, און דאָס זעלבע אויך בנוגע די שול־טוער.

## ליבוש לעהרער

(געבוירן דעם 16טן אַפּריל 1887 — געשטאָרבן דעם 17טן סעפּטעמבער 1964)

אין יוני 1923 האָב איך געזען לייבוש לעהרערן לערנען אין דער שלום עליכם פאָלקשול פיר, אין בראָנקס. ער האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק מיט זיין ערנסטן אויסזען און מיט זיין האַלטונג. איך האָב באַמערקט, אַז אויך די תלמידים זיינען „באַאיינדרוקט".

לייבוש לעהרער איז געווען צווישן די ערשטע צו נוצן דעם טערמין — „יידיש־וועלטלעך". ער האָט קלאָר מסביר געווען וואָס מען דאַרף פאַרשטיין אונטער דעם באַגריף „יידיש־וועלטלעכע סביבה". אַזוי טאָקע הייסט אַ קאַ־

פיטל אין זיין בוך „די מאָדערנע יידישע שול“, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1927. דאָס דאָזיקע בוך איז נאָך איצט איינס פון די אינפאָרמאַטיווסטע ביכער וועגן אויפקום, געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שול.

לייבוש לעהרער קען מיט רעכט באַטראַכט ווערן ווי דער טעאָרעטיקער און פּראַקטישער דערציער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. במשך פון די צענדליקער יאָרן, וואָס ער איז געווען דער דירעקטאָר פון דער שלום עליכם מיטלשול און קעמפּ „בויבעריק“, האָט ער אַוועקגעלייגט זיין חותם אויף אַלע דערציאונגס־אינסטיטוציעס פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. לייבוש לעה־רער האָט דערצויגן עטלעכע דורות מיטלשולניקעס און „בויבעריקאַנער“, וואָס האָבן אין זיך איינגעזאַפּט יידישע מנהגים, טראַדיציע און בכלל יידיש־קייט־אידעאַלן. זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט יידישע גייסטיקייט, וואָס איז פאַרוועבט און פאַרוואָרצלט טיף אין זייערע נשמות.

## יעקב דוד בערג

(געבוירן 26סטן דעצעמבער 1888 — געשטאָרבן 17טן יוני 1963)

ווען יעקב דוד בערג האָט פאַרלאָזט זיין געבוירנשטאָט בזשעזשין (פּוילן), איז ער שוין געווען געניגע גייסטיק רייף אַז דאָס גאַנצע טראַדיציאָנעלע לעבן און די כלערליי טיפּן זאָלן זיך איינקריצן אין זיין זכרון.

בזשעזשין, און דערנאָך די ישיבה־יאָרן, האָבן אַרויפגעלייגט אויף אים אַ באַשטימטן חותם, און אים געמאַכט פאַר אַ באַוואוסטזיניקן גאַנצן ייד. בטבע אַ ייד מיט חסידישער התלהבות, האָט יעקב דוד בערג געבראַכט מיט זיך אומעטום, וואו נאָר ער איז געקומען, וואַרעמקייט, אמונה און בטחון. ווען ער איז נאָך געווען אין די פריע צוואַנציקער, האָט ער געוואַנדערט; ער איז אַ צייט לאַנג געווען אין די סקאַנדינאַווישע לענדער און דערנאָך האָט ער זיך אויף עטלעכע יאָר באַזעצט אין לאָנדאָן.

בערג האָט ליב געהאַט די יידישע ליטעראַטור און אַלצדינג וואָס גייט מיט יידיש לשון — אונדזער גאַנץ פאַרצווייגט יידיש קולטור־לעבן. אַ חסיד פון זיינע יוגנט־יאָרן אָן, איז ער אין די רייפע יאָרן געוואָרן אַן אָנהענגער פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. בערגס הויפּט־ליבע איז בלי שום ספק געווען דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער איז אַ סך מאָל געווען דער פּרע־זידענט פון אינסטיטוט און דער אינספּירירנדיקער גייסט פון די וויכטיקסטע אויפטואונגען אין אינסטיטוט.

אין 1948 האָט ער אין בענסענהורסט, ברוקלין, צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער שלום עליכם פאָלקשול, אויפגעבויט אַ פּאַסיקן בנין, וואָס איז געוואָרן אַ יידישע טאָגשול. ער האָט מיטגעהאָלפן אין דעם אויפבוי פון דער שלום עליכם פאָלקשול 21, אין די בראָנקס. זיינער אַ וויכטיקער אויפטו איז געווען די גרינדונג פון „די יעקב בערג־קאַטעדרע פאַר יידיש און יידישער קולטור“ אין דעם בראַנדייס־אוניווערסיטעט.

## ליפּע לעהרער

(געבוירן אין 1890 — געשטאָרבן אין 1963)

ליפּע לעהרער איז געווען צווישן די גרינדער און אַקטיווע בויער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. אין משך פון זיין באַוואוסטזיניק לעבן איז ער געווען נישט בלויז אַ נאה דורש, נאָר אויך אַ נאה מקיים; איידער ער האָט געבעטן אַז יענער זאָל עפּעס טאָן, האָט ער קודם־כל אַליין געטאָן.

ליפּע לעהרער איז געשטאַנען אין שריפטלעכער פאַרבינדונג ניט נאָר מיט די מערסטע יידישע שרייבער און יידישע אָרגאַניזאַציעס פון גאָר דער וועלט, נאָר מיט הונדערטער יידישע מענטשן; ער איז אין אַ געוויסן פּרט געווען דער אַמבאַסאַדאָר פון יידישלאַנד. צו אים האָט מען זיך געווענדט מיט כלערליי אָנפראַגן, עצות און בקשות — און פון דעם פּשוטסטן ביז דעם חשובסטן האָט ער תיכף געענטפערט און דערליידיקט זיין ענין. ער האָט אויפגעבויט דעם „קינדער־זשורנאַל" און פאַרלאַג „מתנות", וואָסביידע זיינען געוואָרן אַ שם־דבר בכל תפוצות ישראל. ער איז במשך פון פיר צענדליק יאָר געווען דער אָנפירער פון די ביידע אינסטיטוציעס, און די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל". ער האָט פאַראינטערעסירט יידישע שרייבער, אַז זיי זאָלן אויך שאַפן פאַרן יידישן קינד. און אין „קינדער־זשורנאַל" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ גאַנצע קינדער־ליטעראַטור.

דער פאַרלאַג „מתנות" האָט זיך געמאַכט אַ שם אין דער יידישער וועלט מיט זיינע מוסטערהאַפטיקע אויסגאַבעס פון אָנגעזעענע יידישע שריפטשטע־לער. די אויסגאַבעס צייכענען זיך אויס מיט זייער פיינעם געשמאַק; עס פילט זיך ליפּע לעהרערס באַציאונג צום יידישן וואָרט, און זיין דרך־ארץ פאַר דעם יידישן דיכטער. ליפּע לעהרער האָט געהאַט אַ חוש פאַר יידיש לשון, און יעדער וואָרט האָט ער אָפּגעהיט, און עס האָט געמוזט דורכגיין דורך זיין האַנט, און אפשר וואָלט געווען ריכטיקער צו זאָגן: דורך זיין נשמה און האַרץ.

## ד"ר יחיאל קלינג

ד"ר קלינג איז געווען צווישן די סאַמע ערשטע טוער אין שלום עליכם

פאָלק אינסטיטוט; ער איז געווען צווישן די גרינדער פון דער בראָנקסער שלום עליכם פאָלקשול צוויי, וואָס איז בשעתה געווען באַרימט מיט דער גרויסער צאָל קינדער, וואָס האָבן זיך אין איר געלערנט. אין דער צייט ווען שלמה בערקאָוויטש איז דאָרטן געווען דער לערער, האָבן זיך אין שול גע־לערנט עטלעכע הונדערט קינדער. די שול האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ קליין הייזל מיט בלויז איין גרויס קלאַס־צימער. שפּעטער האָט די שול זיך אַריבערגעקליבן אין אַן אייגענער גרויסער געביידע, מיט עטלעכע קלאַס־צימערן און אַ גרויס ביבליאָטעק־צימער. די שול צוויי איז דעמאָלט באַטראַכט

געוואָרן פאַר איינער פון אונדזערע גרעסטע שולן, אויך אַ דאַנק איר פאַר־צוויגטער שול־טעטיקייט.

ד״ר קלינג איז געווען צווישן די ערשטע פרעזידענטן פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ד״ר קלינגס היים — אויך אַ דאַנק זיין פרוי, בערטאַ קלינג — איז געוואָרן, אין אמתן זינען פון וואָרט — אַ בית וועד לחכמים. יידישע שרייבער, באַזונדערס „די יונגע״, פלעגן זיך אָפט פאַרזאַמלען אין זייער היים און פאָרלייענען זייערע לידער און דיסקוטירן. די באַלעבאָסטע, די דיכטערין בערטאַ קלינג, פלעגט אויפנעמען די יידישע דיכטער מיט גרויס כבוד. ד״ר קלינג האָט פאַראינטערעסירט יידישע שרייבער אין דער שלום עליכם שול־באַוועגונג.

## משה און שרה גורין

מ. גורין איז געווען אַ זעלטענער טיפּ פון אַן אינטעליגענטן יידישן פאָלקס־מענטש. ער האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר יידישע פערזענלעכ־קייטן און יידישע קולטור־ווערטן; אַזוי גורין, און אַזוי זיין פרוי שרה.

מ. גורין האָט באַקליידט צוויי צענטראַלע אַמטן אין דער שלום עליכם שול־באַוועגונג. ער איז געווען יאָרנלאַנג דער קאַסירער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, און אויך דער קאַסירער פון דער שלום עליכם מיטלשול. זיין פרוי, שרה, איז געווען זייער טעטיק אין דער פרויען־צענטראַלע.

ביידע זיינען געווען איבערגעגעבן בלב ונפש דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט און אַלע זיינע צווייגן. אין אַן עת־צרה, ווען עס איז געווען אַ פינאַנציעלער קריזיס — און דאָס איז געווען אַן אָפטע דערשיינונג — פלעגט מ. גורין „לייזן דאָס פּראָבלעם״: אָדער ער האָט אויסגעליען די סומע אין וועלכער מען האָט זיך געניטיקט, אָדער געגעבן „נאָך אַ ביישטייערונג״. פרוי גורין, אַן אמתע יידישע אַריסטאָקראַטקע, און משה גורין האָבן דערצויגן קינדער צו גאָט און צו לייט. זיי האָבן זיך געלערנט אין אונדזערע שולן און זיי פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער אַקאַדעמישער וועלט.

## י. קאַמינסקי

יהושע קאַמינסקי איז זיין גאַנץ לעבן געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער שול־באַוועגונג. ער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט און איז געווען דער פּאַקטישער גרינדער פון צוויי צווייגן פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט: פאַרלאַג „מתנות״ און „קעמפּ בויבעריק״. ער איז געווען אויך דער מיטגרינדער פון „קינדער־זשורנאַל״.

י. קאַמינסקי האָט געשריבן הונדערטער לידלעך און מעשהלעך פאַר קליינע קינדער און פאַר עלטערע תלמידים. י. קאַמינסקי האָט אַריינגעבראַכט זיין אייגענעם מאַניער אין זיינע לידלעך, מעשהלעך, מעשיות, שפּילן און

שפילערייען. הגם ער האָט גענוצט אַ גאַנץ אידיאָמאַטישן און צומאָל אויך אַ רייכן יידיש, איז דאָך זיין לשון חנעוודיק, שפּילעוודיק און לייכט. ער האָט אויך געקענט די קונסט פון דערציילן אַ מעשה פאַר קינדער מיט שפּאַנונג און פאַנטאַזיע.

דאָס שרייבן פאַר קינדער איז געווען בלויז איין אַספּעקט פון י. קאַמינסקיס רייכער שול־טעטיקייט. י. קאַמינסקי איז קודם־כל געווען אַ שול־טוער. דאָס איינשאַפן גוטע בענקלעך פאַר שול־קינדער איז ביי אים געווען כמעט אַזוי וויכטיק ווי שרייבן פאַר זיי גוטע לידלעך. ער האָט פריער גוט אויסגעפּרוואווט דאָס בענקל צי עס וועט זיין באַקוועם פאַרן תלמיד צו זיצן.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז י. קאַמינסקי האָט געהאַט אַ היפּשן חלק, אויב נישט אין דער גרינדונג, איז אין דער אָנפירונג פון „קינדער־זשורנאַל". וואָרעם דער אמתער גרינדער פון „קינדער־זשורנאַל" איז געווען דער פּעדאַגאָג ל. האָלמשטאָק.

## ד"ר שלמה סיימאָן

(געבוירן געוואָרן דעם 4טן יולי 1895 — געשטאָרבן דעם 8טן נאָוו. 1970)

ד"ר שלמה סיימאָן איז געווען איינער פון די בויער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, און רעדאַקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל" במשך אַ ריי יאָרן. צווישן די יאָרן 1940—1955 איז ער עטלעכע מאָל געווען דער פּרעזידענט פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער איז געווען צווישן די אַקטיווסטע פאַרוואַלטער פון שלום עליכם פאָלקשול 15, און פאַר אַ פערטל יאָרהונדערט האָט ער געלערנט תנ"ך מיט אַן ערך פינף מיניבים יידן. ער איז אַלע יאָרן געווען אַ מיטאַרבעטער פון „קינדער־זשורנאַל", און דאָרטן פאַרעפנטלעכט „שמערל נאַר", „דאָס קלוגע שניידערל", „די העלדן פון כעלם", „ראָבערטס ווענטורעס", און אַ ריי אַנדערע דערציילונגען. די אַלע דערציילונגען זיינען דערנאָך דערשינען אין ביכער, אין פאַרלאַג „מתנות", ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

אין די לעצטע פינף יאָר איז שלמה סיימאָן געווען פאַרטאָן ראשו־ורובו אין צוגרייטן דעם תנ"ך אויף ענגליש, ער האָט באַוויזן צו פאַרענדיקן און אַרויסגעבן דעם חומש און נביאים ראשונים. נאָך מיט העכער צוויי צענדליק יאָר צוריק איז אין פאַרלאַג „מתנות" דערשינען שלמה סיימאָנס „חומש פאַר קינדער", „יהושע און שופטים", „אין די טעג פון די ערשטע נביאים". אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר האָט שלמה סיימאָן זייער אָפט געשריבן וועגן יידישקייט־פּראָבלעמען; באַזונדערס קומט צום אויסדרוק זיין יידישער וועלט־באַנעם אין זיינע ווערק „תוך יידישקייט", „יידן צווישן פעלקער", „אויף אייגענע דרכים" און „אמונה פון אַ דור", וואָס איז דערשינען ערב ראש־השנה פון יאָר 1970.

## ש. ניגער
**(1955 — 1883)**

ש. ניגער איז געווען צווישן די שרייבער וואָס האָבן זייער אָפּט באַשיינט די באַנקעטן פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט און אָפט אויך די ימים־טובים פון די פאָלקשולן. ער האָט אויך איין מאָל באַקליידט די פרעזידענט־שאַפט פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

ש. ניגער איז גאַנצע 28 יאָר, פון 1920 ביז 1947, געווען דער רעדאַקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל״. ער האָט סטימולירט יידישע שרייבער זיי זאָלן שרייבן פאַרן יידישן קינד, און יידישע שרייבער האָבן גערן געוואָלט, און טאַקע געהאַלטן פאַר אַ כבוד, זיך צו דרוקן אונטער זיין רעדאַקציע.

איך ווייס נישט ווי רעדאַקטאָרן זיינען זיך נוהג ביים רעדאַקטירן און פאַרעפנטלעכן ווערק פון שרייבער; איך בין אָבער יאָ געווען אַ ביסל באַקאַנט (אַ דאַנק דעם וואָס איך בין געווען אין דער רעדאַקציע־קאָמיסיע), ווי אַזוי ש. ניגער האָט זיך נוהג געווען ביים רעדאַקטירן אַלץ וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „קינדער־זשורנאַל״. ער פלעגט אויסבעסערן, ווען מען האָט געדאַרפט, די דערציילונגען, לידער, שפּילן, מעשהלעך, ווי אַ גוטער און געוויסנהאַפטיקער לערער פאַרריכט אַ קאָמפּאָזיציע פון אַ תּלמיד; און ווי אַ מענטש מיט טאַקט און ראַפינירטקייט, פלעגט ער די אויסגעבעסערטע זאַך צוריקשיקן צום מחבר און אים פרעגן צי ער איז מסכּים אויף דעם.

די גאָר גוטע זאַכן, וואָס מען האָט געשיקט פאַרן „קינדער־זשורנאַל״ און וואָס זיינען אים שטאַרק געפעלן, פלעגט ער נאָך פון כּתב־יד פאַרלייענען פאַר זיינע צוויי קינדער ליבע און וואַווע. איך געדענק (אַזוי ווי די ש. ניגער־משפּחה האָט געוואוינט ווייט פון אַ יידישער שול, האָב איך מיט זיינע קינדער אַ צייט לאַנג פּריוואַט געלערנט אין זייער היים) מיט וואָס פאַר אַ פרייד זיינע קינדער פלעגן דערוואַרטן דעם טאַטנס פאַרלייענען.

לאָמיר דאָ אויך דערמאָנען אַ צאָל אַנדערע שרייבער, וואָס זיינען אָפט געווען געסט אין דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט און אין די שלום עליכם פאָלקשולן. אין דער ערשטער ריי דאַרף דערמאָנט ווערן אברהם רייזען. ער איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי די ימים־טובים אין אַלע אונדזערע שולן און אַלע מאָל אַריינגעבראַכט פרייד און דערהויבנקייט סיי ביי די תּלמידים און סיי ביי די דערוואַקסענע. ליבע און אָפטע געסט אין די שולן זיינען געווען: יעקב גלאַטשטיין, אפרים אויערבאַך, א. גלאַנץ־לעיעלעס, ה. לייוויק, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי און נ. ב. מינקאָוו.

## ישראל גויכבערג
**(געבוירן אין 1894 — געשטאָרבן אין יוני 1970)**

י. גויכבערג איז געווען אַ לערער אין די שלום עליכם פאָלקשולן כּמעט

פופציק יאָר; ער איז אויך געווען אַ מיטאַרבעטער און מיט־רעדאַקטאָר אין „קינדער־זשורנאַל" במשך אַ סך יאָרן.

י. גויכבערג איז געווען אַ זעלטענער לערער. ער האָט פאַרוואַנדלט די שול וואו ער האָט געלערנט אין אַ היכל. אַפילו ווען די שול האָט זיך געפונען אין אַ „בעיסמענט" אָדער „סטאָר"; און דער צופאַל האָט אַזוי געוואָלט, אַז ער זאָל תמיד לערנען אין אָרעמע געגנטן. ער האָט יאָרנלאַנג געלערנט אין וויליאַמסבורג און דערנאָך אין בראַנזוויל; ווען מען איז אָבער אַריינגעקומען פון דער טומלדיקער גאַס אין קלאַס־צימער, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען איז אין אַ מקום קדוש.

י. גויכבערג איז געווען באַגאַבט מיט אַ סך מעלות ניט בלויז ווי אַ לערער און פאָעט, נאָר אויך אין נגינה, אין מאָלן, צייכענען, כתיבהן, אין איינשטודירן און אויסשטאַטן מיט אַלע קליפּערלעך אַ קינדער־שפּיל, צי אַפילו אַ פאָרשטעלונג פאַר דערוואַקסענע. ביי י. גויכבערגן איז לערעריי געווען אַ נאַציאָנאַלע שליחות, אַ הייליקע אַרבעט; ער איז אין זיין לערנען און אין זיין באַנעמען זיך מיט קינדער, צי מיט דערוואַקסענע, אַלע מאָל געווען נאַטירלעך. י. גויכבערג איז געווען אַ לערער־קינסטלער און געהאַט אַן איינפלוס אויף יינגערע און עלטערע תלמידים. זיינע תלמידים האָבן געהאַט אַ גרויסע פּעולה אין לערנען, ווייל ער איז אין זיין לערעריי געווען געוואַלדיק אָפּגעהיטן און ערלעך. קינדער, ווי יונג זיי זאָלן נישט זיין, דערפילן אינטואיטיוו ערלעכקייט.

י. גויכבערגס לערנען האָט געהאַט אַ שם אין לערער־קרייזן. ער האָט צוגעוואוינט זיינע תלמידים צו רעדן און לייענען יידיש. ער האָט געקענט זיצן שעהן־לאַנג און אויסזוכן פּאַסיקן לייען־מאַטעריאַל אויף צו לייענען אין דער היים פאַר יעדן תלמיד באַזונדער לויט זיינע פעאיקייטן. און האָט י. גויכבערג צוגעגרייט אַ יום־טוב, האָט ער אים אַריינגעבראַכט אין שול אַריין, סיי אין בילד, סיי אין שריפטלעכע אַרבעטן, מיט וועלכע ער האָט באַצירט דעם קלאַס־צימער, סיי אין די פּאַסיקע געמעלן און אין דער יום־טוב אַטמאָספערע, וואָס ער האָט געשאַפן.

עס איז כמעט ניט פאַראַן קיין יידיש לערנבוך, וואו עס זאָלן זיך ניט געפינען י. גויכבערגס לידער. אין 1948 האָט י. גויכבערג רעדאַגירט אַ קינדער לידער־בוך מיט שיינע אילוסטראַציעס און שיינע נאָטן — „די גאָלדענע פאָווע". דאָרטן געפינען זיך צענדליקער לידער פון יידישע פאָעטן, וואָס האָבן געשריבן פאַר קינדער.

## דוד שיין

דוד שיין — ה. לייוויקס שוואָגער — איז געווען אַ קאַלירפולער שלום־עליכמניק. ער איז געווען אַ קענער און ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור.

דוד שיין איז בעיקר געווען פאַרבונדן מיט דער בראָנקסער שלום עליכם פאָלקשול נומער צוויי, בעת זי האָט זיך געפונען אין אַן אייגענעם גרויסן בנין. דוד שיין איז אָבער געווען פאַראינטערעסירט אין דער גאַנצער שול־באַוועגונג. ער איז געווען עטלעכע צענדליק יאָר אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט און צו זיין וואָרט האָט מען זיך שטאַרק צוגעהערט.

## יוסף פאָגל

צו יוסף פאָגל האָב איך אַ באַזונדערן וואַרעמען סענטימענט. מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער שול־טעטיקייט אין איין צייט, דעם 15טן יוני, 1923: איך ווי דער לערער פון דער שלום עליכם פאָלקשול עלף — און ער ווי דער פאַרוואַלטער פון דער שול.

די שול האָט זיך געפונען אין האַרץ פון בראַנזוויל, אויף פיטקין עוועניו. בראַנזוויל איז דעמאָלט געווען אַן עיר ואם בישראל, עס האָט געברויזט מיט יידיש לעבן, מיט תלמוד־תורות, מיט ישיבות, מיט גרויסע יידישע געשעפטן און כלערליי יידישע אינסטיטוציעס.

די שול האָט זיך אין גיכן אַריבערגעקליבן אויף ריווערדייל עוועניו, און דערנאָך אויף האפקינסאָן עוועניו אין אַן אייגענער הייזקע מיט אַ גאָרטן. די שול איז געוואָרן איינע פון די גרויסע שולן מיט העכער הונדערט תלמידים און מיט אַ געהילף־לערער. די געזאַנג־לערער אין דער שול זיינען געווען ב. זאַסלאַווסקי, דערנאָך לאַזאַר ווייגער און אויך פאָזנער. אהרן גודעלמאַן האָט געלערנט די תלמידים צייכענען, מאָלן און סקולפּטור, און די באַקאַנטע טאַנץ־לערערין פרוי פאקס האָט געלערנט טאַנצן.

יוסף פאָגל איז אַלע יאָר געווען דער פאָרזיצער פון דער שול 11 און אָנגעפירט מיט די פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייטן. מיט דער צייט איז פאָגל געוואָרן איינער פון אונדזערע וויכטיקע צענטראַלע טוער אין שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער איז געווען אַ פאָלקס־אינטעליגענט אין שענסטן זינען פון וואָרט. במשך פון עטלעכע צענדליק יאָר איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, און דער פאָרזיצער פון דער שלום עליכם מיטלשול.

## יצחק בראקארש

יצחק בראקארש האָט אָנגעהויבן זיין שול־טעטיקייט ווי אַ פאַרוואַלטער פון דער שול 13, אָבער ער איז גיך געוואָרן אַ צענטראַלער טוער אין שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער איז יאָרנלאַנג געווען אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. עטלעכע יאָר איז ער געווען דער קאַסירער פון אינסטיטוט, און איין מאָל איז ער אויף אַ שול־קאָנפערענץ

אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע. אַ נאָמען האָט ער זיך אָבער געשאַפן ווי דער פאַרוואַלטער פון קעמפּ בויבעריק.

אין דער צייט פון י. בראַקאַרשס פאַרוואַלטערשאַפט זיינען איינגעפירט געוואָרן אַ ריי אויסבעסערונגען. ווען יצחק בראַקאַרש האָט זיך צוריקגעצויגן, און די בויבעריק־קאָמיסיע האָט אויסגעקליבן זיין זון יאַנקל איבערצונעמען די פאַרוואַלטונג פון קעמפּ, האָט ער געהאַט די גרויסע סאַטיספאַקציע, וואָס דער קעמפּ איז געווען גוט איינגעאָרדנט, און אויך פינאַנציעל אויף אַ געזונטן באָדן.

## ל. כאַנוקאָוו

ל. כאַנוקאָוו האָט געלערנט אַ סך יאָרן אין דער שלום עליכם פאָלקשול נומער 1. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער לערער און געהאַט אַן איינפלוס אויף תלמידים און דערוואַקסענע. ל. כאַנוקאָוו איז געווען אַ באַגאַבטער נאָוועליסט און זיינע נאָוועלן ווי „דער מענטש", „סובמאַרין" זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ סך לויב. כאַנוקאָוו איז אויך געווען אַ פיינער עסייאיסט און אַ סקולפּטאָר.

ל. כאַנוקאָוו האָט אויך געלערנט מיט גרויס דערפאָלג יידישע ליטעראַטור אין דער שלום עליכם מיטלשול. זיינע געוועזענע תלמידים, וואָס פאַרנעמען וויכטיקע פּלעצער אין יידישן און אין אַלגעמיינעם לעבן, דערמאָנען אים מיט ליבשאַפט. דאָס איז די גרעסטע באַלוינונג פאַר אַ יידישן לערער.

## מ. בזשאָזע

מ. בזשאָזע איז עטלעכע יאָר געווען דער סעקרעטאַר פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער איז אויך עטלעכע מאָל געווען דער קולטור־דירעקטאָר פאַר דערוואַקסענע אין קעמפּ בויבעריק, און איןביידע צענטראַלע אינסטיטוציעס האָט ער געטאָן נוצלעכע אַרבעט. מ. בזשאָזע האָט זיך אָבער באַזונדער אויסגעצייכנט ווי דער לערער פון שלום עליכם פאָלקשול נומער 17, אין קאָני איילענד, ברוקלין.

די שול אונטער זיין אָנפירערשאַפט האָט געהאַט אַ שם אין אונדזער באַוועגונג. דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט אַפילו איין מאָל דורכגעפירט די יערלעכע שול־קאָנפערענץ אין די צימערן פון דער שול. די שלום עליכם קאָני־איילענדער שול האָט געהאַט אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער, וואָס איז אויפגעטראָטן אויף שול־קאָנצערטן. מ. בזשאָזע איז געווען אַ גוטער רעדנער און לעקטאָר, און די שולן פלעגן אים אָפט פאַרבעטן צו האַלטן לעקציעס.

## שלמה בערקאָוויטש
(1954 — 1888)

שלמה בערקאָוויטש איז געווען איינער פון די פּיאָנערן־לערער און קולטור־טוער אין קאַנאַדע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין דער צייט

ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין לערערשע קאַריערע האָט מען געדאַרפט נישט בלויז לערנען מיט קינדער, נאָר אויך אָרגאַניזירן די שול, אָנפירן מיט דער פאַרוואַלטונג, און שאַפן אַליין די פּעדאַגאָגישע מאַטעריאַלן.

שלמה בערקאָוויטש האָט פאַרמאָגט דעם טאַלאַנט פון אַ לערער־פירער וואָס האָט געקענט באַגייסטערן מענטשן, און זיי צוציען צו דער אַרבעט. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט פּערעיאַסלעוו, די שטאָט פון שלום עליכמען. אין 1903 איז בערקאָוויטש אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל, און אין 1910, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידיש־וועלטלעכע שול אין מאָנטרעאָל, איז ער געוואָרן איר לערער. זיבן יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן דער לערער און דער פירער פון די פילאַדעלפיער אַרבעטער־רינג־שולן.

אין יאָר 1923 קומט בערקאָוויטש קיין ניו־יאָרק, וואו ער ווערט דער לערער פון דער שלום עליכם פאָלקשול 2, בראָנקס, און אַ בויער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. די שלום עליכם שול 2 איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע שול מיט אַ פאַרצווייגטער קולטור־טעטיקייט, מיט אַן אַקטיווער פאַרוואַלטונג וואָס האָט איינגעשלאָסן אַ צאָל אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן. צוליב זיין פּאָפּולאַריטעט און אויפטוערישקייט ווערט בערקאָוויטש באַשטימט ווי דער סעקרעטאַר פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

זיין געזונט ווערט אונטערן דרוק פון דער אַרבעט אַלץ מער אָפּגעשוואַכט, און ער מוז דערפאַר אויפגעבן לערעריי, און פירערשאַפט. באַזעצט ער זיך אין לאָס־אַנדזשעלעס; אָבער אויך דאָ לייגט ער צו אַ האַנט צו אַלע דערציאונג־ און קולטור־טעטיקייטן אין שטאָט.

סוף דעצעמבער, 1954, איז ער אַוועק אויף אייביק, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ גוטן נאָמען, פון אַן אומדערמידלעכן פּיאָנער־לערער און קולטור־עסקן, וואָס האָט מיט לייב־און־לעבן געאַרבעט פאַר יידישער דערציאונג אין אַמעריקע.

## מ. גארעליק

מ. גארעליק איז געווען צווישן די ערשטע שול־טוער אין שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער טוער אין דער שלום עליכם שול נומער איינס, און אַ מיטגליד אין דער שול־קאָמיסיע. ער פלעגט אָפט באַזוכן די פאַרוואַלטונגען און סטימולירן די שול־טעטיקייט. ער איז אַ סך יאָרן געווען אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

צו זיין זיבעציק־יאָריקן יובילעי האָט אים דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט באַערט מיט אַ גרויסאַרטיקן באַנקעט אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אונדזער גאַנצע שול־באַוועגונג. אויך חברה גארעליק איז געווען אַקטיוו אין אונדזער שול־באַוועגונג און איז געווען באַליבט ביי אַלעמען.

## י. מ. גודעלמאַן

י. מ. גודעלמאַן איז געווען אַ לערער אין אונדזערע שולן, פריער אין „די בערג" — אין עלענוויל, און דערנאָך אין די ניו־יאָרקער שלום עליכם פאָלק־שולן. פאַר אַן ערך פינף יאָר איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. י. גודעלמאַן האָט זיך באַטייליקט אין „קינדער־זשורנאַל" מיט איבערזעצונגען פון העברעאיש. ער האָט אויך געשריבן אייגענע מעשיות און יום־טוב־שפילן. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט געשיכטע־העפטן פאַר אונ־דזערע פאָלקשולן, לויט ש. דובנאָווס „געשיכטע פון יידישן פאָלק". י. גודעל־מאַן איז אויך געווען אַ יאָר צייט דער דירעקטאָר פון דער ש"ע „טאָגשול" און שלום עליכם פאָלקשול נומער 6. אויך פרוי גודעלמאַן איז געווען אַקטיוו אין דער פרויען־אָרגאַניזאַציע פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

## שרה ליבערט

שרה ליבערט איז געווען צווישן די אַקטיווסטע מיטגלידער אין דער שלום עליכם פרויען־צענטראַלע. זי איז עטלעכע טערמינען געווען די פּרעזי־דענטין פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע. שרה ליבערט איז אויך געווען אַ לערערין אין אונדזערע שולן. זי האָט איין צייט געלערנט אין דער בראָנקסער שלום עליכם פאָלקשול 2, צוזאַמען מיט לייבוש לעהרערן. שרה ליבערט האָט געשריבן שפּילן, מעשיות און דער יום־טוב־מאַטעריאַלן פאַר די קלאַסן. זי איז געווען באַליבט אין אַלע אונדזערע שולן צוליב איר איבערגעגעבנקייט און געטריישאַפט. שרה ליבערט פלעגט זיין אַן אָפטער גאַסט אין אונדזערע שולן און אויפטרעטן מיט איינלייטונגען וועגן קינדער־דערציאונג. זי איז די מחברין פון אַ לערנבוך, וואָס דער פאַרלאַג „מתנות" האָט אַרויסגעגעבן. דאָס בוך איז געלערנט געוואָרן מיט דערפאָלג אין אונדזערע שלום עליכם פאָלק־שולן, און אין אַנדערע יידישע פאָלקשולן.

## יעקב לייבוש ראַבינער

יעקב לייבוש ראַבינער איז געשטאָרבן אין 1948 אין עלטער פון 50 יאָר. ער איז געשטאָרבן בשעת ער איז געווען דער דירעקטאָר פון דער שלום עליכם טאָגשול. זיין טויט האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער אין דער גאַנצער יידישער דערציאונגס־סביבה.

י. ל. ראַבינער איז געווען פאַרטאָן מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים אין אויפבויען די ערשטע יידישע טאָגשול פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער איז געווען אַ פּעדאַגאָג, וואָס האָט פאַרמאָגט ערודיציע און טאַלאַנט.

י. ל. ראַבינער האָט געשטאַמט פון אוקראַינע פון אַ רבנישער משפחה. אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן איז ער געקומען קיין אַמעריקע. דאָ, אין אַמעריקע, האָט ער ממשיך געווען זיין יידישע און אַלגעמיינע בילדונג. ער

האָט געהערט צו דעם טיפּ מענטשן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן נישט אויפ־געהערט צו לערנען.

י. ל. ראַבינער איז צוואַנציק יאָר געווען פאַרבונדן מיטן שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, ווי אַ לערער אין די פאָלקשולן, מיטלשול און צום סוף אין דער טאָגשול. ער האָט געהאָפט אַז ווען ער וועט אַמאָל זיך קענען באַפרייען אויף אַ יאָר־צוויי פון לערעריי, וועט ער אָנשרייבן אַ פונדאַמענטאַל ווערק וועגן ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. אָנשטאָט זיך „באַפרייען פון לערעריי״, איז ער אין לעצטן יאָר אין גאַנצן פאַרשקלאָפט געוואָרן צו איר. און די לערער און טוער האָבן באַוויינט זיין יונג פאַרשניטן לעבן.

## לייבוש שפּיטאַלניק

לייבוש שפּיטאַלניק איז געשטאָרבן דעם 13טן יוני 1962.

קרוב צו פערציק יאָר איז שפּיטאַלניק געווען פאַרבונדן מיטן שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. ער האָט געשטאַמט פון פּאָדאָליע, פון אַ חסידיש־באַלעבאַטישער משפּחה. צו פינף יאָר איז ער געוואָרן אַ יתום און זיין פרומער זיידע איז געווען זיין ערשטער רבי. ביז קרוב זיבעצן יאָר האָט ל. שפּיטאַלניק פאַרבראַכט אין פּאָדאָליע, לערנענדיק ביי די בעסטע מלמדים און אויך אַלגע־מיינע לימודים אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע.

ל. שפּיטאַלניק האָט יאָרנלאַנג געלערנט אין דער שלום עליכם פאָלקשול 15. ער האָט פאַרוואַנדלט די שול אין אַ בית־המדרש, וואו אויך דערוואַקסענע האָבן געלערנט, סיי וועגן „הכוזרי״, וועגן חיים נחמן ביאַליק, וועגן די פּיוטים פון מחזור און וועגן אונדזערע מאָדערנע פּאָעטן.

לייבוש שפּיטאַלניק האָט איבערגעזעצט און באַאַרבעט קינדער־מעשיות פון עגנון, ביאַליק, בערקאָוויטש, און פון אַנדערע יידישע שרייבער. לייבוש שפּיטאַלניק האָט ניט בלויז געטראַכט וועגן זיין אייגענעם צער און גורל אויף גאָטס ערד, נאָר יידיש פאָלק און יידיש לאַנד זיינען געווען אַ טייל פון זיין גאַנצן יידישן מהות. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער.

# פיאָנערן און בויער אין אַלע צווייגן פון ש. ע. אינסטיטוט

אפרים און חנה אויערבאך
חברים איטקין
מנשה אונגער
י. אייבראַהמס
פּ. אייבראַהמס
מאַניע אייזענבערג
דוד אייזענמאַן
חברים אייזענשטאַט
חברים איינבינדער
דזשעק איינבינדער
ל. אַליצקי
חברים אַסטראָף
הילדאַ אָפּאַטאָוו
אַדעל אָפּאַטאָשו
חברים אַפּעלבוים
חברים אקון
י. אַראָנסאָן
ל. באַטווינִיק
חבר באָנעק
ל. באָראָוויק
חברים באַרטשענקאָ
שרה באַריישאָ
יודל און לאה באָרנשטיין
חברים בוטשער
אסתר בורשטיין
מ. בזשאָזע
ז.ביידער
מ. בלאָק
יעקב און דינה בלאַנק
י. בלום
מ. בלום
יצחק בן־צבי
חברים ס. בעקער
איזב בערג
יעקב דוד בערג
לואי בערג
חברים סידני בערג
חברים בערגרין
חברים בערלאַנד
חברים בערנשטיין
דוד בערקינגאָף
יצחק און גאָלדע בראַקאַרזש
דזשעק און סילוויע בראַקאַרזש
י. ברייגער
חברים בריסמאַן
א. בריסקין
ישראל און שרה גאָטליב
ד״ר בנימין און מלכה גאָטליב
ד״ר יונה און ביילע גאָטעסמאַן
חברים גאָלדבלאַט
חברים גאָלדבערג
שלמה גאָלדמאַן
איידאַ גאָלדמאַן
א. ל. גאָלדמאַן
משה גאָלדשטיין
חברים גאָלדשייד
י. גאָר
מיכל און גיטל גאָרעליק
י. מ. גודלמאַן
מילי גודמאַן
לייבל און פּרוי גוטמאַן
שואל און שרהקע גוטמאַן
י. גויכבערג
משה און שרה גורין
הערי און איידאַ גילדין
דוד גילדין
מאָטל גילדין
לייבל גילדין
עמיל און פּרוי געלבער
חברים געסעלאָוו

חברים געצאָף
ב. גערשען
חברים גרים
ב. גרינבלאַט
י. גרינבלאַט
אברהם און העלען גרינהויז
מאַרווין גרינהויז
מאַקס און ליבע גרעקין
שושנה דאַוויד
חברים י. דאָבקין
בען דאָבקין
חוה דאָבקין־פּאָרעם
חברים דיין
פרוי דיטאָן
ס. דינגאָל
חברים דיסמאַן
פייווע האָלמשטאָק
ל. האָלמשטאָק
יונה האַראָו
ריטשאַרד האַראָו
מענדל און מרים האָפמאַן
נ. האָראָוויץ
מ. הייבלום
חברים הילדעס
י. העלמאַן
א. הערמאַן
יוסף וואָל
משה און פרידע וואָלעצקי
שלום און צירל וואָלעצקי
אלים וואָל
דזשין וואָל
ל. וואָלפּאָוו
לאַזאַר וויינער
חברטע וואָלפּום
ז. וויינפּער
מ. וויינבערג און פרוי
חברים מאָרט וויינבערג
חברים י. וויים
חברים וויסבלאַט
מ. וויסאָקי און פרוי
חבריםווישנער

נ. זאַסלאַווסקי
חבר זאַכאַרין
אסתר זאַפראַן
זאַקי און אסתר זאַכאַריע
חברים זאַקס
חברים זאַר
חברים זאַרעצקי
חברים זינגמאַן
י. זילבערבערג
נח זינגמאַן
י. זעלטשענקאָ
וולאַדימיר חפץ
י. טאַבאַטשניק
פרידע טאַבאַטשניק
עזרא און פרוי טאָלפּין
מ. טאָלפּין
חברים טאַראָווסקי
י. טווערסקי און פרוי
י. טעוולין
ה. משעסין
מרדכי יאַפע
י. יורבערג
יצחק יורקאָוויטש
י. כאַבאָצקי
ל. כאַנוקאָוו
פּעסיע כהנא־ביאַלאָסטאָצקי
חברים לאַנג
אייב לאַנדאַו און פרוי
ל. לאַנדאַו
חברים לאַנדין
חברים לאָנקי
פאַניע לאַפּין
שרה ליבערט
ה. לייוויק און פרוי
י. ליפשיץ
חברים ישעיה ליפשיץ און פרוי
חברים הערי ליפּקאָוויץ
משה און בלומע לעדערהענדלער
לייבוש און שרה לעהרער
דוד לעהרער
ליפּע לעהרער

